פּאָרטרעט פון מחבר:
איילבילד פון מאָלער **בען**, פּאַריז

צייכענונגען פון **יעקב אַדלער**

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
פאַני זאַק און קינדער

אַברהם זאַק

# אונטער די פליגל פון טויט

## „פּאָניע גנב“

באַערונג־קאָמיטעט בײַם יידישן קולטור־קאָנגרעס
בוענאָס אײַרעס, אַרגענטינע

תל־אביב תשמ״ב 1982

# אַברהם זאַק ז״ל

דער דיכטער אַברהם זאַק, ז״ל, וואָס זײַן שעפערישער סטאַזש האָט געדעקט כּמעט דרײַ פערטל פון אונדזער נײַער ליטעראַטור־געשיכטע, האָט אָנגעהויבן ווי אַ ראָמאַנטיקער און אַזאַ איז ער געבליבן ביז צום סוף פון זײַן לעבן. ווי אַ ראָמאַנטיקער איז ער געגאַנגען מיט שטילע טריט און האָט זעלטן ווען אויפגעהויבן צו הויך זיין לירישע שטים און ווי אַ ראָמאַנטיקער האָט ער אין זיין ליד געבראַכט צום אויסדרוק די אינערלעכע נשמה־וועלט פון פּאָעט מיט אַלע אירע אינדיווידועלע באַזונדערקייטן און אייגנשאַפטן. ווי די דיכטער לייב נײַדוס און זוסמאַן סעגאַלאָוויטש האָט ער אין זײַן פּאָעזיע געשטעלט דעם טראָפּ אויף די געפילן, שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן פון דעם יחיד וועלכן דער ראָמאַנטיזם האָט געגעבן בירגער־רעכט אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט און האָט אים פּראָקלאַמירט ווי דעם צענטראַלן אָביעקט פון דער דיכטערישער דערקענטעניש און דער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג.

אַברהם זאַק האָט געשטעלט זײַנע ערשטע ליטעראַרישע שריט נאָך דעמאָלט ווען איבער דער ייִדישער ליטעראַטור האָט געפלאַטערט דער הייסער פליגלפאָך פון פּרצעס גײַסט. דער ראָמאַנטיזם פון זאַקן איז שוין אָבער געווען ווײַט פון פּרצעס ראָמאַנטיק און אַפילו פון דער ראָמאַנטיק פון דוד איינהאָרן, הגם ביידע — דער ראָמאַנטיזם פון פּרצן און דער ראָמאַנטיזם פון איינהאָרנען — זענען געווען די טרעפּ אויף וועלכע עס איז אויפגעשטיגן דער נייער דיכטער־דור וואָס אַברהם זאַק איז געווען איינער פון זײַנע צוזאָגנדיקסטע נעמען.

וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דעם ראָמאַנטיזם פון דעם פּאָעטישן דור מיט וועלכן זאַק איז געקומען אין אונדזער ליריק? עס האָט אים בעיקר כאַראַקטעריזירט די שטרעבונג פון דעם שאַפערישן יחיד זיך צו באַפרייַען פון די קאָלעקטיווע שליחותן, אָדער שליחותן פאַרן קאָלעקטיוו מיט וועלכן עס האָט געאָטעמט דאָס געזאַנג פון די פריִערדיקע דיכטער. דער דאָזיקער דור האָט פונקט ווי די „יונגע" אין אַמעריקע מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פונעם פּאָעט צו זינגען נאָר וועגן זיך אַליין און נאָר וועגן זייַנע דורכויס אייגענע נשמה־איבערלעבונגען. ניין, דאָס איז נישט געווען קיין קונסט לשם קונסט, קיין זינגען בלויז צוליבן געזאַנג. דאָס איז געווען די איינשטעלונג אַז אויב די קונסט האָט אַ מיסיע און די מיסיע איז צו אַנטפּלעקן דעם מענטש מיט אַלע זייַנע פאַרוויקלטקייטן און קאָמפּליצירטקייטן, דאַרף דער דיכטער קודם־כל אַנטפּלעקן זיך אַליין, קודם־כל ברענגען צום אויסדרוק דאָס פאַרהוילענע אין זיך גופא און אָט אַזוי, אַרויסגייענדיק פון פּרט דערגרייכן צום כּלל, דאָס הייסט: אַרויס־גייענדיק פון מענטש דערגרייכן צו דער מענטשהייט.

אַרייַנברענגענדיק אין דער דיכטונג נייַע פאָרמען און אַ נייַע טעמאַ־טיק זענען אָבער די דיכטער פון דעם דאָזיקן דור נישט אַנטלאָפן, ווי די ראָמאַנטיקערס ביי אַנדערע פעלקער, פון דער ווירקלעכקייט און דאָס מיינט קאָנקרעט: פון דער ייִדישער ווירקלעכקייט. זיי זענען אויך נישט אַנטלאָפן פון ייִדישן כּלל און פון זייַנע פּראָבלעמען. זיי, די ייִדיש־ראָמאַנטישע דיכטערס, האָבן געלעבט מיטן כּלל און האָבן טיף איבערגעלעבט זייַנע ווייטיקן. זיי האָבן אָבער זייער שייכות צו דער ווירקלעכקייט און צום כּלל אַרויסגעבראַכט אויף אַן אייגענעם אופן, דורך דער פּריזמע פון זייער „איך" וואָס איז פאַר זיי געווען דער שפּיגל אין וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די וועלט אַרום זיך; די וועלט אויף וועלכער זיי האָבן זיך באַקלאָגט, די וועלט קעגן וועלכער זיי האָבן רעוואָלטירט און פּראָטעסטירט, אָבער אויך די וועלט וועלכע זיי האָבן געבענטשט פאַר אירע שיינקייטן, פאַר אירע

דערהויבנקייטן פון וועלכע זיי האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט צו געניסן.

אַברהם זאַק איז זײַן גאַנץ פּרוכטיק און שעפעריש לעבן געבליבן געטרײַ דער דאָזיקער שיטה. ער איז תּמיד און אומעטום געווען און געבליבן דער דיכטער וואָס זינגט וועגן שטימונגען, געפילן און געדאַנקען אויף וויפל זיי האָבן געהאַט אַ שייכות צו אים דירעקט. ער האָט רעאַגירט אויף דערשײַנונגען אויף וויפל זיי האָבן באַרירט זײַנע יחידישע האַרץ־סטרונעס. זײַן ליד איז תּמיד געווען דער פּראָדוקט פון אַן אינדיווידועלער איבערלעבונג. בײַ דעם אַלעם איז ער אָבער נישט געווען קיין ווירקלעכקייטס אַנטלויפער און ער איז קיין מאָל נישט אַוועק צו דעם אינדיווידואַליסטישן עקסטרעם וואָס שאַפט אַ תּהום צווישן דעם זינגער און די צוהערערס פון זײַן געזאַנג. אַדרבה, לויט זײַן איבערצײַגונג איז אָט דער אופן פון פאַרטיפן זיך אין זיך, פון אַנטפּלעקן לעיני כּל עם ועדה זײַנע געפילן, זײַנע געמיט־צושטאַנדן און אַפילו זײַנע קאַפּריזע שטימונגען געווען דער בעסטער אופן צו דערפילן די מיסיע וואָס די קונסט דאַרף דערפילן. דער פּאָעט איז לויט זאַקן געווען דער וואָס לעבט איבער און אַנטפּלעקט זײַן איבערלעבונג, אָבער דערמיט העלפט ער צו דעם אַז אַ סך אַנדערע זאָלן דערקענען זייערע אייגענע איבערלעבונגען, במילא אויך זייער אייגענעם „איך". לויט דער דאָזיקער שיטה איז דאָס געווען דער זין פון מיצקעוויטשעס לײַדן פאַר אַ מיליאָן און דאָס איז געווען דער גלויבן פון די ראָמאַנטיקערס אַז וואָס מער דער פּאָעט גראָבט אין זיך, וואָס מער ער זינגט וועגן זיך און וועגן די זאַכן וואָס געהערן כּלומרשט צו דער ספערע פון זײַן פּריוואַטקייט, אַלץ מער דערזעען מיר זיך אין אים, אַלץ מער דערפילן מיר זיך אין אים און אַלץ מער שפּיגלען מיר זיך אָפּ אין אים. דאָס ליד זײַנס ווערט דעמאָלט אַלץ מער און מער דאָס געזאַנג פון אַנדערע מענטשן. ווי האָט געזאָגט דער פראַנצויזישער פּאָעט לאַמאַרטען? „איך זינג וועגן זיך. קום נענטער וועסטו דערקענען זיך".

אַ ראיה דערצו אַז אַברהם זאַק איז קיין מאָל נישט געווען קיין ווירק־

לעכקייטס־אַנטלויפער ווי געוויסע ראָמאַנטיקערס ביי אַנדערע פעלקער, איז דער פאַקט וואָס ער איז באַרימט געוואָרן מיט זיין ראָמאַן „אונטער די פליגל פון טויט" וואָס איז געווען ממש דער ערשטער אַנטי־מלחמה־ראָמאַן אין דער וועלט־ליטעראַטור פון יענער צייט. אין דער פאָרעם און לויט דעם ווי ער שילדערט זיינע אינדיווידועלע איבערלעבענישן, איז דאָס דאָזיקע ווערק דורכויס אַ ווערק פון אַ ראָמאַנטיקער וואָס וויכט פון געשריי, פון רעטאָריק, פון מוסר־השׂכּל און פון סאָציאַל־פּאָליטישע לאָזונגען. אָבער אין סאַמע תּוך איז דאָס אַ ווערק וואָס פאַראורטיילט די מלחמה־שחיטות, די אַכזריות פון מענטש לגבי זיינע מיטמענטשן, די טעמפּע גע־האָרכזאַמקייט פון די מאַסן וואָס לאָזן זיך אָפּנאַרן און זענען מקריב אויפן מזבח פון מלחמה־מולך דאָס שענסטע און דאָס וויכטיקסטע וואָס זיי פאַר־מאָגן — דאָס לעבן.

נאָך דעם גרויסן חורבן וואָס אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט איז זאַק געוואָרן דער מקונן פון דעם פאַרשניטענעם און פאַרברענטן נעכטן. אין ליד און אין פּראָזע האָט ער געשילדערט דעם ביטערן וויי פון פליטים וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון פייער, דעם פיין פון די שׂרידי־החרב וואָס זענען געבליבן לעבן, אָבער וואָס לעבן מיט קברים אין זייערע הערצער און דער צעשטויבטער אַש פון די מיליאָנען קדושים לייגט זיך מיט אַ פיינפולער שווערקייט אויף זייער נשמה. גאַנץ באַזונדערס האָט זאַק פאַראייביקט אין זיינע ווערק וואָס ער האָט געשריבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה דאָס רשעות און די געמיינקייטן קעגן מענטש בכלל און קעגן די יידן בפרט, דאָרט ווו מיר אַלע האָבן אַ מאָל געהאָפט און געגלויבט צו געפינען גערעכטיקייט און אַ לייזונג פון די סאָציאַלע פּראָבלעמען; זיין צוויי־בענדיק־ווערק „קנעכט זענען מיר געווען" געהערט צו די בעסטע קינסטלערישע דאָקומענטן וואָס זאָגן עדות וועגן דעם גרויל וואָס עס האָבן איבערגעלעבט די פּוילישע יידן וועלכע זענען געלאָפן אין סאָוויעט־רוס־לאַנד כּדי צו זוכן שוץ קעגן דייטש.

די דאַזיקע צוויי טעמעס, דער חורבן־גרויל וואָס היטלער האָט גורם געווען און די אַכזריות לגבי אונדז פון דער סאָוויעטישער פערפידיע, האָט אַבֿרהם זאַק געשענקט דעם גרעסטן טייל פון זײַן שאַפערישער ענערגיע זײַט דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ געוויסע צייט איז ער אַפילו געווען ווי אָבסעסיאָנירט פון דער דאָזיקער ייִדישער פאָלקס־טראַגיק און זי האָט דאָמינירט אין זײַן שאַפן, סײַ אין דער פּאָעזיע, סײַ אין דער פּראָזע. ער איז אָבער נישט געבליבן בלויז בײַם באַוויינען דעם חורבן, אָדער בײַם דעמאַסקירן די סאָוויעטישע שקרים וועגן דעם גליק וואָס זיי ברענגען דעם מענטש, נאָר ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיטן רעסטאַווּרירן אין אַ ליטע־ראַריש־מעמואַריסטישער פאָרעם דאָס אַמאָליקע ייִדישע לעבן און איבער־הויפּט — דאָס ייִדיש־ליטעראַרישע לעבן אין אַמאָליקן פּוילן. זײַנע זכרו־נות וועגן דעם געוועזענעם ייִדיש־ליטעראַרישן צענטער אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, ווײַזן אונדז אין וואָס עס איז באַשטאַנען די גרויס־קייט פון „טלאָמאַצקע 13" וועלכע האָט מיט זיך סימבאָליזירט און אָפּגע־שפּיגלט בזעיר־אַנפּין דאָס פּוילישע ייִדנטום וואָס איז דעמאָלט אָן ספק געווען דער אַוואַנגאַרד פון דעם וועלט־ייִדנטום אויף אַלע געביטן פון גײַסטיקן לעבן.

די דאָזיקע זכרונות־דאָקומענטאַציע האָט זאַק גענומען אויף זיך ווײַל ער האָט געוואָלט, ווי ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, דערגרייכן צוויי צילן: ערשטנס האָט ער געוואָלט מאַניפעסטירן און דערמאָנען וואָס מיר האָבן פאַרלוירן און צווייטנס האָט ער געגלויבט אַז די דורות נאָך אונדז דאַרפן וויסן וואָס זיי זאָלן ירשענען, כּדי צו בלײַבן אַ רינג אין דער קייט פון דער ייִדישער גײַסטיקייט און פון ייִדישן שאַפן. לײַדער האָט ער נישט איין מאָל זיך געפילט אַנטוישט ווען ער האָט געזען אַז נאָך דעם ווי ער האָט אַזוי גרונטיק באַוויזן די רײַכקייט פון דער ירושה האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעזוכט די דאָזיקע וואָס זאָלן וועלן זײַן יורשים.

ווי דער רוב ייִדישע דיכטערס אין זײַן צײַט האָט אויך זאַק מיטגעזונ־

גען דאָס געזאַנג צו מדינת ישׂראל וואָס האָט זיך געוועבט אין דער ייִדי־שער פּאָעזיע איבער דער גאָרער וועלט. זאַק האָט אין אַ סך פון זײַנע פּאָעטישע שאַפונגען אַרויסגעבראַכט זײַן באַגײַסטערונג מיט דעם נס פון דער מדינה־אַנטשטייונג וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ שווערן, קריטישן מאָמענט פון אונדזער פאָלקס־לעבן און האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף אונדזער לעבנס־ווילן און קאַמף פאַר דעם ווײַטערדיקן קיום. ווי אַ סך אַנדערע ייִדישע דיכטערס האָט אָבער אויך אַברהם זאַק אונטער־געשטראָכן די געמיינזאַמקייט צווישן דעם דאָרט און דעם דאָ, צווישן דעם איצט און דעם אַמאָל. „פון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישׂראל, עס ציט זיך איין ייִדישער פּראָנט" — האָט ער געזונגען אין איינעם פון זײַנע לידער און דערמיט איז ער אויסן געווען צו באַטאָנען די המשכדיקייט פון דער ייִדישער געשיכטע און דערבײַ זיך אָנטקעגן־שטעלן די כּנענישע טענדענצן וואָס האָבן זיך דאַן באַוויזן אין דער מדינה; טענדענצן וועלכע האָבן געוואָלט איבעררײַסן דעם געשיכטלעכן פאָדעם וואָס בינדט דאָס יונגע ישׂראל מיט די צוויי טויזנט יאָר גלות און איר קולטור.

ווי געזאָגט איז אַברהם זאַק געווען אַ זייער ווערסאַטילער שרײַבער און הגם ער איז אָנגענומען געווען דער עיקר ווי אַ פּאָעט, האָט ער אָבער נישט קיין קלענערע קינסטלערישע דערגרייכונגען געהאַט אויך אויף אַנדערע פעלדער פון זײַן שעפערישקייט. ער האָט, ווי דערמאָנט, געשריבן לידער און דערציילונגען, מעמואַרן און מאמרים, סײַ וועגן שרײַבערס, סײַ וועגן ביכער און סײַ וועגן סתם ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע ענינים. ער האָט זיך אַפילו יאָרן־לאַנג פאַרנומען מיט רעדאַגירן די פּעריאָדישע שריפט פון דער גראָדנער לאַנדסמאַנשאַפט צו וועלכער ער האָט געהערט ווי אַ געבוירענער און דערצויגענער אין דעם שטעטל אַמדור, נעבן גראָדנע און ער האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט עטלעכע אַנטאָלאָגיעס געווידמעט דער טעמע פון חורבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

זאַק האָט דעביוטירט אין יאָר 1908 מיט אַ ליד וואָס האָט שוין גע־

טראָגן אין זיך אַלע סימנים פון דעם שפּעטערדיקן ראָמאַנטיקער. בכלל איז דאָ כּדאי צו באַמערקן אַז ווען מען לייענט דעם אָפּקלײַב פון זײַנע לידער אונטערן נאָמען „פון אַלע מײַנע יאָרן" וואָס דער דיכטער גופא האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1975, מוז מען קומען צו דעם איבערראַשנדיקן אויספיר אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ דיכטער וואָס איז ביז זײַן סאַמע סוף געבליבן דער זעלביקער וואָס ער איז געווען אין זײַן אָנהייב. אפשר זענען זײַנע שפּעטערדיקע לידער רײַפער געוואָרן אין טעכנישער הינזיכט, אָבער אין פּרט פון זייער פּאָעטישער דיקציע, אין פּרט פון זייער לעקסיק און בילדערישקייט איז זייער דיכטער געבליבן אין זײַן זקנה דער אייגענער וואָס אין זײַן יוגנט. זאָק האָט זיך כּמעט נישט געביטן. אין זיין יוגנט האָט ער נאָך עקספּערימענטירט מיט פאַרשידענע פּאָעטישע פאָרמען און ריטמען. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער אַפילו דאָס אויך שוין נישט געטאָן. ער איז, דאַרף מען זאָגן, ערנסטער און טרויעריקער געוואָרן און עס קען זײַן אַז דערפאַר האָט ער מער קיין געדולד נישט געהאַט צו די פּאָעטישע שפּילערײַען מיט וועלכע ער האָט זיך, פּונקט ווי זײַן חבר נײַדוס, אָפּגע־געבן אין דער יוגנט.

ווי אין דעם לעבן פון אַלע פּאָעטן פון זײַן דור האָט די צווייטע וועלט־מלחמה און דער חורבן פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום געבראַכט אַן איבערברוך אין זײַן שאַפן. דער ראָמאַנטיקער איז געוואָרן אַ טראַגיקער, דער זינגער פון צאַרטע עלעגישע געפילן און שטימונגען איז געוואָרן דער באַוויינער און באַקלאָגער פון אַ דריטל פון זײַן פאָלק וואָס איז אומגע־קומען אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס פון דעם נאַצישן רשע. זאַקס לידער וואָס ער האָט געשריבן זײַט זײַן בוך „מיטן אַש אויפן קאָפּ" וואָס איז דערשינען באַלד נאָך דער מלחמה אין פּוילן, זענען געווען די קינות פון דעם הײַנטצײַטיקן ייִד אויף דעם גרעסטן חורבן אין זײַן געשיכטע. דערפאַר קען מען זאָגן אַז דער דיכטער האָט זײַן קלאָג און געוויין אַרײַנגעוועבט אין דער אַלגעמיינער פאָלקס־קינה וואָס די ייִדישע

דיכטונג האָט געשאַפן כּדי דורות זאָלן געדענקען דאָס וואָס ס'איז אונדז געשען. ער האָט זיך איינגעשלאָסן אין דער חברותא פון די ייִדישע דיכטערס מיט זיין פערמאַנענטקייט, מיט זיין טרייַשאַפט צו דער חורבן־טעמע. אויף אים קען מען זאָגן אַז אַלץ, אַלץ וואָס ער האָט געשריבן נאָך דעם חורבן איז געווען, אויב נישט דירעקט געווידמעט דעם חורבן, איז געזען דורך דער פריזמע פון חורבן און אונטער זיין מוראדיקן איינדרוק.

ווי אַ באַזונדערן פאַרדינסט פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור דאַרף דערמאָנט ווערן אַברהם זאַקס זאָרג פאַר דעם ליטעראַרישן עזבון פון זיין יוגנט־חבר דעם דיכטער לייב ניידוס. דער דיכטער לייב ניידוס וואָס האָט געשטאַמט פון אַ ייִדיש־פריציש דאָרף נעבן גראָדנע און האָט זיך פאַרחברט מיט זאַקן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין גראָדנע, איז, ווי מיר ווייסן, זייער יונג געשטאָרבן און אַברהם זאַק האָט זיין חברס טויט זייער שווער איבערגעלעבט און כאָטש ניידוס איז שוין דעמאָלט געווען גענוג באַקאַנט ווי אַ פּאָעט, וואָלט ער אָבער קיין מאָל נישט פאַרנומען די פּאָזיציע וואָס ער פאַרנעמט הייַנט צו טאָג אין אונדזער ליטעראַטור ווען זאַק זאָרגט נישט צו פאַרעפנטלעכן די פּאָעטישע שריפטן וואָס ניידוס האָט איבערגעלאָזט און וועלכע זענען נאָך נישט געווען אין ערגעץ פאַרעפנט־לעכט. זאַק אַליין דערציילט אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע ווי אַזוי ער האָט אויפן בית־עולם אין גראָדנע, ביים קבר פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענעם פריינד געגעבן זיך אַ נדר צו זאָרגן דערפאַר אַז אַלע שריפטן פון ניידוסן זאָלן באַקומען אַ תּיקון צווישן די טאָוולען פון ביכער. דעם דאָזיקן נדר האָט ער מקיים געווען און שוין אין עטלעכע יאָר אַרום, אין די צוואַנצי־קער יאָרן, זענען דערשינען אַלע ווערק פון דעם דיכטער לייב ניידוס און זאַק האָט אויך אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע פון זיין פריינד וועלכע האָט געהאָלפן באַנעמען די באַזונדערקייט פון זיין פּאָעטיש געשטאַלט. מען קען און מען מעג אַברהם זאַקן נאָכזאָגן דעם שבח אַז ער האָט זיין יוגנט־חברס ליטעראַרישע פּאָזיציע באַפעסטיקט אין אונדזער ליטעראַטור און ער האָט

אויך דאָס גאַנצע לעבן געזאָרגט דערפאַר אַז מען זאָל אים נישט פאַרגעסן. ער פלעגט זייער אָפּט אַליין שרײַבן וועגן אים און פלעגט אויך אַכטונג געבן אַז עס זאָל וועגן אים געשריבן ווערן. די זעלביקע געטרײַשאַפּט האָט מען געקענט מערקן אויך שפּעטער ווען עס איז פּלוצים געשטאָרבן דער דיכטער ישׂראל אַשענדאָרף וואָס איז געווען זאַקס אַ פּיל ייִנגערער חבר. אויך נאָך אַשענדאָרפס טויט האָט זאַק אַלץ געטאָן כּדי זײַנע פאַר־בליבענע שריפטן זאָלן דערשײַנען און דורך דעם זאָל זײַן פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור נישט פאַרמינערט ווערן. זאַק האָט דאָס אַלץ געטאָן אי מחמת פרײַנדשאַפט צו די פאַרשטאָרבענע און אי צוליב זײַן אַחריות־געפיל פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט געהאַלטן אַז אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ייִדיש דאַרף אָפּגעהיטן ווערן לדורות. זאַק איז געווען אַ געטרײַער זון פון דער מאַמע ייִדיש. און דער גורל פון ייִדיש איז אים באַטירלעך שטאַרק אָנגעגאַנגען. דער ראָמאַנטישער, אָפּט מאָל פעסימיסטישער אַברהם זאַק פלעגט ווערן קעמפעריש ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עוולות וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן ייִדיש און קעגן דער ייִדישער ליטעראַטור. אין קאַמף פאַר דער חשיבות פון ייִדיש און פאַר דער פּאָזיציע פון ייִדיש פלעגט ער צו מאָל אַ ביסל מגזם זײַן, ווי דאָס טוען אָפּט מענטשן וועלכע פאַרטיידיקן אַן ענין וואָס איז זיי שטאַרק צום האַרצן און האַלטן אים פאַר לעבנס־וויכטיק.

מיט דעם טויט פון אַברהם זאַק האָט די ייִדישע ליטעראַטור פאַר־לוירן אַן עדות פון איר ראַשיקער אַנטוויקלונג און אַ מיטבויער פון איר גרויסקייט. ער איז געשטאָרבן זאַט אין יאָרן און אין ליטעראַרישער אָנער־קענונג. ער האָט אָן ספק פאַרדינט אַז מיר זאָלן אים געדענקען און בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן — דערמאָנען.

1981

יצחק יאַנאַסאָוויטש

מיטן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך ווערט דערפילט די צוואָה פון דעם נפטר. זי ווערט דערפילט דורך זײַן טרײַער לעבנס־באַגלייטערין פאַני רעמס־זאַק, וועלכע האָט אויך אײַנגעשטעלט אַ פּרעמיע אויף זײַן נאָמען און זאָרגט פאַר דער אויפהיטונג פון זײַן עזבון און אַרכיוו.

דאָס בוך נעמט אַרײַן אין זיך אַברהם זאַקס באַרימטן ראָמאַן „אונטער די פליגל פון טויט" (דער ראָמאַן האָט געהערט צו די ערשטע אַנטי־מלחמה־ווערק אין דער וועלט נאָך דעם ערשטן וועלטקריג און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשידענע שפּראַכן), ווי אויך די דערציילונג „פאַניע גנב". די אַרויסגעבערס האָבן זיך דערלויבט צו ענדערן בלויז די אָרטאָגראַפיע און דער אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס וואָס אין זײַן פאַרלאַג דערשײַנט דאָס דאָזיקע פּאָסט־מאָרטעם־בוך, דאַנקט אַלעמען וואָס האָבן געהאָלפן אַז די דאָזיקע אויס־גאַבע זאָל קענען דערשײַנען. אַ באַזונדערן דאַנק דעם פרײַנד יצחק יאַנאַ־סאָוויטש פאַר זײַן השגחה ביים דרוקן דאָס בוך.

בוענאָס אײַרעס 1981

פון די אַרויסגעבערס

# הקדמה צו דער ערשטער אויפלאַגע

## „אונטער די פליגל פון טויט"

דאָס דאָזיקע ווערק איז נישט קיין געפלאַנטע שאַפונג, איז נישט באַזירט אויף אַ פאַנטאַסטישן פונדאַמענט, איז נישט קיין פּראָדוקט פון כוח־הדמיון — אַ שטיק ווירקלעכקייט פונעם וועלט־פּסיכאָז איז עס, אַגב, די ערשטע פאַזע זײַנע, אָנהייבנדיק גלײַך פונעם אָנפאַנג — פון די ערשטע צעפלאַמטע טעג — יולי־טעג פון יאָר 1914 — ווען אַ באַדײַטנדיקער טייל פון אונדזער ערדבאָל איז אין אַ ריזיקע, העלישע שׂרפה פאַרוואַנדלט געוואָרן... אויף דער גרענעץ פון צוויי עראַס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט איז עס געווען, בעת אונדזערע אַלע גײַסטיקע חושים זענען נאָך געווען גאַנץ, נישט גערירט, נישט פאַרשטאַרט; ווען פון איין טראָפּן מענטשלעך בלוט איז אַ פלעק אויפן געוויסן פון דער וועלט געפאַלן; ווען איין וואַרעמע אומשולדיקע טרער האָט נאָך אַ האַרץ געקאָנט דערצינדן; וועןביימער זענען נאָך קיין תּליות נישט געווען; ווען פעלדער זענען נאָך אין ברידער־קברים נישט צעאַקערט געווען און טײַכן זענען נישט פאַרפאַרבט געוואָרן אין רויט; ווען מיר זענען נאָך פעיִק געווען צו עמפּינדן יעדן שאָטנדל פון די אומדערוואַרטע לעבנס־קאָנטראַסטן און קאָשמאַרן —

די קאָנסטרוקציע פונעם דאָזיקן ווערק, כּדי איבערצוגעבן דאָס ווירקלעכע אין רעאַלער פאַרב, האָט געמוזט כּסדר גיין טריט בײַ טריט נאָכן פּראָצעס פון די סטיכישע, זיך טוישנדיקע דערשײַנונגען, פּלוצלינגדיקע פאַרוואַנדלונגען און איבערלעבענישן — נישט אָפּהענגיק פון זייער מאָס שטאַרקייט אָדער טראַגישקייט — איבערלעבענישן פון אַ מענטשן אין אַ גרויען שינעל צווישן מחנות, מחנות גרויע שינעלן אויף די פעלדער

פון מיזרח־גאַליציע. פריי מוז דאָ דעריבער גיין דער פּראָצעס פון די שיל־דערונגען, כּדי דער צושטאַנד פון אַ שפּענדל אויף אַ ברויזנדיקן אָקעאַן זאָל נישט פאַרשאָטנט ווערן צוליב, אַזוי צו זאָגן, קינסטלערישער פּלאַנמעסיקייט.

„אונטער די פליגל פון טויט" איז געשריבן געוואָרן אונטערן פרישן רושם פון די איבערלעבענישן (1915־16) און איז אינטויִטיוו פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ קאָשמאַר. די צווייטע שילדערונג „מיטן מאַרלע־בינט" (אייגנטלעך אַ המשך פונעם ערשטן ווערק) איז שוין געשריבן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער און הייבט זיך אָן מיט אַ וואַריאַנט אינעם פינאַל פון „אונטער די פליגל פון טויט".

מייַן האַרציקן דאַנק דעם חבר יעקב אַדלער!

מיט אַ טיפן בליק האָט ער אַרייַנגעדרונגען אין דער נשמה פונעם ווערק און עס באַרייַכערט מיט זייַן קינסטלער־פּענדזל.

הגם וואָס איז נוגע דער פאָרעם געהערן מיר אפשר אין דער קונסט צו אַנדערע שולן, אָבער דער עצם — דער אינערלעכער פּראָטעסט, דער פאַרשטיקטער איוב־געשריי — איז ביי אים געקומען צום אויסדרוק.

מייַן דאַנק דריק איך אויך אויס דעם פאַרלאַג „די צייַט", וועלכער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין פינאַנציעלע שוועריקייטן אין דער זאָרג פאַר דער אויסערלעכער עסטעטיש־קינסטלערישער זייַט פונעם בוך, און אַזוי אַרום געוויזן אַן ערשטן ערנסטן בייַשפּיל אויף דעם דאָזיקן געביט.

ד ע ר  מ ח ב ר

וואַרשע, 1920

# 1

אַנגעהויבן האָט עס זיך גאַנץ אומגעריכט, און ווי פֿון אַלע אומגעריכטע זאַכן, איז דער איינדרוק געווען אַ פּילזייטיקער. פֿון איין זייט האָט עס דערשלאָגן און דערשיטערט און פֿון דער אַנדערער זייט ווידער האָט זיך עס עפּעס נישט געגלייבט. דאָס זעלבע פֿילט מען, ווען מ׳הערט די בשׂורה וועגן פּלוצ־לינגן טויט פֿון אַ נאָענטן, וועמען מען האָט ערשט נעכטן געזען און גערעדט מיט אים, און יענער איז גראָד געווען אַזוי גוט אויפֿגעלייגט און מונטער, און די אויגן זיינע האָבן אַזוי געגלאַנצט, מיט אַזוי פֿיל יונגע און ראָזע האָפֿענונגען! — —

אין לאַגער פֿון דער וואָלינער רעזידענץ איז די ידיעה אָנגעקומען אין מיטן נאַכט. פּלוצלינג האָבן די פֿאַרשלאָפֿענע „דניעוואַלנעס״ אויף דער פֿראָנטליניע פֿון לאַגער געגומען אויסשרייען:

— דעזשורנעס, אויף דער מיט פֿון פֿאָלק!

און אין דער פֿרי האָט זיך שוין געטראָגן פֿון מויל צו מויל:

— מאָביליזאַציע!...

און באַלד האָט מען זיך אין לאַגער גענומען צו די צוגרייטונגען. אַלע צעכהייזער זענען גאַנצענע טעג געווען אָפֿן. מענטשן האָבן געפּאַקט, געשלעפּט פֿון איין אָרט צום אַנדערן; פֿון די פּולווער־קעלערן האָט מען פּאַטראָנעס געפֿירט, די פּולעמיאָטן־לענטעס מיט קוילן אָנגעפּילט, און ענד־לעך האָט מען אויך גענומען אַרויסגעבן אַמוניציע. נייע, שפּאָגל נייע זאַכן פֿון דאָס מינדסטע ביז דאָס גרעסטע. ס׳האָט זיך געשמייכלט: מען פּוצט זיך צו באַגעגענען דעם טויט...

ס׳איז אָנגעקומען דער זאַפּאַס. גאַנצע פּאַרטיעס. איינע נאָך די אַנדערע זענען זיי געקומען אין די ראַטעס. מענטשן בערדיקע, מיט פאַרזאָרגטע בליקן און ערנסטע פאַרטראַכטע פּנימער. הינטער אַנדערע זענען נאָכגעגאַנגען פרויען און קינדער און האָבן זיך די אויגן געווישט. אַלע זענען געקומען אין אַלטע אָפּגעטראָגענע זאַכן און שפּעטער אַ ביסל זענען זיי שוין געווען איבערגעטאָן אין די נײַע פאָרמעס. פון שטאָט האָבן זיך געצויגן גאַנצע כוואַליעס מענטשן און אַלע האָבן מיט אַ באַזונדער נײַגעריקייט זיך צוגעקוקט פון דער ווײַטנס צו דער באַוועגונג אין לאַגער. די גרינגשעצונג, מיט וועלכער מען באַציט זיך שטענדיק צו אַ מענטשן אין אַ גרויען שינעל, איז לחלוטין פאַרשווונדן געוואָרן. איטלעכער האָט איצט געקוקט אויף אַ סאָלדאַט ווי אויף אַ זאַך, וואָס פאַרדינט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט: הײַנט לעבט ער, און אין וואָכן אַרום — ווער ווייסט ווו זײַנע ביינער וועלן זיך וואַלגערן... פאַרקערט, איצט האָבן די מענטשן אין די נײַע קריגסקאָסטיומען אויף די ציווילע געקוקט „פון אויבן אַראָפּ", מיט אַן אינערלעכער, נישט־אַרויסגעזאָגטער פאַראַכטונג...

ס׳איז אָנגעקומען דער טאָג, ווען מ׳האָט באַדאַרפט אַרויסגיין. — געווען איז דאָן אַ שיינער, ליכטיקער יולי־פרימאָרגן. דער גאַנצער פּאָלק איז געשטאַנען „אויסגעסטראָיעט" אויף אַ פעלד, נעבן לאַגער. ס׳האָט געאַרבעט אַ פּאָטאָגראַפן־אַפּאַראַט. שטימען פון תּפילות... פּײַכטע טרערנפולע אויגן בײַם פּאָפּ און בײַ די אַלע זינגער... די אַנטבלויזטע קעפּ אַרום און אַרום לאָזן זיך ביסלעכווײַז אַראָפּ אונטער דער לאַסט פון שווערע, שווערע געדאַנקען... אַ פאַרשטיקטע פּײַנלעכע כליפּעריי... מען שטיקט זיך מיט טרערן אין אַלע זײַטן... סײַ צווישן די אויסגעשטעלטע קאָלאָנעס, סײַ הינטן, צווישן טאַטעס, מאַמעס, פרויען און קינדער... דאָרט דערגייט עס אַפילו ביז פאַלן אין חלשות... און די אַלע, וואָס שטייען דאָ אין די קאָלאָנעס, פרעמדע, פון ווײַטע מקומות, שטעלן זיך בעת־מעשה פאָר ווי ערגעץ, אין דער אייגענער געגנט, שטייט איצט, אויך אויף אַ פעלד, אַן אויסגע־

סטראַיעטער פאָלק גרייט צום אַוועקגיין, און זייַנע נאָנטע שטייען אויך אַזוי, ווי דאָ, ביי דער זייַט, הינטער די אויסגעשטעלטע קאָלאָנעס מיט די אַנטבלויזטע פאַרזונקענע קעפּ, און וויינען אויך און יאָמערן, פּונקט אַזוי רירנדיק און האַרצרייַסנדיק, ווי דאָ הינטן די פרעמדע, אומבאַקאַנטע מאַמעס...

מיט אַנדערע געזעגנט מען זיך. ווי טיף, ווי טיף, דוכט זיך, דאַרפן באַנג טאָן אַזעלכע אומזיניקע קושן פון אומבאַגרענעצטן צער און ליבע !...

די צערעמאָניע האָט זיך געענדיקט און די ערשטע ראָטע האָט זיך גענומען ציִען. פאָרויס זענען געגאַנגען די מוזיקאַנטן און האָבן געשפּילט אַ געזעגן־מאַרש. מ׳איז דורכגעגאַנגען די שטאָט. דער פאָלק האָט זיך געצויגן איבער די גאַסן און פון אַ העכערן אָרט האָט מען נאָר געזען העלע, העלע היטלען, געדיכט געפּאַקט איינע צו די אַנדערע און די גלאַנציקע שטיקעס פון ביקסן. די טראָטואַרן זענען געווען שוואַרץ פון ציווילע. אומעטום — טרויעריקע פּנימער פון מענער און פאַרוויינטע אויגן פון פרויען...

עס פאָכען זיך ווייַסע טיכלעך און קאָפּעליושן :

— אַדיע ! אַדיע !...

אַ לאַנגער, טרוקענער, גרויער שאָסיי. די זון באַקט אומברחמנותדיק, דער פּאַטראָנטאַש דריקט די ברוסט ; די כלערליי רימענס שנייַדן די אַקסלען, און די „סקאַטקע״ (אויפגעוויקלטער שינעל) שטיקט און שטיקט און רופט אַרויס אַ שווייס פון לייַב. פון אונטערן היטל גיסן זיך גאַנצע שנירלעך איבערן פּנים און רינען אַראָפּ אונטן פון מאַרדע... שפּעטער זענען שוין געווען אַ סך אָפּגעשטאַנענע, עלטערע מיט בערד, און די סאַניטאַרן מיט די מעדיצינישע טשעמאָדאַנטשיקלעך זענען געשטאַנען איבער זיי און זיי געמונטערט מיט „וואַלעריאַנקע״. די אַלע ביידלעך פון דער

„ליניקע" זענען געווען איבערפולט. איינער פון די אָפּגעשטאַנענע האָט עפּעס אומגעלומפּערט אַ פּאַל געטאָן און די אויגן צוגעמאַכט. אַ סאַניטאַר פּרוּווט דעם פּולס — שטום. אַ האַרצשלאַג!...

געגאַנגען איז מען אַזוי ביז פּאַר נאַכט. דאַן האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף (טאַטאַרינאָוו) אויף נעכטיקן. דער ערשטער „ביוואַק". און ליגנדיק אויסגעצויגן אין שײַער, דעם קאָפּ אויף דער אַמוניציע, די פּאַרמאַטערטע פּיס מיט די געל־פּאַרשטויבטע שטיוול — אויף גאָטס באַראָט, האָט זיך געקלערט, אַז דאָס וועט פון איצט אָן זײַן אונדזער היים, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג... דער שווייס אויפן לײַב האָט זיך אָפּגעקילט, און מיטן אָנקומען פון דער נאַכט האָט אַ שוידער דורכגענומען די גלידער.

דער צווייטער טאָג איז געווען ענלעך צום ערשטן — אַ לאַנגער, פּײַנלעכער וועג אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג... אין אָוונט זענען מיר שוין געלעגן אין צונויפגעשטעלטע פּאַלאַטקעס אויף אַ פרײַען פּלאַץ נעבן דער באַן־סטאַנציע בײַ בערדיטשעוו. ס'האָט געהאַלטן אין איין רעגענען און אויפן האַרצן איז געווען באַזונדערס אומהיימלעך, און קאַלט אויף דער נשמה... געווען איז עס גראַד פרײַטיק צו נאַכט און ס'האָט מיך געצויגן אין דער יידישער שטאָט. איך קום אַרויס אויף די גאַסן — פּוסט און אומעטיק. די פענצטער באַלויכטן פון די שבתדיקע בענטשליכט; אין אַנדערע ערטער זיצט מען נאָך בײַ די עסטישן און ס'קלינגען טעלער־און־לעפל... וואַרעם. ליכטיק, ריין, זויבער... אַ, שבתדיקע מנוחה! אַ, רויִקע ווינקעלעך! ———

זייער שפּעט בין איך איבער די שטילע גאַסן אומגעגאַנגען. נע ונד און אַליין. צי האָב איך עפּעס פאַרלוירן, געזוכט? אָדער רייצט זיך נישט מיט מיר מײַן פאַרשווונדענע רו? ———

פויל און נאַכלעסיק האָט דער דראָבנער רעגנדל אין דער טונקלקייט געשפּריצט.

געפּאַקט זענען שוין די פּראַכטוואַגאָנעס מיט מענטשן. אַ טומל, אַ

גערודער. אויף דער פלאַטפאָרעם — אַ געדיכטער געמישטער עולם. עס דערהערט זיך אַ סיגנאַל — און דער צוג הייבט זיך אָן צו רירן. מען ווייעט מיט ווײַסע טיכלעך און עס דערגרייכן נאָך קולות, געוויינען... עס שווינדן די מענטשן, עס קײַקלט זיך פון אַנטקעגן עפּעס אַן אַרומגעצוימט אָרט — אַ בית־עולם. בערדיטשעווער בית־עולם. ווײַסע מויערלעך. בערגלעך. מצבות מיט בלאַנקענדיקע אותיות. ביימלעך. אין מוח בליצט פאַרבײַ: „ווער ווייסט, צי ס'וועט אויסקומען צו ליגן אונטער אַ מצבה?..." דער צוג לאָזט זיך שנעלער, שנײַדט זיך דורך בערג און פאַרדעקט אַלץ הינטער זיך מיט וואָלקנס שוואַרצן רויך און דער פײַכטער בליק שטרענגט זיך אָן און קוקט אויף די זיך קײַקלענדיקע לאָנקעס און פעלדער, וואָס אײַלן זיך און פאַר־שווינדן, וואָס אײַלן זיך און פאַרשווינדן...

— — — ? וווהין ? וווהין

אויסגעגרוזעוועט האָט מען זיך אין אָוונט אויף דער סטאַנציע סלאַווו־טאַ. אין גאַנצן איז מען אָפּגעפאָרן אַ שעה זיבן־אַכט. איבערגענעכטיקט אין אַ דערבײַיִק דערפל און ווײַטער געגאַנגען. און אַלץ אויף די פיס. פון דאָרף צו דאָרף, פון יִישוב צו יִישוב, פון וואַלד צו וואַלד. טיפע זאַמדיקע וועגן. טאָל און באַרג. אַ גלײַענדיקע זון. הייסע ברענענדיקע שטראַלן. געדיכטע, לאַנגע וועלדער — וואַלינער וועלדער. אַ שווערע משׂא אויף די פּלייצעס — אויפן גוף, אַ שווערע דריקנדיקע משׂא אויף דער נשמה... געדאַנקען פינצטערע, פײַנלעכע און נאָגנדיקע ווי שלאַנגען, ווי גיפטיקע שלאַנגען. בײַ נאַכט — אין שײַערן אָדער אויף פעלדער, אונטער טונקעלע אומעטיקע הימלען...

בײַ טאָג פלעגן אַ מאָל שפּילן די מוזיקאַנטן, איבער הויפּט בעת מען פלעגט דורכגיין אַ דאָרף — ראַשע אומעטיקע טענער, אומרויִקע ווי די געדאַנקען. אַלע לויפן אַרויס פון די כאַטעס און קוקן נאָך מיט טרויעריקע פנימער. פויערטעס ווישן זיך מיט די פאַרטעכער די אויגן... זייערע זין,

מענער און נאָנטע שלעפּן זיך אויך אַזוי ערגעץ אויף די וועגן, פאַר־שטויבטע, פאַרמאַטערטע, פאַרשוויצטע און פאַרחושכטע, מיט דער שווערער משׂא אויף די פּלייצעס — זענען זיי גאַנץ לײַכט געווען אויף טרערן. אַנדערע זענען מכבד פון די פאַרטעכער מיט עפּל, באַרן, פלוימען, ברויט און דערבײַ ווינטשעווען זיי צו, אַז „גאָט זאָל געבן, מיר זאָלן גאָר אין גיכן זיך צוריק אומקערן אַהין, פון וואַנען מיר קומען". מהיכא־תיתי...

# 2

אין איין דאָרף (ראַדאָשעווקאָ) זענען מיר געשטאַנען כּמעט אַ גאַנצע וואָך. ס׳איז שוין געווען נישט ווײַט פֿון דער גאַליצישער גרענעץ. יעדן טאָג פֿלעגט מען זיך אָוועקלאָזן אַ וויאָרסט פֿיר הינטערן דאָרף גראָבן אָקאָפּעס. געאַרבעט האָט מען זייער אינטענסיוו. פֿון פֿינצטער ביז פֿינצטער. געגראָבן לויטן „אוסטאַוו“ מיט אַלע „באַקוועמלעכקייטן“. מיט אַלע קליפּערלעך. דעמאָלט איז שוין בײַ קיינעם קיין ספק נישט געבליבן, אַז דאָס, צו וואָס מען גייט, וועט און מוז געשען. ס׳איז טאַקע נישט „אויף אַ געלעכטער“... די אויסשפּירערס פֿלעגן אַרויספֿאָרן אויף די פֿאָדערשטע געגנטן און איין טאָג האָבן זיי אַפֿילו געבראַכט צו פֿירן צוויי געפֿאַנגענע פֿונעם שׂונאס אויסשפּירערס. איינעם, ווי זיי האָבן דערציילט, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ טויטן אויפֿן פֿעלד. דאַן האָט שוין איטלעכער געגלייבט. אויף דעם סמך האָט פּאַסירט אין פּאָלק אַזאַ מין זאַך: צוויי גרוזינער האָבן זיך אין אַ וואַלד געשטעלט איינער אַנטקעגן אַנדערן און לויט זייער שרעקלעכן אויס־רייד האָבן ביידע געדאַרפֿט גלײַכצײַטיק אויסשיסן, אָבער איינער האָט פֿאַרשפּעטיקט און בלויז ער אַליין, דער פֿאַרשפּעטיקטער, האָט דערגרייכט זײַן אומגליקלעכן ציל...

איין טאָג איז מען געגאַנגען שיסן מיט אַ „פֿאָרבאַרײַטונגס־צוועק“. איבער הויפּט איז עס געווען פֿאַר די זאַפּאַסנע, וואָס זענען שוין אָפּגעוויינט פֿון ביקס. איך בין געווען באַשטימט איך „אָצעפּלעניע“. מײַן פּאָסט איז געווען אויף אַ קרייצוועג, אין אַ פֿאָלוואַרק, בײַ דעם שטעטל יאַמפּאָל. איך

בין געזעסן אויף אַ שטיין, און מיט אַ בלײַפעדער געשריבן אַ בריוו אויפן „פריקלאַד״ פון ביקס. ס׳איז פאַרבײַגעגאַנגען עפּעס אַ יונג מיידל, שטאָטיש לויטן אויסזען. איך האָב זי געפרעגט וועגן טינט און פעדער דעם אַדרעס אָנצושרײַבן. זי האָט מיך גערופן מיט זיך. בײַ זיי אין שטוב — ס׳איז געווען דעם עקאָנאָמס טאָכטער — האָט מען מיך זייער פרײַנדלעך אויפ־גענומען. דאָס מיידל האָט מיר אַגב דערציילט, אַז די צײַטונגען גיבן שוין באַריכטן וועגן צוזאַמענשטויסן... און דערבײַ קוקט זי אויף מיר מיט אַזוי פיל באַדויערונג, מיט אַזעלכע מיטלײַדנדיקע בליקן, אַז לענגער דאָרט בלײַבן איז מיר געוואָרן אוממעגלעך.

— זיצט אַ ביסל, זיצט — האָט זי געבעטן, גלײַך ווי זי וואָלט בעסער געוואָלט אָנקוקן אַ מענטשן, וואָס גייט זיכער צום טויט...

מיטלײַד, רחמנות — ווי אָפט פּײַניקט עס נאָך מער ווי אַכזריות !...

„עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן״ — האָט מיך געעגבערט דעם מיידלס ווערטער. און זיצנדיק אויפן זעלבן שטיין האָב איך זיך אין געדאַנק אָפּגעזעגנט מיט אַלץ און מיט אַלעמען !...

פון ראָטע צו ראָטע איז דער פּאָפּ געגאַנגען, אויפגערופן אַ רעדל און גערעדט :

— נאָנט איז דער טאָג ! נאָנט איז דער טאָג, ווען איר וועט באַווײַזן אײַער גבורה, אײַער העלדישקייט. מיט פרייד דאַרפט איר אײַער ברוסט אויסשטרעקן קעגן פײַנטס קוילן. מיט באַגײַסטערונג דאַרפט איר אײַער לעבן מקריב זײַן, אײַער בלוט פאַרגיסן. דאָס איז אײַער חוב, אײַער הייליקער חוב. אַזוי וויל גאָט ! אַזוי איז דער ווילן פון דעם געקרייציקטן !...

רויִק האָט זיך זײַן קאָפּ באַוועגט און זײַנע גרויע לאָקן האָט אַ ווינטל געווייעט... צי איז עס טאַקע די תּמימותדיקע שטים פון אמת, פון יושר,

פון ברידערלעכקייט ?... צי זענען טאַקע זײַנע לאָקן אמתדיק ווײַס ? אומ־
שולדיק ווײַס ?...

חוב ?... גאָט ?...

ג־אָ־אָ־ט — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

איין פאַרנאַכט גיי איך אום איבערן דאָרף און באַמערק אויף אַ פרײַען פלאַץ אַ גאַנצע באַוועגונג.

איך דערנענטער זיך — אַ באַרבאַרישע סצענע :

אַ גאַנצע ראָטע שטייט „אויסגעסטראָיעט" אין קאָלאָנעס, פּירעקיק ווי אַ חית. אין מיטן שטייט דער ראָטנער, האַלב־ראָטנער און פעלדפעבל, אַ ביסל אָן אַ זײַט — דער באַראַבאַנשטשיק. דער ראָטנער — אַן עלטערער אָפיציר מיט אַ לאַנגער געלבלעכער באָרד — לייענט מיט אַ הייזעריקער שטים דעם „פּריקאַז" פון קאָמאַנדיר פון פּאָלק, אַז יענער און יענער „ריאַ־דאָוואָי" ווערט פאַר אַרויסקריכן אויף צוויי וויאָרסט פון „סטראָי" אין מיטן גאַנג פאַרמישפּט צו פיר שמיץ.

דער פאַרמישפּטער האָט געמוזט אַרויס פון מיטן „סטראָי", האָט די ביקס איבערגעגעבן אַ שכן זײַנעם און זיך געשטעלט אין מיטן חית. מ׳האָט באַלד נאָך פיר סאָלדאַטן פון „סטראָי" אַרויסגענומען : איינער האָט גע־נומען דעם שמײַסרימען אין האַנט און די איבעריקע דרײַ האָבן געהאָלפן דעם פאַרמישפּטן זיך לייגן. געהאָלפן — דער אומגליקלעכער צעשראָקע־נער פויער האָט גאָר אין זינען נישט געהאַט זיך צו ווערן ; אַדרבה, ער האָט אַליין דעם רימען אַראָפּגענומען און זיך די הויזן אָפּגעקנעפּלט, אַפילו לייגן האָט ער זיך אויך אַליין געלייגט. דאָס בלוט איז אים אין פּנים געקומען און פאַר גרויס חרפּה האָט ער די אויגן אויפהויבן נישט געקענט. בעת ער איז שוין אויף דער ערד געלעגן, האָבן אים די דרײַ סאָלדאַטן דאָס העמד פאַרשאַרצט און פאַרן קאָפּ און פיס אים צוגעהאַלטן.

דערבײַ האָט זיך אויפגעקליבן אַרום אַ היפּשער עולם: סאָלדאַטן זײַטי־קע זענען געקומען און זיך אָפּגעשטעלט, אײַנוווינערס פון דאָרף, פּויערים און פּויערטעס, מיידלעך און קינדער — יעדער, ווער ס'איז נאָר פאַרבײַ, האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעקוקט. בײַ אַנדערע האָבן זיך טרערן אין די אויגן געשטעלט, און אַנדערע האָבן פאַר אויפרעגונג און צאָרן מיט די ציין געקריצט...

אַן אַלטיטשקער האָט זיך אויף זײַנע ציטערנדיקע פיס געטרייסלט און געמורמלט:

— מיליטערישע דיסציפּלין... אַזוי איז שוין די וועלט...

אַ סאָלדאַט, אַ טיף־רוסישער, האָט די פויסטן געדריקט און מיט זידל־ווערטער געשאָטן.

— יאָ, יאָ — האָט ער סאַרקאַסטיש אַלץ גערעדט — ער גייט עס דעם קאָפּ לייגן פאַרן פאָטערלאַנד...

אַז די גאַנצע פּראָצעדור איז שוין גרייט געווען, האָט זיך ווידער דערהערט די הייזעריקע שטים פון ראָטנעם:

— באַראַבאַנשטשיק, שפּיל! איינס!

אָבער — שטיל. דער באַראַבאַנשטשיק, עפּעס אַ יידל מיט אַ קרענק־לעכן פּנים, האָט ווי נישט דערהערט, און מיט די באַראַבאַן־העלצלעך קיין ריר נישט געטאָן!

— באַראַבאַנשטשיק שפּיל — האָט נאָך העכער אַ הילך געטאָן דעם ראָטנעמס שטים!

דאַן האָט שוין דער באַראַבאַן אַ שאָט געטאָן עפּעס אַ צוזאַמענגעצ־קאָמבינירטן הויפן שנעלע, דראָבנע קלאַנגען, וואָס האָט דערמאָנט אַ פלי־צלינגן שטאַרקן האָגל אויף די שויבן — דאָס איז אַ ספּעציעלער „שמיץ־מאַרש"...

דער ראָטנער האָט געציילט:

— איינס! צוויי! דרײַ! פיר!

און דער סאָלדאַט מיטן שמײַסרימען האָט זיך אָנגעבויגן איבערן ליגנ־דיקן קערפּער און, נאָכן טאַקט פון ראָטנעם און באַראַבאַן, געשמיסן...

אַ פאַרשטיקט כליפּען האָט זיך פון צווישן די דראָבנע אומאָנגענעמע באַראַבאַן־קלאַנגען אַדורכגעריסן, ווי אַ ווילדער שטראָם... און ס'איז זיכער נישט פון ווייטאָג געווען; דער אומגליקלעכער וואָלט מרוצה געווען צו ליידן גרעסערע פיזישע יסורים, איידער צו פילן די שווערע לאַסט פון הונדער־טער, הונדערטער אויגן, וואָס האָבן זײַן האַרץ און נשמה ווי מיט גיפטיקע שפּיזן געלעכערט...

אַ סך פון די צושויערס האָבן דעם סאַמע אַפּאָגיי פון פאַרביטערונג פאַרטראָגן נישט געקענט און זענען מיט פאַרביסענע ליפּן אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זײַט...

געענדיקט — האָט זיך דער באַליידיקטער אויפגעהויבן, זיך צו רעכט געמאַכט און ווידער זיך אין „סטראָי” אויף זײַן אָרט געשטעלט און זײַן ביקס פון שכן צוגענומען.

...וואָס אַ פאָלק איז, האָט זי געטראַכט: עס קען זיך אַ מאָל אַ גאָלדע־נעם עתיד שמידן, און עס קען זיך אַליין ריטער צו זײַן אייגענער שאַנד און חרפּה באַשטימען... — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג צו גיין ווײַטער. איבערגעלאָזט די כּמעט געענדיקטע אָקאָפּעס מיט די גוט אײַנגעאָרדנטע בלינדאַזשן — און פאָרווערטס. דער פרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער, אַ רעגנדיקער. פון די שווערע נידעריקע כמאַרעס האָט כּסדר געגאָסן. פאַרן רירן זיך האָט מען געהייסן זאָגן די תּפילה: „אָסעני מעניאַ”... דער עולם האָט זיך געצלמט און אומעטיק שטיל געמורמלט... ייִדן האָבן פײַכטע אויגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט...

טיפע, פייַכטע, קלעפּיקע בלאָטעס. רעגן און רעגן — אָן אַ סוף. טראָפּנס פון רעגן האָבן זיך אויסגעמישט מיט טראָפּנס פון שווייס... מענטשן פאַרמוטשעטע, פאַרמאַטערטע, פאַרשמוציקטע און פאַרבלאָטיקטע. ווי קליין, ווי שוואַך זענען די מענטשלעכע כּוחות!...

פון גרויס אָנשטרענגונג האָט זיך דער וויטאָג פאַרקליבן נישט אַזוי אין די פיס, ווי אין דעם לינקן ברוסטקעסטל. איך מאַך לויז די כּלערליי רימענס אַרום קאָרפּוס, בייַט די ביקס פון איין פּלייצע אויף דער אַנדערער. אָבער אינעווייניק האָט געריסן און געזויגן... איך פאַל צו צו אַ קופּע שטיי־נער. ליג אויסגעצויגן ווי אַ טויטער, אָן באַוועגונג, אָטעם דורשטיק איין אין די לונגען די פייַכטע לופט און דער רעגן קאַפּעט איבערן אויסגע־מוטשעטן פּנים... אָבער לאַנג ליגן קען מען נישט. דער פאָלק פאַרשווינדט פון אויג און בלויז עטלעכע אָפּגעשטאַנענע שלעפּן זיך נאָך פאַמעלעך, מיט אָנגעריבענע פיס, מיט איַינגעבויגענע, איַינגעהויקערטע רוקנס. דו הייבסט זיך אויף און שלעפּסט זיך ווייַטער איבער דעם בלאָטיקן וועג. אין ברוסט דריקט, דריקט, און די אויגן שפּאַרן זיך אַלץ טיפער אין שאַרבן...

פאַר נאַכט. דער פאָלק איז אין אַ דאָרף און אונדזער ראָטע איז ביַי אַ וואַלד אין פעלדוואַך *. קיין רעגן גייט שוין נישט, נאָר אַ פייַכטע קעלט נעמט דורך די ביינער. פאַרביַיגייערס דערציילן, אַז ביַי זיי אין דאָרף זענען מיט אַ פּאָר טעג צוריק געווען עסטרייַכישע אויסשפּירערס אויף פערד.

עס דערנענטערט זיך...

אַ קאַלטע נאַכט. איך ליג מיט נאָך עטלעכע ביַי אַ ברענענדיקן שייַטער אין וואַלד. שטיל און מרה־שחורהדיק. די פיַנצטערע ביימער רוישן איַינגעהאַלטן און זייען פון אויבן מיט איינציקע אָפּגעפאַלענע בלעטלעך.

---

* סטאָראָזשעוואָיע אָכראַניעניע״.

ווי רויִק און פֿאַרטראַכט ברענען די נידעריקע פֿלאַמען! די שטילע גליִענ־דיקע קוילן ווינקען און רעדן עפּעס שטום, שטום, אָן ווערטער, און דער־מאָנען אַזוי פֿיל... וואַרעם, וואַרעם. די פֿלאַמען נעמען דורך דעם פּנים מיט אַן אָנגענעמער ליבער וואַרעמקייט. עס שליסן זיך ביסלעכ־ווייַז די ברעמען...

קאַלט. ס׳האָט מיך אויפֿגעוועקט אַ קעלט. דער שייַטער שוין פֿאַרלאָשן. בלויז אַ קליינע קופּקעלע מיט איינציקע גליִענדיקע קוילן. אַרום ליגן עטלעכע מענטשן, ווער דעם קאָפּ אויף דער אייגענער האַנט, ווער אויף אַ שטאַם פֿון אַ בוים. ס׳הערט זיך פֿון זיי אַ שווער אָטעמען, ווי פֿון פּייַנ־לעכע חלומות... ס׳איז נאָך געווען נאַכט. אַ געדיכטע פֿינצטערניש. איך בין אַרויס פֿון וואַלד און דער בליק האָט נישט געקענט אונטערשיידן דעם שוואַרצן הימל פֿון דער נאַכט־פֿינצטערניש.

איך מיט נאָך צוויי זענען באַשטימט צו גיין אין „דאָזאָרעס״, כּדי נאָכ־צוזען די אויסגעשטעלטע פּאָסטנס. שווייַגנדיק און שטיל זענען מיר פֿאַר־קראָכן פֿון הינטערן וואַלד און זיך געלאָזט גיין אין יענער ריכטונג, פֿון וואַנען מ׳האָט דעם שונא דערוואַרט.

— אָט דאָ דאַרף זייַן דער ערשטער פּאָסטן — זאָגט דער יעפֿרייטאָר

— פֿאַר וואָס רופֿט זיך קיינער נישט אָן?

מיר האָבן געזוכט אַרום דעם פּלאַץ, אַ רוף געטאָן איינעמס נאָמען, נאָר קיין ענטפֿער.

— דער פֿאָדפּאָרוטשיק האָט פֿאָרט געזאָגט, אַז דאָ דאַרף דאָס זייַן.

ענדלעך האָבן מיר געפֿונען. בייַ אַ ברעג וואַלד אין אַ קאַנאַווע זענען זיי ביידע געלעגן, דער „טשאַסאָוואָי״ מיטן „פּאָדטשאַסעק״.

— אַ סקאַנדאַל, זיי שלאָפֿן.

— שאַ, מיר וועלן זיי אָנלערנען. צונעמען די ביקסן אין זאַסטאַווע — האָט פֿאַרגעלייגט דער יעפֿרייטאָר.

נאָך באַלד חרטה געהאַט:

— גלאַט, ווי שלאָפּט מען עס אין אַזאַ אָרט! מ׳קען זייביידן דער־שטעכן און — שאַ־שטיל. קיין האָן וואָלט נישט אַ קריי געטאָן.

אַ ווײַלע שטייען מיר און קלערן וואָס צו טאָן מיט זיי.

— מען דאַרף זיי אויפוועקן.

— העי, שטייט אויף!

קיין ענטפער.

— וואָס פאַר אַ שלאָפן, „פאָד־סוד" זיך פאַרוואָלט! — איז שוין אין כּעס געוואָרן דער יעפרייטאָר, און איינעם אַ וועק געטאָן מיטן פוס. דאָס זעלבע האָב איך געטאָן, צוגייענדיק צום צווייטן.

קיין באַוועגונג.

מיר בייגן זיך אָן — וואָס איז דאָס? קיין אָטעמען, קיין ריר.

— צינד אָן אַ שוועבעלע, נאָר פאַרשטעל מיטן שינעל.

און דאָס ציטערדיקע פײַער האָט באַלויכטן — בלוט, בלוט...

ווי שוידערלעך!

ביידע דערשטאָכענע, דער „טשאַסאָוואָי" און דער „פאָדטשאַסעק". איי־נער ליגט אײַנגענורעט מיטן פּנים אין גראָז. די ביקסן נעבן זיי זענען נישטאָ.

— אַהאַ, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? — האָט זיך אָנגעכאַפּט דער יעפרייטאָר — פינצטער, חושך, דער וואַלד איז גענוג טיף, די אויסשפּי־רערס האָבן פאַמעלעך דערשמעקט אַ שלאָפנדיקן פּאָסטן, צוגעקראָכן — און פאַרטיק!

באַלד האָבן מיר די צוויי טויטע אומבאַוועגלעכע קערפּערס איבער־געלאָזט מיט דער פינצטערניש און מיר זענען אַוועק איבערגעבן.

איך גיי און עס שוידערט מיך... כ׳קען נישט פאַרגעסן... כ׳פיל נאָך אַלץ, ווי מײַן רעכטער פוס רירט זיך אָן אָן דעם פוס פון אַ טויטן...

— דער ערשטער טויטער... — באַמערקט מיר ביטער מײַן שכן — מען דאַרף אַ ברכה מאַכן...

און ווען איך בין שוין שפּעטער געווען צוריק אין זאַסטאַווע נעבן זעלבן אויסגעברענטן שײַטער, האָב איך נאָך אַלץ געפילט, ווי איך וועק אַ טויטן מענטשן מיט אַ דורכגעשטאָכענער ברוסט...

דעם רעכטן פוס האָב איך עפּעס אַנדערש געשפּירט...

ווידער טאָג. קיין גרויסן איבערגאַנג מאַכן מיר נישט הײַנט. מיר שטעלן זיך אָפּ נעכטיקן אין אַ דאָרף נעבן שטעטל ווישנעוועץ.

דאָ האָבן מיר אַ „דניאָוקע". ס'איז גראָד דאָן אַ זון־פינצטערניש. אַנדערע רייכערן אָן גלאָז און פאַרנעמען זיך מיט „אַסטראָנאָמישע באָאָב־אַכטונגען"...

איין סאָלדאַט קומט צו גיין מיט אַ נײַס, אַז אין שטעטל איז פאַראַן אַ גאָלערקע — אַ מיידל... זי ראַזירט — זאָגט ער הנאהדיק — פּרימאָ — אַ, סאַראַ הענטל בײַ איר אַ מחיהדיקס!...

עס געפינען זיך בעלנים, וואָס כאַפּן זיך צופּן די מאָרדעס, קלערן, און לאָזן זיך אַוועק אין שטעטל ראַזירן...

צו מאָרגנס זענען מיר דורכגעגאַנגען דורכן שטעטל. ס'איז געווען אַ שבתדיקער טאָג. די קראָמען זענען געווען געשלאָסן, און ייִדן — קליין און גרויס — זענען געשטאַנען בײַ די זײַטן גאַסן. פון איין טיר איז אַרויס־געלאָפן אַן עלטערער ייִד מיט אַ שבת־קיכל אין האַנט, און באַמערקנדיק, ווײַזט אויס, מײַן ייִדיש פּנים, איז ער צו מיר שנעל אַ לויף געטאָן און אויסגעשטרעקט זײַן דאַרע בייניקע האַנט:

— איר זענט אַ ייִד? נאַט, נעמט!

ווידער זע איך די באַזונדערע מיטלײַד, וואָס מ'פילט צו איינעם, וואָס מוז באַלד שטאַרבן!...

אויפן וועג האָט אַ רײַטער געפירט צוויי געפאַנגענע הוזאַרן.

— עסטרײַכער! עסטרײַכער!

אַלע האָבן דורכגעדרונגען מיט די בליקן די צוויי הוזאַרן אין די רויטע הויזן, גראַנאַט־מונדירן און קלינגענדיקע שפּאָרן. די געפאַנגענע האָבן אַ פּנים גוט דערשפּירט די בליקן פון שׂונאס אַ גאַנצן פּאָלק און זיי האָבן מאָדנע געשמייכלט איינע צו די אַנדערע.

דאָס מאָל מאַכן מיר אויך נישט קיין גרויסן איבערגאַנג און באַזעצן זיך אין אַ דאָרף, אַ וויאָרסט פיר פון דער גרענעץ. דאָרט איז שוין אויס־געקומען צו זען דעם שׂונאס אַ גאַנצע ראָטע פוסגייערס, וואָס מ'האָט פאַר־נומען אין אַ זאַסטאַווע. דער גאַנצער פּאָלק איז אַרויס פון די שײַערן קוקן. די געפאַנגענע האָבן זיך צעצויגן אויף אַ היפשער שטרעקע און זייערע הימל־קאָלירטע קריגסקליידער האָבן אַ לאַנגע צײַט פאַר די אויגן גע־בלאַנקט. אַנדערע רוסישע סאָלדאַטן רוקן זיך אַרײַן צווישן די געפאַנגענע, פּרוּוון כאַפּן אַ שמועס אויף שטום־לשון און מ'איז זיי דערבײַ מכבד מיט „מאַכאָרקע" און מיטן אויפדרייען אויך... צום לעצטן איז נאָכגעגאַנגען אַ סאַניטאַר — דאַכט זיך, אַ ייִד, אַן אמת ייִדישע נאָז. באַלד ווײַזט זיך עס אַרויס פאַר ריכטיק: ער שטעלט אויך אָפּ זײַנע בליקן אויף מיר מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און זאָגט מיר אַ גאַנץ ייִדישלעכן „גוט־מאָרגן".

— גוט־מאָרגן! גוט־מאָרגן! — האָב איך אים צופרידן געענטפערט.

## 3

צו מאָרגנס פֿאַרן אַרויסגיין האָט מען איבערגעגעבן:

— הײַנט גייען מיר איבער די גרענעץ, מ׳זאָל זײַן אויפֿמערקזאַם אויף אַלץ: אויפֿן עסן, אויפֿן טרינקען, וואָס די אײַנוווינער וועלן געבן, ווײַל ווער ווייסט יענעמס גאַסטפֿרײַנדלעכקייט... פֿאַרט אויפֿן שׂונאס באָדן. מ׳זאָל זיך האַלטן אַרטיק, נישט רויבן, נישט באַליידיקן.

הײַנט, הייסט עס, געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט דער היימישער ערד.

אַנדערע האָבן זיך אויף דעם סמך גענומען ווערטלען:

— מיר גייען גאָר אָן אַ גובערנאַטאָר־פּאַס... — באַמערקט איינער; און אַ צווייטער האַלט אים אונטער:

— און אָן „טאַמאָזשנע” און אָן „פּאָליציייִשע מניעות”... פֿראַנק און פֿרײַ...

איבעריקנס, ווער ווייסט וויפֿל שעה עס קען שוין איצט געדויערן אונדזער „פֿרײַקייט”. „וויפֿל שעה”. — מ׳האָט אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז אַ פֿראַגע נישט פֿון וואָכן און חדשים, נאָר פֿון געציילטע טעג און שעהען. אָט, דאַכט זיך, ברעכט עס אויס, דאָס דערוואַרטעטע פֿײַער, אָט וועלן אַ קראַך טאָן די האַרמאַטן — און דער טויט... ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער שווערער פֿײַנלעכער קאָשמאַר ציט זיך ווי אַן אייביקייט און וועקט אַלץ פֿינצטערערע געדאַנקען... אַלץ שוידערלעכע פֿאַרגעפֿילן...

אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ שעה צײַט, האָבן מיר זיך געפֿונען באַנט פֿון אַ שמאָלן וועג; פֿון יענער זײַט — וואַלד, און פֿון אונדזער זײַט — אָפּגעשניטענע פֿעלדער.

— איר זעט?

— סלופעס, סלופטשיקעס!

— סלופטשיקעס און אַ צלם!

דער פּאָלק האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען. אַנדערע זענען צוגעלאָפן לייענען די אויפשריפט אויף אַ שטיינערנעם מאָנומענט: ר ו ס ל אַ נ ד ־ ג אַ ל י ־ צ י ע ן.

איבערגעגאַנגען איז מען דאָס שמאָלע וועגעלע — די גרענעץ — אונטער די טענער פון צערעמאָניאַל־מאַרש.

נאָך דעם האָבן די מוזיקאַנטן באַהאַלטן זייערע אינסטרומענטן אין די פּוטליאַרן און פון דעמאָלט אָן, דאַכט זיך, האָבן זיי שוין מער נישט געגלאַנצט אַנטקעגן דער זון.

מ'האָט גענומען גיין לאַנגזאַמער און איטלעכער האָט זיך מיט נייַגעריקע בליקן גענומען אַרומקוקן אין אַלע זייַטן: קיין אונטערשייד וואַרפט זיך נאָך נישט אין די אויגן... דער זעלבער הימל, די זעלבע פעלדער און לאָנקעס, די זעלבע ביימער. נאָר דאָס וואָס אויפן שמאָלן וועגל שטייט אַן אויסגעהאַקטער פירקאַנטיקער שטיין — „רוסלאַנד־גאַליציען". נאָר געפילט האָט איטלעכער, אַז מ'איז שוין נישט אין דער היים. עפּעס טרעטן די פיס אויף פרעמדן זאַמד, אויף פרעמדער ערד. די אָפיצירן קוקן אין די קאַרטעס און מ'גייט לויט אַ באַשטימטן וועג, אָבער ביז וואַנען?... ביז וואַנען וועט מען אַזוי גיין? אָט דאָרט מיט אַ וויאָרסט אַכט פאָרויס שוואַרצט זיך אַ וואַלד — ווער ווייסט, וואָס אין דעם דאָזיקן וואַלד טוט זיך. געוויס וועלן מיר זיך דאָ ערגעץ אָנשטויסן אָן אַן אַנדער „גרענעץ"...

אויף די תבואה־פעלדער האָט מען נישט אָנגעזען קיין לעבעדיק וועזן. ערטערווייַז זענען געלעגן שוין פאַרטיקע אויפגעלייגטע סנאָפּעס און ערטערווייַז איז, קענטיק, די אַרבעט אין מיטן אַוועקגעוואָרפן געוואָרן. שטיקלעך ביימן זענען שוין געווען נאַקעט, און שטיקלעך — מיט ווייַסע טרוקענע זאַנגען.

מיר זענען, הייסט עס, אין גאַליציע!...

פון אַנטקעגן וויַיזט זיך אַ דאָרף. פון איין זיַיט אַ הויכער קוימען פון אַ בראָנפן־פאַבריק, פון דער אַנדערער זיַיט — אַ שפּיץ פון אַן איינפאַכער הילצערנער קירכע. אַז מיר זענען אַריַין אין דאָרף, האָט מען לכתּחילה קיין איין מענטשן נישט געזען. נאָך דעם, זעענדיק, אַז מיר גייען זיך דורך רויִק, געלאַסן, האָבן זיך פון אַנדערע היַיזער גענומען אַרויסרוקן פון די טירן האַלב־צעשראָקענע איַינוווינער און שטיל אָן ווערטער האָבן זיי ניַיגעריק געקוקט אויף אונדז.

און ס'האָט זיך שוין געוואָרפן אין די אויגן דער אונטערשייד: וויַיסע פּידזשאַקעס, העלע, רונדע קאַפּעליושן, קאַמאַשן — גאָר שטאָטיש. די פרויען כּמעט אַלע אין קליין־רוסישע קאָסטיומען. אמת, עס האָבן זיך אויך באַמערקט אָרעמערע, אין אַלטע „סערמיגעס" און „קאָזשוכן".

אויף אַ גאַניק פון אַ שיינעם הויז איז געשטאַנען אַ ייִדישע פרוי מיט צוויי יונגע מיידלעך. זיי האָבן נאָכגעקוקט ניַיגעריק און ערנסט און איינע האָט מיטן פינגער אַ וויַיז געטאָן:

— זעסט, דאָרט גייט אַ ייִד.

— אָט נאָך איינער. אַן אמת ייִדיש פּנים!

אין מיטן דאָרף האָט זיך דער פאָלק צוגעזעצט. סאָלדאַטן האָבן זיך ביסלעכוויַיז גענומען רוקן אין די היַיזער, ווו מען האָט „מכבד" געווען מיט אַ ביסל קאַלט וואַסער. די איַינוווינער זענען אויס מורא זייער קאַרג אויף ווערטער. סאָלדאַטן פרעגן נאָך ניַיגעריק, ווען דאָ איז געווען „זייער" מיליטער און זיי ענטפערן קורץ, אַז נעכטן איז דאָ געווען זייער קאַוואַלע־ריע, און וויַיטער וויסן זיי גאָרנישט, זיי מישן זיך נישט... זיי איז אַלץ איינס...

— מיר זענען דאָ אַלע רוטענער — האָבן זיי דערקלערט ליתר תּוקף — קיין איין פּאָליאַק און קיין איין דיַיטש. די קירכע איז אויך אַ פּראַוואָס־לאַווּנע.

מען דאַרף, קומט אויס, נאָך זייערע רייד, אויף זיי קוקן ווי אויף „אייגענע"...

אויף די ווענט פון אַ סך הײַזער זענען געווען אַרויסגעהאָנגען „איקאָ־נעס", וואָס האָבן אויך ווי עדות געזאָגט: „מיר זענען אייגענע".

אָפּגעשטעלט אויף נאַכטלעגער האָט מען זיך אין אַן אַנדער דאָרף. דאָרט שנײַדט זיך שוין דורך אַ שאָסיי צו דעם שטעטל זלאָטשעוו.

נעבן דאָרף געפינט זיך אַן עקאָנאָמיע פון אַ ייִדישן גוט־באַזיצער, וואָס איז אַליין אַנטלאָפן טיף אין לאַנד און אין דעם גאַנצן גוט, צווישן אַזוי פיל האָב־און־גוטס, האָט זיך געבאָמבלט עפּעס אַן אַלטיטשקער אויפזעער. אין דער עקאָנאָמיע איז אויך געווען אַ ברויז. סאָלדאַטן האָבן זיך דאָרט גע־נומען אַרומדרייען און דערשמעקט, אַז מען קאָן דאָרטן מאַכן „שהכל"...

מ'האָט אָבער באַלד באַפוילן אַרויסצולאָזן די פולע פעסער אין טײַך. אין די געבײַדעס פון דער עקאָנאָמיע האָבן זיך סאָלדאַטן געפּאָרעט צווישן די הפקר־גוטס... די וווינונגען — באַפּוצטע אין אַלטמאָדישן סטיל. אַלערליי אַנטיקן און באַצירונגען. מעטאַלן און זילבער. פּאָרטרעטן, בילדער, טער־קישע טעפּעכער. נײַע און אַלטע ביכער. אַ מאַסע ייִדישע ספרים, אַ סך פּאַרצײַטיקע, פון אַמשטערדאַמער דרוק. און אַלץ ווערט איבערגעדרייט. פון אַלץ ווערט אַש און שטויב...

## 4

נאַכט. מ׳ליגט בײַ די הײַזער אונטער פּאַלאַטקעס. קאַלטלעך. עס נעמט נישט קיין שלאָף. ערגעץ הינטערן דאָרף געפינען זיך אַרויסגעשטעלטע „זאַסטאַוועס", אָבער נישטאָ שוין די רויִקייט. יעדער העכערער קלאַנג רופט אַרויס אַ פאַרדאַכט.

די אויגן זענען פאַרמאַכט, אָבער קיין שלאָף קומט נישט. עס קלערט זיך וועגן דאָס אומפאַרמײַדלעכע, וואָס וועט סוף־כּל־סוף געשען. אין מאָדנע אומגעלומפּערטע בילדער שטעלט זיך עס פאָר. אַזוי שרעקלעך, אַזוי שווידערלעך! איבעריקנס, דיווירקלעכקייט קאָן זיך גאָרנישט אַרויסווײַזן לײַכטער פון די פאָרשטעלונגען...

אָט וואַרפן זיך אַרויס אויף אַ פעלד, ווי פון אַ שטורעמדיקן ווילדן ים אויסגעשפּיגן, ווילדע, צערייצטע ברואים מיט שאַרפע גלאַנציקע שטיקעס און אַנטבלויזטע שווערדן. מ׳פליט אויף צעווילדעוועטע פערד, וואָס טופען מיט די פיס און רײַסן דעם באָדן אונטער זיך, און עס וואַרפן זיך פון אונטער זייערע קאָפּיטעס שטיקלעך גלידער פון מענטשלעכע קערפּערס מיט געדיכטע הויפנס ערד אויסגעמישט, און שטיקעס שטעכן זיך אין ברוסטן און בײַכער, און שווערדן שפּאַלטן זיך איבער העלדזער און שאַרבנס... צעלעכערטע שאַרבנס — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

און איך ?...

עס מאַלט זיך מיר נישט אויס קלאָר. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט צונויפצונעמען מײַנע געדאַנקען און דערמאָנען זיך געוויסע שטורמישע מאָמענטן און איבערראַשנדיקע צופאַלן אין מײַן לעבן, אָבער פון דעם אַלעם האָב איך נישט געקענט אַראָפּנעמען אַ וועלכן עס איז בײַשפּיל, ווי אַזוי איך וועל זיך קענען האַלטן דערבײַ; אין וואָס פאַר אַ פּאָזע וועט מיך שטעלן די אָנקומענדיקע בלוטיקע מינוט, וואָס איז דאָך אַזוי אומפאַרמײַד־לעך, ווי נאָכן עשאַפּאָט — דער טויט...

איך ווייס אָסור נישט.

און אפשר וועט עס פאַרגליווערן מײַן האַרץ? נאָר... כאַ־כאַ! אַ מאָל, אַ מאָל, אין די קינדער־יאָרן, אַז איך האָב אַ ייִנגל געמאַכט בלוט פון נאָז, האָט מיר דאָס געוויסן מײַן רו געררויבט, און איך האָב זיך בעת־מעשׂה צעוויינט מער פון אים... און ווען איך פלעג נאָך דעם זען דאָס ייִנגל, פלעגט זיך בײַ מיר אויפוועקן אַ פּײַנלעכער געפיל פון שולד, ווי בײַ אַ רוצח. ס׳האָט זיך מיר אַלץ פאָרגעשטעלט זײַן דעמאָלטיק וויינענדיק פּנים און די שנירלעך בלוט, וואָס האָבן זיך געצויגן, דורכשנײַדנדיק די ליפּן, איבערן מאָרדע... און וויפל מאָל ווערט מען עס נישט אין לעבן אָפּגענאַרט און באַטראָגן דורך אַנדערע?... און וויפל מאָל ברענגט מען אײַך פון געדולד אַרויס און איר קומט צו ציינקראַמפּן און פאַרבן־ענדערונג אויפן געזיכט?... וויפל מאָל וועקט מען נישט אויף די באַהאַלטענע חיה, וואָס ליגט טיף באַגראָבן אין מענטשן?... אָבער ניין! דאָס פּײַנגעפיל, דערציִונג, טאַקט, זעלבסטקריטיק קומען אָנטקעגן און מיר שטעלן זיך העכער פון אונדזער צאָרן, און מיר באַזיגן דעם חיהשן אינסטינקט פון פויסט — כאָטש פאַר די אויגן שטייט אין זײַן גאַנצער וווקס דער פּערזענלעכער שׂונא מיט זײַן איראָנישן, גיפטיקן שמייכעלע...

יאָ, איך האָב איין מאָל פּײַנט געהאַט אַ מענטשן (ער האָט עס כשר פאַרדינט); האָב אים טאַקע ממש פּײַנט געהאַט ווי אַ שפּין. און ווען איך פלעג אַ מאָל קוקן אין זײַנע קליינע פאַלשע פאַררעטערישע אייגלעך, פלעגט

זיך מיר דאַכטן, אַז אַ מויז קריכט מיר איבערן לײַב און די שׂינאה אין מיר פּלעגט זיך נאָך מער צעוואַקסן, פּונקט ווי איך וואָלט אין זייער מוטנעם שײַן דערזען זײַן שמוציקע נשמה אין איר גאַנצער עקלהאַפטער נאַקעט־קייט... און בעת־מעשׂה פּלעגט דורכשווימען אין קאָפּ: ווי וואָלט, אַ שטייגער, געווען, ווען איך נעם פּלוצלינג אַרויס פון טאַש אַ רעוואָלווער און לאָז אים אַרײַן אַ קויל גלײַך אין זײַן קופּערנעם שטערן און אַ רויך פון פּולווער וואָלט פאַרגאָסן זײַנע פאַלשע אייגלעך?... פוי! ווי הילפלאָז, ווי שוואַך, ווי רחמנותדיק פּלעגט ער דאַן אויסזען אין מײַנע אויגן! כאַ־כאַ, אָט ליגט ער, דער שׂונא מײַנער... בלוט רינט פון זײַן געעפנטן שאַרבן. און זײַן גראָב־בײַכיקער קערפּער גיט זיך נישט קיין ריר. זײַנע אייגלעך זעען זיך שוין נישט; אַרום אים — ווײַב און קליינע קינדער... היסטעריק, חלשות, טרערן...

און מאָדנע! וויפל רחמנות קריג איך דאַן אויף דעם שׂונא מײַנעם, וועגן וועלכן איך האָב געקאָנט אַזוי טראַכטן, בלויז טראַכטן... איך טרייסל זיך אָפּ פון אַזעלכע רעיונות און ווער בעת־מעשׂה ווי אונטערטעניק זײַן שלעכטן ווילן, וואָס איז געווענדט קעגן מיר...

אויב אַפילו איך זאָל טויזנט מאָל זאָגן: „פליכט" — בין איך דאָך אָבער אַלץ דער אייגענער, וואָס קלערנדיק וועגן נקמה פון זײַן פּערזענלעכן שׂונא, קריגט גאָר דעמאָלט רחמנות אויף אים! בפרט נאָך — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פ אָ ר  ו ו אָ ס ?... — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

...כ׳ווייס עס נישט... כ׳ווייס אָסור נישט אין וועלכער פּאָזע איך וועל שטיין בײַם אָנקומען פון די אומפאַרמײַדלעכע גרויזאַמע מינוטן...

איך עפן די שלאָפלאָזע אויגן, קוק אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל,

זוך צווישן די מיליאָנען שטערן אַן ענטפער, און דער קאָפּ שווינדלט, שווינדלט...

גאַנץ פרי איז מען אַרויסגעגאַנגען. ווער ס'האָט געהאַט אַ שטיקל ברויט, האָט צוגעביסן, ווער נישט — האָט פרוכט געגריזשעט. דעם טאָג איז מען אויך אַריבער אַן אַ באַגעגעניש און מ'האָט צעלייגט זיך אין אַ דאָרף אויף נעכטיקן.

איך קום אַרײַן אין אַ ייִדיש הויז — פול ייִדישע סאָלדאַטן! ווער עס קײַט אַ שטיקל לחם, ווער אַן עפּל, אַ באַר און מען כאַפּט אַ שמועס מיט די הויזיקע. דער בעל־הבית פרעגט אומרויִק, צי מען וועט אים גאָרנישט טאָן. די ייִדישע סאָלדאַטן באַרויִקן אים. אַגב דערציילט דער ייִד, אַז ער האָט אַ שטיקל פעלד — צי מען וועט עס בײַ אים איצט נישט צונעמען און צי מ'וועט אים לאָזן וווינען אין דאָרף?... ווײַל ער ווייסט, אַז אין רוסלאַנד טאָרן ייִדן נישט קויפן קיין ערד און נישט וווינען אויפן ייִשוב...

פון דאָרטן בין איך אַוועק צו אַ צווייטן ייִדן. אויך פול סאָלדאַטן. די איינציקע, וואָס האָט מיט איטלעכן גערעדט, איז געווען אַ סימפּאַטישע פרײַ־לין. גערעדט האָט זי רוסיש. אַז איך האָב זי באַגריסט מיט אַ ייִדישן „גוט־ב'אָוונט", האָט זי מיר אויך געענטפערט: „דאָברי וועטשער"... מילא! דאָס מיידל האָט זיך פאַרשוויצט און פאַררויטיקט, טענהנדיק מיט איטלעכן באַזונדער, אַז ס'איז קיין זאַך נישטאָ בײַ זיי צו פאַרקויפן.

אַז זי איז אַרײַן אין אַ פרײַערן צימער, האָב איך זי געפרעגט, צי געפינט זיך נישט בײַ זיי צום פאַרקויפן פּשוט אַ שטיקל לחם, מאַכט נישט אויס פאַרשימלטע...

— איך וועל אײַך געבן פון אונדזערע — ענטפערט זי גוטמוטיק.

— טאָ וואָס וועט אײַך בלײַבן?...

— ניין, ניין, ביטע. מיר זיצן אויף אַן אָרט!

און זי נעמט אַרויס פון שענקל אַן אָנגעהויבענעם ברויט, שניידט אָפּ אַ שטיקל און דערלאַנגט מיר. איך נעם אַרויס קליינגעלט און פרעג: „וויפל?"

— אָ, ניין, ניין — שמייכלט זי.

— נישט פאַר געלט וויל איך נישט.

— איר באַליידיקט מיך מיט געלט — זאָגט זי דרייסט און רוקט אָפּ מײַן אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן געלט.

געזיגט האָט זי, נאַטירלעך: איך בין דאָך דער הונגעריקער...

כ'באַדאַנק זי און גיי אַרויס מיט אַן אומבאַקוועם געפיל...

נאָך דעם גיי איך פאַרבײַ עפּעס אַ כאַטקע, נעבן וועלכער עס שטייט אַ יונג מיידל אין אַ קליין־רוסישן קאָסטיום. דערזעענדיק מיך, רוקט זי זיך אָפּ אַ ביסל אָן אַ זײַט... איך נעם מיך אָבער אָן מיט העפלעכקייט און פרעג גאַנץ ווייך:

— אפשר ווייסט איר, פרײַלין, וווּ מ'קען קויפן עטלעכע אָפּגעקאָכטע אייער?

מײַן העפלעכער טאָן האָט טאַקע געווירקט און דאָס מיידל האָט זיך דערנענטערט צו מיר, האָט איבערגעפרעגט און געענטפערט שמייכלענדיק:

— איך קאָן אײַך געבן, אָבער נישט קיין סך.

— בלויז צוויי־דרײַ וויל איך.

— גוט, גוט.

און זי איז אַוועק צום הײַזל.

איך בין לכתחילה נאָכגעגאַנגען נאָך איר, אָבער קומענדיק צו דער טיר, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ווי אין פאַרלעגנהייט און בעטנדיק געזאָגט:

— איר וואַרט בעסער. כ'וועל שוין אַרויסטראָגן...

כ'האָב דײַטלעך פאַרשטאַנען איר שרעק...

— נו, גוט, איך וועל נישט אַרײַן... — האָב איך זי פאַרזיכערט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי צוריק אַרויסגעקומען מיטן צוגעזאָגטן.

— אין שטוב איז דען קיינער נישטאָ?

— ניין, קיינער נישט. דער מאַן איז ערגעץ אַוועק.

— איר האָט שוין דען אַ מאַן?!

— יאָ, יאָ, מיר האָבן זייער פּרי חתונה געהאַט... אויס ליבע... אָט גייט ער טאַקע.

עס קומט צו אַ יונגער־מאַן — כּמעט נאָך אַ ייִנגל.

איך קוק זיי ביידן אָן. זי שמייכלט, רויטלט זיך און די שוואַרצע באַזיווע אויגן בלאַנדזשען דאָ אויף מיר, דאָ אויפן מאַן, און דער מאַן קוקט זי אָן, דאַכט זיך, מיט מאָדנע פאַרשעמדיקע אויגן, וואָס קענען באַליידיקן... משמעות, אַז ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ביים אַרייַנגיין איז שטוב, האָט זייַן סימפּאַטיש באַזיווע חברטע איר טרייַהייט געוויזן...

קיין געלט איז מיר דאָ אויך נישט געלונגען צו געבן. איך ווער, הייסט עס, ווידער באַזיגט... דאָס יונגינקע ווייַבל האָט נאָר געבעטן, איך זאָל איר ווייַזן דאָס אויסזען פון רוסישע מטבעות. זי האָט נאָך קיין מאָל נישט געזען.

ביים אַוועקגיין פרעגט זי מיך האַלב־שעמעוודיק:

— איר זענט נישט קיין איזראַעליט?

— יאָ, יאָ.

— אָבער געטראָפן! — באַמערקט זי דעם מאַן.

איך געזעגן זיך פרייַנדלעך מיט זיי, און זיי ווינטשן מיר — ל ע ב ן...

ס'איז שוין גוט פינצטערלעך. דער עולם האָט זיך שוין גענומען אייַנ־לייגן אין די פּאַלאַטקעס ביי די שייַערן.

פּלוצלינג...

— רו־זש־יאָ!!

די דאָזיקע קאָמאַנדע איז געגעבן געוואָרן דורכן פּעלדפּעבל, וואָס איז פון ערגעץ שנעל אָנגעקומען.

— בלויז די ביקסן און פּאַטראָנעס!

און באַלד דערויף:

— שנעל זיך אויסטראָיען!

די זאַך איז געווען זייער אומדערוואַרט, כאָטש מען האָט געוווּסט, אַז סוף־כל־סוף מוז עס דאָך קומען דערצו; אָבער איצט אין דאָרף, ווו מ'האָט אָפּגעגעסן און געפילט זיך גאַנץ רויִק און שלאָפן זיך געקליבן — האָט עס איבערראַשט. דאָס „באַגעגעניש" האָט מען זיך גאָר פאָרגעשטעלט אויף אַ פעלד, אין מיטן גיין. — —

— שנעל! שנעל!

די באַוועגונגען זענען קאָנוווּלסיוו, דאָס האַרץ שלאָגט אומרויִקער און די טריט איילן זיך, איילן זיך. באַגעגנט מען אַ פּאַרקאַן, וואַרפט מען אים אום און מ'גייט גלייך פאָרויס. און נישט קיין ווילן האָט עס געהערשט מיט די מענטשן, נאָר די בלויזע איינבילדונג פון דער אומפאַרמיידלעכקייט. אין פינף מינוט איז מען שוין געווען אין מיטן דאָרף, אויף אַ פרייען פּלאַץ. פון אַלע זייטן האָבן זיך שנעל געצויגן די ראָטעס און זיך צעשאָטן אין קייט הינטער די הייזער אויף די פעלדער. אונדזער ראָטע איז דאָן געווען ביי דער פאָן און מיר זענען געבליבן מיט איר אין דאָרף. אומבאַמערקט, נעבן אַ פּאַרקאַן, איז מען געלעגן צעלייגט אויף דער ערד און דאָס געהער האָט זיך אומרויִק צוגעהערט צו יעדער באַוועגונג. נישט ווייט פון אונדז האָט מען אויסגעשטעלט עטלעכע האַרמאַטן און געוואַרט אויף אַ באַפעל צום שיסן.

וואָס טוט זיך איצט אויפן פעלד, הינטערן דאָרף?...

מאָדנע בילדער מאָלן זיך פאַר די אויגן...

— אָבער פאַר וואָס הערט מען נישט שיסן? פריִער, זאָגט מען, האָט זיך יאָ געהערט.

ס'האָט געדויערט אַ שעה צייט און די ראָטעס האָבן נאָך דעם צוריק גענומען אָנקומען אין דאָרף: ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז ס'איז געווען נישט

מער ווי אַ פײַנדלעכע מחנה פון אויסשפּירערס, און בלויז אַ קלײנע שיסערײַ איז ערגעץ פאָרגעקומען.

אונדזערע אויסשפּירערס האָבן מיט זיך געבראַכט צו פירן צוויי פאַר־וווּנדעטע חברים, אײנעם שווער.

— סאַניטאַרן!

באַלד האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון אַלע זײַטן סאַניטאַרן מיט זײערע מעדיקאַמענטן. ס'איז צוגעקומען כמעט דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון אָקאָ־לאָדאָק, און אַפילו דער פעלד־דאָקטער איז אויך צוגעגאַנגען. אַזאַ אויפ־מערקזאַמקייט האָבן געקאָנט פאַרדינען נאָר די ערשטע פאַרוווּנדעטע.

גליקלעכע פאַרוווּנדעטע!

— צוריק, צוריק אין די פּאַלאַטקעס!

— אַ סברא, אַז מאָרגנדיקער טאָג וועט זיכער געבן נײַס — באַמערקט מײַן שכן אין דער רײ, אַ ייִד.

ער שמײכלט אומעטיק און ציט אויס אַ לאַנגן זיפץ:

— אָכ־כאָ־כאָ...

— וואָס זיפצט איר? — פרעג איך.

איך זע, אַז ער וואָלט געוואָלט עפּעס רעדן, זאָגן; ער האָט אָבער קײן ווערטער נישט. בכלל איז ער זײער אַ טעמפּער פאַרשוין. קלײנע, גרויע, גאָרנישט זאָגנדיקע אײגעלעך. אַ דאַר צעפּאָקט פּנים. אַ שמאָלע אויסגע־קײַלעכטע שאַרפע נאָז, אויך פול מיט פּאָקן־גריבעלעך. אין דער הײם איז ער געווען אַ פּנים אַ פערדהענדלער. שרײַבן האָט ער נישט געקאָנט. אין זײַנע אַלע פּאַפּירן איז ער געשטאַנען „ניעגראַמאָטני". אין ראָטע און אין „פּאָכאָד" בין איך תּמיד געווען זײַן בריוו־שרײַבער. בײַם שרײַבן פלעגט ער מיר כּסדר דיקטירן שקרים, אַז מיט אים זענען כּלומרשט געשען משונה־דיקע זאַכן.

— צו וואָס דאַרפט איר עס? — פלעג איך פרעגן.

— וואָס אַרט אײַך, שרײַבט, איך בעט אײַך, כ'דאַרף עס האָבן...

מילא, פלעג איך שרייַבן מעשׂיות נישט־געשטויגן נישט־געפלויגן...

אין ראָטע האָט ער אָבער געשמט פאַר אַ גוטן סאָלדאַט, פאַר אַ גע־האָרכזאַמען און פינקטלעכן. אַלס „נאָוואָבראַניעץ" איז ער געקומען פון דער היים אין גלאַנציקע שטיוועלעך און האָט מיטגעבראַכט אין קעסטל אַ גאַנצן זאַפּאַס פון שוואַקס און אַפילו געלע פּאָמאַדע צו די קנעפּ פון שינעל און מונדיר...

— מאָלאָדיעץ! — פלעגט ער הערן אויף שריט און טריט. און שטענ־דיק, בעת כ׳פלעג הערן מוסר פון מייַנע „נאַטשאַלסטוואָ", פלעגט מען מיר אים שטעלן אַלס מוסטער. — אַן אמתער סאָלדאַט מיט אַלע „פּיטשעווקעס"...

אין „פּאָכאָד" איז ער כּסדר געווען מייַן שכן אין דער ריי. און רעדנ־דיק מיט אים, פלעגט מען זיך מוזן גייַסטיק אַראָפּבייגן, באַנוצן די עלע־מענטאַרסטע וואָרטמיטלען, ווי בעת מען רעדט מיט אַ קינד...

# 5

געוועקט האָט מען זייער פרי.

די זון האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצוגיין און אין מיזרח־זײַט אין האָריזאָנט האָט זיך בלויז אַן אומבאַשטימטע ליכטיקייט געריסן. מ׳האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און באַלד געהייסן זיך „סטראָיען״, כאָטש אין קעסל איז נאָך דער טיי נישט פאַרטיק געוואָרן.

לכתחילה איז מען געגאַנגען געווײנלעך, נאָך יעדער שעה אַ ביסל אָפּ־גערוט, אָבער שפּעטער איז איבערגעגעבן געוואָרן, מ׳זאָל גיין ווי ווײַט מעגלעך שנעלער.

די זון איז אויפגעגאַנגען אַ גרויסע, אַ גליִענדיקע און ווי צו להכעיס האָט זי זיך שנעל געררוקט העכער אויפן הימל, איבער אונדזערע קעפּ און ממש געשטאָכן מיט אירע הייסע ברענענדיקע שטראַלן. דער וועג איז געווען אַ שווערער, אַ טיף־זאַמדיקער, און איבער דער גאַנצער שטרעקע, וואָס דער פּאָלק האָט פאַרנומען, האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדיכטער שטיקנדיקער וואָלקן שטויב. און דער דאָזיקער שטויב האָט אַרײַנגעדרונגען אומעטום. אין האַלדז איז געווען טרוקן און שאַראָכעוואַטע; צווישן די ציין האָט גע־טרעשטשעט און דאָס שפּײַעכץ, וואָס מען פלעגט אָלע ווײַלע מיט מאַטער־ניש אַרויסשפּײַען, איז געווען ברוין און שוואַרץ ווי שיטערע בלאָטע... איבערן פּנים האָבן זיך געצויגן שנירלעך פון שמוציקן וואַסער און עס האָט געקאַפּעט פון אונטערן מאַרדע. אין די אויגן האָט געשטאָכן ווי מיט נאָד־לען, און אַז מ׳פלעגט זיי אויסרײַבן מיט די שמוציקע הענט, איז נאָך פיל ערגער געווען. ס׳איז ממש שווער געווען זיי צו האַלטן סײַ אָפן, סײַ פאַר־

מאַכט. קיין אויגן האָט מען, אייגנטלעך, בײַ קיינעם נישט געזען, נאָר טונ־קעלע פלעקן פון זאַמד. די ברעמען זענען געווען צונויפגעגאָסן פון שטויב, און זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ געדיכטע דיקע שפּינוועבס... די אויבער־העמדלעך (גימנאַסטיאָרקעס) זענען געווען נאַס און שוואַרץ און צוגעקלעפּט צום לײַב. און כאָטש מ׳האָט פאַרן אַרויסגיין גאָרנישט געגעסן, פון דעסט־וועגן האָט זיך נאָר געפילט אַ שטאַרקער ברענענדיקער דורשט. ווו נאָר אַ ברונעם, אַ טײַכל, צי עפּעס אַ שמוציקע לוזשע, פלעגט מען עס באַפאַלן ווי די בינען. אָבער דער דורשט איז געווען אַן אומברחמנותדיקער און די אַנגענומענע באַקלאַזשקע פלעגט באַלד שוין זײַן אַ ליידיקע, און די צוויי געדיכטע שפּינוועבספלעקן — די אויגן — האָבן ווידער געזוכט אין דער זײַט פון וועג, אין קאַנאַווע, און געגאַרט כאָטש אַ שיטערע בלאָטע... וואָרעם וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָט דאַן געקאָנט האָבן די גאַנצע היגיענע קעגן אַזאַ געפערלעכן דורשט!... אַפילו מ׳זאָל וויסן, אַז נאָך אַזאַ מין „משקה" איז בויכטיפוס מיט אַלע זײַנע פאָלגן אומפאַרמײַדלעך — וואָלט אויך, דאַכט זיך, קיינער נישט געקאָנט בײַשטיין אַזאַ נסיון!... די פונקציע פון מאַרך איז ווי אין גאַנצן אָפּגעשטאָרבן. דער קאָפּ האָט זיך געהאַלטן אויף די אַקסלען ווי אַ שווערע בלײַענע משׂא, און דער איינציקער געדאַנק, וואָס האָט זיך ערגעץ ווו געגראָבן אין מוח, איז געווען — „אַ פאַל טאָן אויף דער ערד!"... און ווי מחיהדיק גוט וואָלט עס געווען! די ביקס, וואָס שנײַדט אַזוי דעם אַקסל, אַ וואַרף טאָן אין אַ זײַט; די „סקאַטקע", וואָס ציט אַרויס און זויגט אַ פּײַטקייט פון לײַב — אַראָפּ! דעם פּאַטראָנטאַש — אַראָפּ! דעם פּאַס מיט די קוילנטעשלעך — אַראָפּ! אַלץ אַראָפּ! און זיך אויסציִען! אויסציִען!... אָבער אַן „אָרדינאַרעץ", וואָס איז פון אַנטקעגן אָנגעלאָפן אויף אַ פערד, האָט איבערגעגעבן, מ׳זאָל זיך נאָך מער צוואײַלן... און ס׳האָט זיך נישט אַזוי געפילט דאָס פּאַטאָלע, וואָס עס וואַרט ערגעץ מיט וויאָרסטן פאָרויס, ווי די גרויזאַמע פּײַנלעכע מינוטן פון פּײַערדיקע שטראַלן, שוויס, דורשט, שטויב און שרעקלעכע מידקייט...

מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאַלן.

אָט איינער, אַ צווייטער.

און דאָרטן? — נאָך איינער.

זונענשלאַק!

עס ברענט מיר אויף אין קאָפּ. כ׳וויס נישט, צי מיר וועט עס מײַדן. איך פיל אָבער אויף אַ שטאַרקן בײַסנדיקן ווייטאָג אין דעם לינקן ברוסט־קעסטל און איך ווייס נישט, וואָס צו דערוואַרטן: זונענשלאַק אָדער האַרצ־שלאַק?... די בײַדלעך פון רויטן קרייץ זענען שוין אַלע איבערפולט. מ׳הענגט זיך שוין פּשוט אָן די רעדער.

אויף אַ העכערן אָרט האָט זיך דער פּאָלק אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. אין דער ווײַטנס נעבן אַ דאָרף האָט זיך געזען אַ געדיכטער שטויבנעפּל, און די אָפיצירן האָבן געקוקט דורך בינאָקלען: איז עס נישט דער שׂונא? אָבער באַלד האָט מען געהייסן גיין ווײַטער.

מײַנע טריט ווערן לאַנגזאַמער און צוזאַמען מיט פיל, פיל אַנדערע גיי איך שוין אויף אַ קליינע שטרעקע פון הינטן.

איינער דערציילט, אַז נעכטן האָט דעם שׂונאס אַ מחנה באַפאַלן אונדזער אָבאָז, אָבער די „אָכראַנע" האָט „זיי" אָפּגעשלאָגן.

יענער דערציילט און איך וווּנדער זיך: פון וואַנען האָט ער כּוח צו רעדן אין דער צײַט וואָס ס׳איז אַפילו שווער זיך אָנצושטרענגען אויס־הערן...

פון אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַ בײַדל מיט פאַרוווּנדעטע פון קאַוואַלע־ריע. די הויכע רעדער פון ביידל האָבן זיך פאַמעלעך און שווער געגראָבן אין טיפן זאַמד.

מען פאַרשיט זיי מיט פראַגעס.

— ווו זענען „זיי"?

— די פּאָזיציע איז אַ ווערסט 4־5 פון דאַנען.

אַ ביסל ווײַטער איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער קאַוואַלעריע־פּאָלק.

— שוין באַלד, שוין באַלד — האָט מען אונדז נאָכגעשריִען.

מיר זענען אַרויפגעקומען אויף אַ בערגיק אָרט, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער ווײַטקייט ווי אַ פּיראַמיד. דער זאַמד איז געווען טיף און די פיס האָבן זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט צו דינען. אין דער גאַנצער קאַנאַווע, לענג־אויס, ליגן שוין אויסגעלייגט אָפּגעשטאַנענע, די קעפּ מאַכטלאָז פאַרוואָרפן, פיס און הענט אויסגעצויגן, און די ברוסט הייבט זיך פאַרמאַטערט אַרויף־אַראָפּ. סוף־כל־סוף טו איך אַ פאַל צווישן זיי אויפן שיפּוע פון דער קאַנאַווע. און ליגנדיק דאַכט מיר, אַז מײַנע פיס זענען שווער ווי קלעצער און אַז איך זאָל זיי וועלן אַ ריר טאָן, וויס איך נישט צי איך וואָלט געקענט. דאָס בלוט אינעווייניק זידט און קאָכט און קריכט פון איין אָרט אין אַנדערן. דער ווייטאָג אין ברוסט ווערט שטילער. — אַך, ליגן, אָט אַזוי ליגן מיט די הענט אונטערן קאָפּ!

— אָפּגערוט אַ ביסל און ווײַטער!

דאָס האָט געשריִען דער באַטאַליאָנער, וואָס איז פאַרבײַגעריטן אויף אַ פערד.

לאַנג בין איך אַזוי נישט געלעגן, כאָטש ווען אַ דאָקטער באַטראַכט מיך איצט, וואָלט ער מיר זיכער פאַרבאָטן זיך אויפצוהייבן... כ׳האָב אָנגע־שטרענגט דאָס לעצטע ביסל קרעפטן און זיך אויפגעשטעלט. געגאַנגען בין איך שוין איצט ווי אַ שיכּור, מיט וואַקלענדיקע טריט. און דאָס האָט גאָר־נישט אויסגעוויזן אומגעווײנלעך, פאַרקערט, פון די אַלע, וואָס זענען אַזוי צעשפּרייט געווען איבערן וועג, איז קיינער אַנדערש נישט געגאַנגען...

ענדלעך בין איך צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, ווו די ראָטע איז געלעגן צעלייגט בײַ דער זײַט וועג אויף אַ גראָז. כ׳בין צופרידן, וואָס כ׳האָב זיך לענגער נישט פאַרהאַלטן. גראָד האָט מען געהאַלטן אין אויסרופן איטלעכן לויטן צעטל און ווער ס׳איז נישט געווען, איז פאַרבאַטירט געוואָרן. די יִדישע נעמען האָט דער „ווזוואָדנער" אונטערגעשטראָכן מיט אַ באַזונדער אינטאָנאַציע...

— פּאָרויס!...

דאָס האָט אויסגערופן דער פאַרבײַפאָרנדיקער דיוויזיע־נאַטשאַלניק.

מיר רוקן זיך ווײַטער.

פון דער ווײַטנס האָבן זיך דערהערט עטלעכע קנאַלן פון האַרמאַטן.

דער ערשטער דונער...

מיר זענען צוגעגאַנגען צו אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן „פּאָזיציע״. מ׳האָט זיך געהייסן צעלייגן אויף דער ערד. און ליגנדיק האָבן די אָנגע־שטרענגטע בליקן געקוקט פאָרויס. — צעאַקערטע און אָפּגעשניטענע פעל־דער. לינקס — שטרויכן און שיטערע ביימעלעך. וואָס ווײַטער פאָרויס הייבן זיך די פעלדער אַלץ העכער און העכער. לערך אין אַ וויאָרסט פון אונדז זעען זיך דעכער און ביימער פון דאָרף זשוקאָוו, וואָס דערהייבט זיך פון אַ טאָל, און דאָרט ווײַטער, הינטערן דאָרף, זעען זיך אויך בערגיקע פעל־דער. פונקט אַנטקעגן אונדז האַלטן זיך אין אײַנגראָבן אונדזערע האַרמאַטן, און איינציקע גיבן שוין אַרויס פון צײַט צו צײַט אַ גוואַלדיקן קנאַל מיט אַ ברייטן פלאַם און דיקן רויך איבער זיך.

פּלוצלינג רופט איינער אויס, ווײַזנדיק מיטן פינגער:

— איר זעט?

און אַ צווייטער האַלט אונטער:

— דאָרטן, דאָרטן!

אַלע פאַררײַסן די קעפּ און נאָך שטאַרקער שטרענגען זיך אָן די בליקן פול שטויב.

און ווירקלעך! אין דער ווײַטנס, אויף יענער זײַט דאָרף, האָט זיך באַוויזן אַ גאַנצע ברייטע שורה פון קליינע, גאָר קלייניקע מענטשעלעך. די שורה רוקט זיך, רוקט זיך און טוט אַ פאַל. אין אַ ווײַלע אַרום הייבט זי זיך ווידער אויף, רוקט זיך, רוקט זיך נענטער צום דאָרף און טוט ווידער אַ פאַל.

— אָט דאָס זענען „זיי״.



אין די יאַראָסלויער קאַזאַרמעס

אַנדערע ראָטעס פון אונדזער פּאָלק צעשיטן זיך אין קייט און שורות־ווײַז לאָזן זיי זיך אַלץ העכער און ווײַטער צום דאָרף. — דאָס האָרץ האָט עס אָבער נאָך נישט אין גאַנצן דערשפּירט. מעגלעך דערפֿאַר, ווײַל ס׳איז נאָך איצט איינס בײַ טאָג און די זון באַקט נאָך אומברחמנותדיק, און דער שווייס קאַפּעט נאָך אַלץ, און דער דורשט מאַטערט — אַזוי, אַז מ׳איז גאָר אין שטאַנד נישט צו קלערן וואָס שפּעטער וועט זײַן, כאָטש דאָס „שפּע־טער" איז נישט קיין וואָך, און נישט אַפילו קיין טאָג, נאָר בלויז פּערטל שעהען אָדער מינוטן...

באַלד אָבער איז שוין די היץ פון דער זון, דער שווייס, די פּאַרמאַ־טערטקייט באַזיגט געוואָרן, און טריומפירט האָט דער טויט, וועלכן קיינער האָט נישט געזען, נאָר געפילט מיט דעם גאַנצן לײַב און זעל. לכתּחילה איז אונדז אויסגעקומען צו גיין דורך די שיטערע ביימלעך, לינקס; און ווײַל דער פּלאַץ איז אַ נידעריקער, זענען מיר געגאַנגען גלײַך, נישט אײַנגעבויגענערהייט. מיר זענען אָבער גלײַך אַרויסגעקומען העכער, און טיף טיף אין מוח האָט פּלוצלינג אַ מיש געטאָן:

— טר־ר־ראַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ!...

מען שיסט פון אַנטקעגן.

בלויז עטלעכע קוילן האָבן אַ פײַף געטאָן מיט אַ לאַנג ציִענדיקער זשומערײַ.

— לייג זיך! — —

איבעריקנס, כּמעט אַלע האָבן אַ פאַל געטאָן אָן דער קאָמאַנדע.

— טר־ר־ראַ. טאַ, טאַ, טאַ!

מיט וואָס פאַר אַ כּוח יעדע קויל שנײַדט דורך די לופט... ס׳וועט גע־וויס טרעפן... אָן צווייפל... אָן צווייפל...

ס׳ווערט שטיל אַ מינוט.

— אויף פּופּציק טריט פאָרויס!

אַ פרישער קוואַל כּוחות האָט זיך געעפנט. ווי הייבן זיך עס די טריט

אַזוי שנעל, אַזוי פלינק? דאָס יאָגט די קויל, וואָס לויפט אַן פון אַנטקעגן, און איטלעכער וואָלט וועלן וואָס פריִער צוריק אויף דער ערד ליגן.

די טראַסקעריַי איז געוואָרן אַן אָפּטע, אַ מוֹראַדיקע. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו אונטערשיידן איין שאָס פון אַנדערן. אַלע קנאַלן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ משונהדיק ווילדן רוישן איבער אַ גאַנצער ברייטער ליניע. ווו איינער איז געווען דאָרט איז ער אַ פאַל געטאָן. איבערן קאָפּ האָט זיך געטראָגן אַ שרעקלעכע הוזשעריַי פון קוילן — סאַמע איבערן קאָפּ! עטוואָס אַ הייב טאָן זיך — איז גענוג. עס האָבן אויך אָנגעהויבן האַרמאַטן צו דונערן און שראַפּנעלן זיך צו רײַסן... אַך ווי ס׳מישט אין קאָפּ, ווי ס׳טומלט!... עס וועט טרעפן...

— אויף פופציק טריט פאָרויס! — —

אַך איצט?!...

קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. אַלע זענען געלעגן אויסגע־צויגן און זיך געטוליעט מיט די קעפּ צו דער ערד.

— פאָרויס! — —

אָבער קיין ריר, קיין באַוועגונג פון קיינעם. טאָמער האָט איינער אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, האָט ער אים גלײַך צוריק אַראָפּגעלאָזט, ווײַל ער האָט געזען, אַז אַלע ליגן.

דער פעלדפעבל איז ערגעץ פון הינטן אומגעקראָכן און מיט גוטן גע־בעטן: „נו, ברידער, ברידער!״ נאָר אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט ער די „ברידער״ אויף „הינט״ פאַרביטן און האָט זיך צום שווערד געפּרוווט נעמען... אייניקע האָט ער איבער די פּיס מכבד געווען...

זיך אויפגעהויבן ווי עס איז און נישט מיט קיין מענטשלעכער קראַפט ווײַטער געלאָפן. אַזוי עטלעכע מאָל. אויפן וועג זענען שוין אַנדערע גע־בליבן. ווער ס׳איז אומגעפאַלן אַן לשון און גלײַך די ביקס אײַנגעלאָזן און ווער ס׳האָט פּלוצלינג זיך אָפּגעהאַלטן פון לויפן און אַ געשריי אַרויסגע־לאָזט:

— אָ גאָט!

פון לינקס און פון רעכטס האָבן זיך קרעכצנדיקע שטימען געהערט:

— סאַ־ני־טאַר!...

בלוט. — —

דעם ערשטן, וואָס איך האָב דערזען, האָט ערגעץ אין באַק געטראָפן און דאָס גאַנצע געזיכט מיט דער באָרד איז געווען גלאַנציק רויט. קיין איינציק ווײַסער פלעק. אַ רויטער, גאַנץ רויטער פּנים. פײַכט און גלאַנציק רויט!... שפּעטער אַ ביסל זענען שוין די פײַנלעכע, בעטנדיקע קולות גע־וואָרן אָפּטער. קוים־קוים וואָס זיי פלעגן זיך דורכרײַסן דורכן גיהנומדיקן ליאַרעם.

— סאַ־ני־טאַר!...

— סאַ־ני־טאַר!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...מיר זענען געלעגן אין אַ לאָטשינקע, צווישן צוויי בייטן. האַרט איבערן קאָפּ האָט זיך געטראָגן די זשומערײַ פון קוילן...

מ׳האָט באַפוילן צו עפענען פײַער. אין די אויגן האָט מאָדנע גע־שווינדלט, גלײַך ווי מען וואָלט געזען ווי די קוילן לויפן פונקט אַנטקעגן שאַרבן. אין מוח האָט געראַשט און געטומלט, און דאָס האַרץ האָט ווילד זיך געהויבן און אָנגעשלאָגן זיך אָן דער ערד, צו וועלכער מ׳איז געלעגן צוגעדריקט ווי צו אַ באַשיצערין. די באַוועגונגען זענען געווען נערוועזע, פיבערהאַפטע. די ציטערנדיקע הענט האָבן אומגעלומפּערט געאַרבעט און זיך געגראַבלט בײַ די פּאַטראָנעס און בײַם אָנלאָדן.

— טאַ־טאַ־טאַ־טר־ר־ר־ר.

דער גיהנום אַליין האָט זיך געעפנט און זײַן גרויזאַמקייט אַנטפּלעקט. קיין געדאַנק, קיין פאַרשטעלונג. אַלץ איז פאַרשלונגען געוואָרן אינעם

ווילדן קאָשמאַר פון קנוילן פּײַער, שטיקנדיקן רויך. טראַסקערײַ פון ביקסן, פּולעמיאָטן, קנאַלן פון האַרמאַטן, הילך פון גראַנאַטן און געשרייען פון פאַרבלוטיקטע...

— בום! ב־בו־ם־ם־ם! בום!

— טר־ר־ר־ר־ר־ר.

דער סוף! דער סוף! די וועלט קומט אום! הימל, ערד, פײַער, וואַסער — אַלץ וועט זיך אויסמישן אין איין גרויסן פײַערדיקן גיהנום! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פאַר וואָס שטייט דער טאָג אויף אַן אָרט? פאַר וואָס רוקט זיך גאָר אויבן די זון נישט? פאַר וואָס ווערט שוין נישט פינצטער? צי האָט זיך גאָר די צײַט אָפּגעשטעלט?...

נעבן מיר ליגט איינער מיט אַ צעלעכערטן שאַרבן. דער מאַרך שפּאַרט אַרויס פון אינעווייניק, און דער גאַנצער קערפּער וואַרפט זיך אין קאָנ־ווולסיע און דער האַלדז כאַרכלט און גיסט אַרויס דורכן אָפענעם מויל אַ ווײַסע פליסיקייט...

פאַר וואָס שטאַרבט ער נישט?...

דער גיהנום האָט זיך געצויגן ווי אַן אומענדלעכקייט. איבעריקנס, ווער האָט דאַן געקענט וויסן גענוי דעם טעמפּ פון דער צײַט? עס האָט אָבער געמוזט דויערן. וויפל פאַרווונדעטע זענען שוין פאַראַן! וויפל טויטע! די הונדערט און צוואַנציק פּאַטראָנעס שוין אויסגעגאַנגען. מ׳האָט שוין גענוצט פריש צוגעטראָגענע. דאָס האַרץ איז שוין געוואָרן רויִקער, דאָס אויער — צוגעוווינט צום ווילדן ליאַרעם. דער קערפּער מיטן צעלעכערטן שאַרבן נעבן מיר האָט זיך שוין אויך נישט געוואָרפן. רויִק איז ער זיך געלעגן; די פיס אויסגעצויגן, די הענט אין אַ זײַט; דער שטערן מיט די האַלב־

אָפּענע אויגן פאַרריסן שאַ־שטיל. און דאָס איז אויך אַ סימן, אַז די צײַט שטייט נישט אויף אַן אָרט...

עס האָט אָנגעהויבן אַ רעגלמעסיקן טעמפּ. יעדע עטלעכע מינוט פלעגן זיך דערהערן פיר קנאַלן, גלײַך איינער נאָך דעם אַנדערן, פון פיר האַר־מאַטן, און דאָס איז געווען ווי אַ מין באַגלייטונג צו דער אומאויפהערלעכער גרילצערײַ פון ביקסן און פולעמיאָטן.

— טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טר־ר־ר־ר.

און —

— בום! בום! בום! בום!...

אַזוי כּסדר.

מײַן שכן דרייט אויס צו מיר זײַנע צעשראָקענע, ווילדע אויגן און באַמערקט:

— מען דאַרף אים אָפּשלעפּן פאַר די פיס. כ׳קען אויף אים נישט קוקן.

דאָס האָט ער געזאָגט וועגן דעם טויטן קערפּער, וואָס איז צווישן אונדז ביידן געלעגן. אָבער טאָן האָבן מיר עסביידע נישט געטאָן. — צו וואָס?... איך האָב בלויז שטום אַ קוק געטאָן אויף מײַן שכן, אויף זײַן שוואַרצן פאַרבלאָטיקטן פּנים און טוליענדיק זיך פעסטער צו דער ערד געקלערט, אַז איך מוז אויך האָבן אַזאַ אויסזען...

ווי גיפטיקע פליגן האָבן געשטאָכן אין מוח אָפּגעריסענע געדאַנקען... וועט זיך איין שטיקל בלײַ נישט אַ לאָז טאָן אַ ביסל נידעריקער? איין ביסעלע נידעריקער... בלויז אויף עטלעכע סענטימעטער... און דאַן... ווי דער, וואָס נעבן מיר, מיטן צעלעכערטן שאַרבן און האַלבאָפענע פאַר־גלאָצטע אויגן... ער איז דאָך אויך געלעגן נעבן מיר, אויף דער זעלבער הויכקייט און דאָך... בלויז אויף עטלעכע סענטימעטער נידעריקער...

און מאָדנע אומאָנגענעם האָט ווי געקיצלט אין שאַרבן, גלײַך ווי

עמעצער וואָלט געשטאַנען פונקט אַנטקעגן, גאָר נאָנט און זיך געצילט אין אים, און ס'איז קיין צווייפל נישטאָ, אַז אָט־אָט וועט אַ קנאַק טאָן...

אין די אויגן איז פינצטער געוואָרן און ס'האָט געשווינדלט, געמישט אַ בלענדנדיקער כאַאָס...

...ווי וועט עס זיין?... וועט עס בלויז אַ פּיק טאָן און אַלץ וועט מיט אַ מאָל פאַרשווינדן?... קיין באַוווסטזיין?... גאָרנישט?... גאָרנישט?... אָדער עס וועט דויערן?... עס וועט זיך ציִען אַ שניידנדיקער ווייטאָג?... דער מאַרך וועט נאָך אין שטאַנד זיין עטוואָס צו טראַכטן און די אויגן וועלן נאָך קאָנען זען אויבן דעם הימל? ——— ווי וועט עס זיין?...

...בלויז אויף עטלעכע סעקונדן מער נידעריקער...

...איך ציִ אַרויס דאָס רידעלע פון ציכאָל און גראָב פּאַרויס, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ. איך שיט אַזוי אַרויס עטלעכע רידלען ערד, און אין דעם אויסגעגראָבענעם גריבל לאָז איך דעם קאָפּ אַרונטער. אַזוי טוען אַ סך, ווער ס'האָט אַ ווײַלע נישט געשאָסן...

קיל איז די ערד און פייכט. עס דריקט זיך צו איר אין דער פינצטער דער הייסער גליִענדיקער שטערן, און גראָבט זיך ווי אַ חיה, וואָס זוכט אין געפאַר אַ באַהעלטעניש...

פון הינטן האָט מען ווידער אויסגעשריִען:

— אויף פּופּציק טריט פאָרויס!

קיין סך האָט מען שוין איצט נישט באַדאַרפט איבערחזרן — אַלע האָבן זיך ווי עלעקטריזירטע אַ הייב געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזן מיט די גאַנצע כוחות. אין האַרצן און אין די שלייפן האָט דאָס בלוט געזעצט ווי מיט האַמערס און פאַר די אויערן האָט שנעל־שנעל געזשומעט:

— זשיק! זשיק! זשיק! זשיק!

אינסטינקטיוו בייגט זיך אָפּ דער קאָפּ רעכטס און לינקס, גלײַך ווי דערמיט וואָלט מען קענען אויסמײַדן דאָס שטיקל בלײַ, וואָס טראָגט מיט זיך דעם טויט... די לינקע האַנט האָלט פעסט אָנגעשטעלט דאָס רידעלע קעגן שטערן און דאָס פּײַנלעכע קיצלען שפּירט זיך שטאַרק אין ברוסט: אָט־אָט וועט עס דורכלעכערן אַ קויל מיט אַ גלאַטן און גליטשיקן „זש־ש־זשיק" דורך פלייש און בלוט — —

— זשיק! זשיק! זשיק!...

ווי ס'רעגנט!... ווי געדיכט!...

אָט — — אָט פאַל איך — —

טויט — — טויט — —

— זשיק! זשיק! זשיק!

— סאַני־טאַ־אַר!...

— אָ, ג־אָ־אָ־ט!...

מיר ליגן ווידער אויף אַן אָרט. דאָ איז נאָך געפערלעכער ווי דאָרט. עס זשומעט האַרט איבערן קאָפּ.

איך וואַרף אַ בליק אין דער זײַט — שיטער געוואָרן!... עס פעלן שוין אַ סך...

איך וווּנדער מיך ווי אַזוי בין איך פריִער דורכגעלאָפן גאַנץ?... סאַראַ האָגל!...

פון הינטן האָט מען אויסגערופן:

— „זיי" לויפן צו אונדז!

דער קאָפּ האָט זיך דערשראָקן אַ הייב געטאָן און די אויגן האָבן

דערזען: איבער דער גאַנצער לענג פון דאָרף וויקלען זיך געדיכטע וואָלקנס רויך און פלאַמען, און אונטן, פון איין זײַט דאָרף, רוקן זיך גאַנצע שורות מענטשן, געדיכט, איינע נעבן די אַנדערע. שנעל־שנעל רוקן זיי זיך נענטער, צו אונדז, און אײַנגעבויגענערהייט און וואַקלענדיקע, מיט די ראַנצן אויף די פלייצעס זעען זיי אויס ווי אָנגעלאָדענע קעמלען.

— פײַער! פײַער!

געגרילצט האָבן די פולעמיאָטן און געראַשט די ביקסן. פון ערגעץ ווו פון הינטן האָבן די האַרמאַטן געדונערט. אַט־אַט זעט זיך, ווי אַ שראַפּ־נעל האָט זיך פּונקט איבער זייער קאָלאָנע אויפגעריסן און אַ גאַנצער הויפן מענטשן האָט אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד...

„זיי" זענען שוין נאָנט צו אונדז. אָט גאָר נישט ווײַט האָבן זיי זיך אַ לייג געטאָן. זיי רײַסן זיך פון אַנטקעגן און פון לינקס, פון פליגל, און פון ביידע זײַטן שיט זיך אויף אונדז דער האָגל.

— — וואָס וועט דאָ באַלד פאָרקומען?

— — זיי לויפן נענטער, נענטער

— פײַער; פײַער; פײַער!...

— סאָ־ני־טאָ־אַר!...

— ג־אָ־אָ־ט!...

פון הינטן זענען אונדז אָנגעקומען צו הילף גאַנצע פרישע קאָלאָנעס און „זיי" זענען שפּעטער אַ ביסל געלאָפן בישט צו אונדז, נאָר צוריק. מ'האָט דײַטלעך געזען, ווי אַנדערע האָבן פון זיך די ראַנצן אַראָפּגעוואָרפן, כּדי זיי זאָל גרינגער זײַן צו לויפן, און זייערע לײַכטע „טשערעוויקעס" (שיך) האָבן זיך שנעל געהויבן. אַנדערע זענען לויפנדיק אומגעפאַלן — ווײַזט אויס, דורך אַ קויל געטראָפן. פון אונדזער זײַט האָט מען כּסדר

געשאָסן, נאָכגעלאָפן און געשאָסן, און „זיי", די אַנטלויפנדיקע, זענען באַלד צוריק באַהאַלטן געוואָרן הינטערן פלאַמענדיקן דאָרף.

פון אַנטקעגן האָט מען כמעט ווי אויפגעהערט צו שיסן.

...מיר טרעטן שוין אויף פעלדער, וווּ עס ליגן זייערע הרוגים. אַלע טויטע ליגן אין דער גאַנצער אַמוניציע, אַנדערע מיט אָראָפּגעפאַלענע היט־לען. אָט איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער. פריש דערהרגעטע. דאַכט זיך, זיי לעבן נאָך.

יעדער קוקט זיך צו צו די טויטע מיט בײַגעריקע בליקן. אָן אַנדערער בייגט זיך אַריבער איבער אַ טויטן, הייבט אויף זײַן ביקס און באַטראַכט זי. איבערן פעלד וואַלגערן זיך אומעטום צעוואָרפענע ראַנצן, ביקסן, געלע שיך, בלויע שינעלן און נאָך פיל אַנדערע זאַכן.

פאַר מיר לויפט איינער פון אונדזערע. דערזעענדיק פאַר זיך אַ טויטן, הייבט ער אויף די ביקס אין דער הייך און מיט אַ רוסיש זידלוואָרט לאָזט ער אים אַרײַן מיט די גאַנצע כּוחות דעם שטיק אין ברוסט... די ביינער בײַם טויטן האָבן בעת־מעשׂה אַ טרעשטשע געטאָן: בר־ר־ר!... אָבער דער דערהרגעטער האָט זיך דערפון קיין ריר נישט געטאָן. ווי פריִער איז ער זיך רויִק און גלײַכגילטיק געלעגן, דעם ראַניעץ אונטער זיך; דאָס פּנים פאַרריסן אַרויף צום הימל, די פיס אויסגעצויגן און אַ ביסל פונאַנדער־געפירט; די ברעמען פון די טויטע אָפענע אויגן האָבן קיין ציטער נישט געטאָן...

ווי שוידערלעך האָט מיך דורכגענומען די דאָזיקע גלײַכגילטיקייט פון טויט!...

— אי־די־אָט! — —

צו מיר האָט זיך אויסגעדרייט אַ פאַרשמוצטער בלאָטיקער פּנים און ווילדע אומזיניקע אויגן:

— ער לעבט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בר־ר־ר!... אַ טרעשטש פון די ביינער — און שטיל, קיין ריר... אַ, גרויזאַמע רויִקייט! — — —

איך קום אין אַ קליינעם וועלדל, אויף אַ באַרג. עס דרייען זיך אום הין און הער מענטשן פון פאַרשיידענע פאָלקן. אין אַ ווינקל, האָט מען פון דאָרט דערזען רוקט זיך אַן אָפּטיילונג פון שׂונא, און אַלע ווײַלע פלעגט פון דאָרט אַ פײַף טאָן אַ קויל.

— אַהער אַ פּולעמיאָט!

דער קליינער עולם האָט זיך אין דער נידער אין אַ קאַנאַווע אַראָפּ־געלאָזט, עטלעכע זאַלפן אַרויסגעלאָזט, און אין דער ווײַטנס האָט זיך שוין באַלד קיינער נישט געזען. בלויז איין איינציקער קנויל האָט זיך לאַנגזאַם געקײַקלט אויף אַרויף באַרג, וואָרשײַנלעך אַ פאַרוווּנדעטער.

אין דער זעלבער קאַנאַווע זענען געלעגן עטלעכע שווער פאַרוווּנדעטע פון שׂונא און איינער פון אונדזערע. צו איינעם פון זיי איז פּלוצלינג צוגע־לאָפן אַ סאָלדאַט און פון דער הויך אין אים אויסגעשאָסן...

אַלעמען אין קאַנאַווע האָט עס אויפגערעגט.

— וואָס טוסטו, באַלוואַן!

— אַן אָפיציר! ער לעבט נאָך!

מ׳האָט אים באַלד באַשטראָפט: אין „באַקלאַזשקע" האָט ער נאָך געהאַט אַ ביסל וואַסער, האָט מען אים געצוווּנגען ער זאָל זיך אָנבייגן איבער אַ פאַרוווּנדעטן עסטרײַכער און עס אים געבן אויסטרינקען. נאָך דעם האָט ער זיך שווײַגנדיק צוגעקוקט צו זײַן קרבן און אַליין זײַן שולד דערפילט...

— כ׳האָב נישט געוווּסט — האָט ער געשטאַמלט — כ׳האָב געמיינט...

נאָר מיט וואָס צו ענדיקן האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך דער־

בענטערט צום אָפּיציר, האָט אים טיפער אָנגעקוקט, אָבער יענער האָט זיך מאָדנע אויפגעקאָרטשעט מיט די קני צום בויך, דאָס געזיכט צוגע־דריקט צו דער ערד, און ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ קללה איז ער פאַרגליווערט געוואָרן — —

נעבן מיר איז געלעגן איינער אויפן פּליצע, דעם קאָפּ פאַרריסן און האָט שווער געאָטעמט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אויפגעהויבן זײַן היטל, וואָס האָט זיך בײַ זײַן קאָפּ געוואַלגערט, און געזוכט אינעווייניק אַן אָנשריפט. דער פאַרוווּנדעטער האָט אַוודאי געמיינט, אַז איך קלײַב זיך אויך אים שלעכטס טאָן, און פאַרריַיסנדיק דעם קאָפּ נאָך העכער, האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע בעטנדיקע אויגן, וואָס כ׳וועל קיין מאָל, קיין מאָל נישט פאַרגעסן... כ׳האָב זיך בעת־מעשׂה דערפילט אַזוי אָפּהענטיק! אין וואָס איז ער מיך חושד, אָט דער האַלב־טויטער, וואָס נאָר די אויגן זײַנען, די שטומע בלויע אויגן, האָבן זיך לאַנגזאַם צו מיר אויסגעדרייט און אַזוי שטיין געבליבן ווי פאַרגליווערטע!... כ׳האָב אַראָפּ־געלאָזט זײַן היטל, אַ לייג געטאָן אין אַ זײַט די ביקס און, זיך אָנבייגנדיק איבער אים, גענומען אים באַרויִקן מערער מיט האַנט־באַוועגונגען און מימיק. און געוואָלט האָט זיך אים זאָגן פרײַנדלעך, גאָר פרײַנדלעך: „צי דען דערקענסטו נישט, אַז איך וועל דיר קיין זאַך נישט טאָן? האָסט אַוודאי געמיינט, אַז איך גיי אין דיר אויסשיסן, ווי יענער, אָדער גאָר מיטן שטיק... כאַ־כאַ...״

אַזוי האָב איך צו אים אין געדאַנק גערעדט און ער איז געלעגן שטום אָן ווערטער און, ווײַזט אויס, יאָ פאַרשטאַנען אַ ביסל, אַז זײַן חשד איז אַן אומזיסטער.

איך פּרוּוו אים שטעלן אַ פראַגע — ער ענטפערט נישט. ער באַוועגט נאָר לײַכט מיטן קאָפּ און מיט אַ האַנט גיט ער אַ וואָרף צום בויך, וואָס

איז געווען פונאַנדערגעשפּיליעט און אַרומגעוויקלט מיט אַ באַנדאַזש שוין דורכגענעצט און רויט פון בלוט... איך ווײַז אים מיט האַנט־באַוועגונגען: באַלד... באַלד... סאַניטאַרן... אַוועקפירן... דאָרט... דאָרט... רוסלאַנד... היילן... היילן...

זײַנע אויגן זענען געוואָרן גלאַנציקער, גלײַך ווי אַ טרייסט וואָלט אין זיי אויפגעשײַנט.

איך לאָז אים איבער און גיי צו צום רוסישן, וואָס ליגט אָן סימנים פון לעבן.

— לאָמיר אים אַראָפּציִען די זאַכן און איבערבינדן — זאָגט איינער

— דאַכט זיך, ער לעבט.

מען הייבט אים אויף צוזאַמען פון קאַנאַווע אין דער הייך, און ער גיט טאַקע אַ כאָרכל מיטן האַלדז: לעבט. מען נעמט אים אַראָפּציִען די זאַכן — בלוט און בלוט. אין סאַמע בויך. מען באַווײַזט אים אָבער נישט איבערבינדן: נאָך אַ פּאָר גסיסה־כאָרכלען מיטן האַלדז, אַ קראַמפּהאַפּטן וואָרף מיט די פֿיס — און אייביקע רו!...

איך שפּאַר זיך אָן אינעווייניק אין קאַנאַווע אָן ביקס און פֿאַררײַס דעם קאָפּ אין דער הייך. — הייסט עס געענדיקט — און איך לעב?...

ס׳איז שוין פּאַר נאַכט. די זון איז שוין נישטאָ. ווען איז זי פֿאַרגאַנגען? — טונקל, קיל.

וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען?...

עך — מאַ, איך לעב...

ס׳איז שוין כמעט שטיל. זעלטן נאָר דערהערט זיך אָן אייבציקער קנאַל פון אַ ביקס און אין דער לופט גיט אַ פֿײַף אַ פֿאַרשפּעטיקטע קויל. אַנטקעגן וויקלען זיך גרויסע פֿײַערדיקע צונגען איבערן ברענענדיקן דאָרף. און אַזוי שטיל גייט עס דאָרט צו. קיינער וויינט נישט, קיינער שרײַט נישט.

אַז עס ברענט — ברענט עס, גלײַך ווי נישט קיין מענטשן וואָלטן דאָרט פריִער געוווינט, נאָר דאָס פלאַקערן עס גרויסע אומגעלומפּערטע נאָרעס פון חיות אין דער וויסטעניש...

די לופט איז פריש, קיל. עס אָטעמט זיך לײַכט. די לונגען ציִען, זויגן אין זיך מיט דורשט.

ווי שוואַרץ זענען מײַנע הענט, ווי בלאָטיק! ווי שמוציק און אײַנגעמאַכט זענען מײַנע זאַכן! וויפל שטויב אין די האָר, אין מויל. עס טרעשטשעט דער זאַמד אין די ציין — טפו! און מײַן פּנים? — איך פיר דורך מײַן טאַשן־טיכל איבער אים, און דאָס טאַשן־טיכל ווערט אין גאַנצן בלאָטיק... געגעסן האָב איך דאָך אויך אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט — פאַר וואָס הונגערט מיך נישט? נאָר טרינקען, טרינקען, טרינקען.

וואָס איז דאָ, אייגנטלעך, פאָרגעקומען? — —

— ווער איז דאָ פון אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי פּאָלק? — האָט געפרעגט אַ צוקומענדיקער אָפיציר. — לאָמיר גיין אַהין, אויף יענער זײַט דאָרף. דאָרט מוז מען זיך אַוודאי אויפקלײַבן.

מיר לאָזן זיך גיין. אויפן וועג וואַלגערן זיך טויטע און פאַרוווּנדעטע. די פאַרוווּנדעטע קרעכצן, בעטן זיך און ציִען הילפלאָז מיט די הענט...

מיר גייען דורך דאָס ברענענדיקע דאָרף.

אַ שוידערלעך בילד!

פון אַנדערע הײַזער איז שוין קיין זכר נישט געבליבן. בלויז בערגלעך מיט גליִענדיקע קוילן און ערטערווײַז נאָך אויפוואַכנדיקע פלאַמען. אַנדערע גרעסערע געבײַדעס האַלטן נאָך אין סאַמע ברענען און דער גאַנצער טונקעלער הימל איבערן דאָרף איז פאַרצויגן מיט אַ דיקן פײַערדיקן נעפּל. עס טרעשטשען און קנאַקן די פונקען און וויקלען זיך אין דער לופטן ווי גליִענדיקע שלאַנגען. קיין מענטשן איז כמעט נישט צו זען, בלויז ווו נישט ווו ווײַזט זיך אַ שאָטן פון אַ לעבעדיקן. אָט שטייט אַן אַלטיטשקע נעבן אַ דערהרגעטע בהמה און וויינט אין דער שטיל. אַ ביסל ווײַטער נעבן

אַ ציגלהויז זעט זיך אַ פּרוי מיט צעפּלאָסענע האָר, נעבן איר עטלעכע קליינע קינדער. אַ גאַנצן טאָג, ווײַזט אויס, געלעגן באַהאַלטן ערגעץ אין אַ קעלער און איצט שטייט מען און מען קוקט זיך צו ווי עס ברענען די אייגענע פיר ווינקעלעך... און מערקווערדיק! אַלע שטיקן זיך און כליפּען אין זיך, גלײַך ווי זיי וואָלטן מורא האָבן אַרויסצוווײַזן זייער פאַרביטערט האַרץ...

מיר גייען דורך אַ רויט־באַלויכטענע לאַנגע ברוקירטע גאַס און קומען אַרויס אין עק דאָרף. אין אַ קאַנאַווע פליסט אַ שמאָל קלאָר וואַסער — מיר פאַלן צו און קוויקן זיך.

מיר קומען נאָך דעם אַרויס אויף יענער זײַט אויף אַ באַרג. — אָט זענען זייערע „שאַנצן": אַ לאַנגע אויסגעגראָבענע קאַנאַווע. פון דאַנען האָבן זיי עס גערעגנט און געהאָגלט מיט פײַער. אינעווייניק וואַלגערן זיך גילזן פון פאַטראָנעס, רידעלעך, קוילן־טעשלעך, ראַנצן, צעשאָטענע שטיקלעך צוקער.

מיר געפינען אַ קליינע גרופּע „אונדזערע", צווישן זיי אַ געפאַנגענער מיט אַ וווּנד אין האַנט. קיינער קען זיך מיט אים נישט אויפרעדן, נאָר איינער אַ ייִד פּרוווט צו אים „שפּרעכן דײַטש" און יענער גיט טאַקע לשון...

— נו, וואָס, וואָס רעדט ער? — פרעגן אַלע נײַגעריק דעם ייִדן, גלײַך ווי זיי וואָלטן פון אים עפּעס אַ ישועה געוואָרט...

עס קומט צו דער פעלדפעבל פון אונדזער ראָטע. — ער פאַרשאַרצט דעם אַרבל און ווײַזט אַ מאַרלע־בינד: איז לײַכט פאַרווונדעט און פון „סטראָי" נישט אַוועק. ער רעכנט אויס אַ גאַנצע ריי פון דערהרגעטע און פאַרווונדעטע פון אונדזער ראָטע.

— נו, וואָס איז דער פועל־יוצא? — פרעגט איינער גאַנץ תמימותדיק.

— פועל־יוצא? — ענטפערט דער פאָדפּראָפּאָרשטשיק — וואָס וויל־סטו? אָט ליגן מיר אויף זייער „פּאָזיציע".

— נו, איז וואָס?

— איז גאָרנישט.

— כ׳מיין, וואָס וועט מאָרגן זײַן?...

— מאָרגן? נאָך פאַראַן גענוג לעבעדיקע...

איינער פאָרעט זיך בײַ אַ געפונענעם ראַניעץ און נעמט אַרויס פון דאָרט אַ גאַנצן זעקעלע מיט צוויבאַק און צוקער און דער קליינער עולם נעמט זיך קײַען.

— הע, סאַראַ זיסע סוכאַרעס בײַ זיי. איר זעט, ווײַסינקע, פּירקאַנ־טיקע, מיט קליינינקע לעכעלעך — גאָר פּריציש!

— פּרוּווט עס עסן מיט וואַסער — לייגט איינער פאָר — ס׳איז נאָך בעסער פון ווײַן!

אַ ביסל שפּעטער לייגט פאָר דער פּראָפּאָרשטשיק:

— לאָמיר גיין זוכן דעם פּאָלק.

מיר לאָזן זיך גיין צוריק דורכן דאָרף. דאָס פײַער ווילדעוועט נאָך אַלץ און וואַרפט גרויסע רויטע צונגען. אונטן וויקלט זיך אַ רויך. עס שטיקט אין האַלדז.

אויף די פעלדער איז פינצטער, קוים וואָס מען זעט אַ טראָט פאָרויס. סאַראַ אומעטיקע און שטילע נאַכט. ווער ווייסט וואָס אונטער אירע טויטע אומבאַוועגלעכע שוואַרצע פליגל ליגט פאַרבאָרגן?... מיר בלאָנדזשען איבער פעלדער. גייען רעכטס, לינקס, פאָרויס און אַפילו צוריק אויך. פינצטער, חושך. זעלטן דערהערט זיך פון ערגעץ אַ טויבער קנאַל פון אַ ביקס.

— דאָס שיסן אַוודאי פאַרוווּנדעטע, מ׳זאָל זיי קומען צונעמען.

ערטערווײַז שלאָגן מיר זיך פּשוט אָן מיט די טריט אָן טויטע קער־פּערס און אינעווייניק גיט עפּעס אַ שוידער, ווו נישט ווו געפינען מיר שווער פאַרוווּנדעטע. איינזאַם און אַליין ליגן זיי איבערגעדעקט מיט די

שינעלן, ציטערן פון קעלט און קרעכצן. אַנדערע דעקן מיר איַין בעסער און זאָגן זיי צו צו שיקן נאָך זיי סאַניטאַרן.

פּאַרמאַטערטע זעצן מיר זיך אָפּרוען. אין דער וויַיטנס זעט זיך אַ פיַיער פון אַ שיַיטער. נאָר אפשר איז עס אַ מאָל „זייערער".

עס דערהערן זיך שטימען.

איין שטים רופט אויס דעם נאָמען פון פּאָלק און די צווייטע ענטפערט: „אַהער! אַהער!" און מאָדנע שווער דריקט די שטילקייט נאָך יעדער וויַיטן אויסגעשריי. נאָך אימהדיקער וויַיזט אויס דאָס פינצטערניש, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט זיפצן, גסיסה און טויט...

איינער פון אונדז הייבט זיך אויף און שריַיט אויס אויף אַ מסוכּנעם קול:

— אַרכאַנגעלאָגראָדסקי פּאָלק!!

און פון דער וויַיטנס ענטפערט עמעצער:

— אַהער! אַהער!

מיר לאָזן זיך גיין נאָך דער ריכטונג פון קול. אָבער צוגעקומען זענען מיר גאָר צו עטלעכע פאַרוווּנדעטע...

ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָבן מיר געטראָפן אויף אַ פעלד אונדזערע סאַניטאַרן מיט בייַדלעך און „נאָסילקעס". מיט לאַמטערנעס זענען זיי אומגעגאַנגען און געזוכט די צעזייטע פאַרוווּנדעטע. דאָ זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז נישט וויַיט ביַי אַ קליין דערפל קלייַבט מען זיך צונויף.

ענדלעך געקומען. צווישן שיטערע ביימלעך, הינטער די היַיזער — דאָרט זענען שוין געלעגן מענטשן פאַרמאַטערטע, אויפגעדרייטע און אויפגעקאָרטשעטע אונטער די שינעלן און געשלאָפן. ווער ווייסט, וואָס זיי האָט זיך איצט געקאָנט חלומען?...

איך האָב שוין געהאַט געזוכט אַן אָרט צו לייגן זיך, נאָר עמעץ האָט מיַין נאָמען אויסגערופן. איך גיי צו — אַ באַקאַנטער סאַניטאַר.

— אַך, איר זענט עס! — שרײַט ער אויס מיט אַנגענעמער איבער־ראַשונג.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז מ׳האָט אים איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט מיך דער־הרגעט... און ער זוכט מיך שוין אום אַ היפּשע צײַט, כּדי זיך צו איבער־צײַגן אין דעם.

מיר שטייען אַזוי אַ היפּשע ווײַלע אין דער פינצטערניש און הערן זיך צו צו די קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע, וואָס מ׳טראָגט פאַרבײַ. אַלס סאַני־טאַר רעכנט ער מיר אויס, וויפל איבערבינדונגען ער האָט שוין הײַנט געמאַכט. ווער ס׳איז דערהרגעט, ווער פאַרוווּנדעט. וועמען ס׳האָט געטראָפן אין האַרצן, וועמען אין ברוסט, אין קאָפּ; וועמען איין קויל, וועמען צוויי, דרײַ...

ער רעכנט און רעכנט — אַ גאַנצער רייסטער, אַ שרעקלעכער, אַ בלוטיקער! אַ פּנים, ס׳האָט זיך אים גוט אין זכּרון אײַנגעשניטן...

— נו, גאָט צו דאַנקען, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ליגן...

דאָס זאָגט מיר מײַן באַקאַנטער בײַם געזעגענען אַנשטאָט „אַ גוטע־נאַכט"...

איך זוך אויס עפּעס אַן אָרט אונטער אַ בוים און פאַל אַנידער. די ברעמען קלעפּן זיך צו און עס פּלאָנטערט מיך אײַן אין עפּעס אַ ווילדן קאָשמאַר... איך ווייס נישט וויפל כ׳בין אַזוי געשלאָפן; אפשר מינוטן און אפשר שעהען. — פּלוצלינג רײַסט מיך עמעץ אויף:

— שטיי אויף!

איך דערקען דעם קאַשעוואַר.

— אָביעד! — זאָגט ער.

— צו אַל די רוחות!

ס׳איז נאָך פינצטער, חושך. פון דער זײַט הערט זיך אַ בהמהדיק זופּן פון די, וואָס זענען אַפילו אין מיטן נאַכט נישט פויל אויף דער אַכילה...

ווי ווילד, ווי אומגעלומפּערט זעט עס אַלץ אויס. ווי פּײַנלעך! איך נורע זיך אײַן אין שינעל און וואַרט ווידער אויפן שלאָף, וואָס זאָל מיך פון דאַנעץ אַוועקטראָגן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

# 6

אין דער פרי האָבן די האַרמאַטן באַגריסט דעם ניי־געבוירענעם טאָג. אונדז אָבער לאָזט מען ליגן שפּעט אויפן פרימאָרגן. די פאָדערשטע ליניעס פאַרנעמען איצט אַנדערע און מיר רעכענען זיך אין רעזערוו.

די ציפער פון די אַרויסגעשלאָגענע מענטשן פון אונדזער ראָטע דער־גרייכט ביז פופציק: דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע — בלויז פאַר זיבן שעה!

דער עולם ליגט צעלייגט פאַרוויַיז, גרופּנוויַיז און מען שמועסט וועגן פאַרגאַנגענעם טאָג. איינער וויַיזט לעכלעך אין שינעל: דאָס האָט אַ קויל דורכגעלעכערט די „סקאָטקע" אויף אים. ביַי אַ צווייטן איז דער אַמוניציע־זאַק דורכגעלעכערט, ביַי אַ דריטן דער שטיוול צעצופּט.

— סיַי ווי — באַמערקט איינ פויער — אַהיים וועלן מיר זיך שוין נישט אומקערן. היַינט אין שינעל, אין שטיוול — מאָרגן...

— אייביקע רו!... — כאַפּט אונטער אַ צווייטער מיט אַ ביטערן שמייכעלע און גיט דערביַי אַ וויַיז מיט דער לאַדאָן איבער דער ערד.

— שאַט, איר ווייסט? אין צעטל פון די דערהרגעטע איז אויך פאַראַן סטעפּאַנענקאָ. ס'אַראַ שיין וויַיבל ער האָט איבערגעלאָזט! די ערשטע אין דאָרף! ערשט אַ חודש נאָך זיַין חתונה...

אַזוי זיצט מען גרופּנוויַיז און מען רעדט.

צו מיר קומט צו אַ ייִד:

— וואָס וועט זיַין?

— אַ קויל אָדער אַ גראַנאַט...

— אייַך לאַכט זיך?

— גאַנץ ערנסט. הייַנט האָט אָפּגעגליקט; מאָרגן, איבערמאָרגן? אַז עס רעגנט, מוז דאָך טרעפן ווען נישט איז אַ טראָפּן...

יענער ענטפערט נישט. ער פאַרשטעלט נאָר מיטן האַנט די אויגן און זיפצט אָפּ שווער, און דער זיפץ זייַנער זאָגט אויס, אַז ער האָט בעת־מעשה אַ טראַכט געטאָן: „הייסט עס, איך וועל שטאַרבן"... נאָר מיר רירט עס אַ האָר נישט; אַדרבא, איך פיל דערין אַ מין באַפרידיקונג. פאַר וואָס זאָל יענער יאָ האָפן?...

— איר האָט נישט דערין וואָס צו צווייפלען — גיב איך צו, גלייַך ווי דער טייַוול אַליין וואָלט אין מיר גערעדט — אָט אַזוי ווי איר זעט, וועט פון אונדז אַלעמען ווערן „עליו־השלומס"...

יענער גייט אַוועק פון מיר. — גיי גלייב, אויב דו קענסט! זאָל דיר ווויל באַקומען!...

אין אַ ווייַלע אַרום גייט ער ווידער פאַרבייַ.

— איר זענט אַ באַווייַבטער? — פרעג איך.

— יאָ, שוין אַ יאָר צייַט.

— דעריבער האָט איר אַזוי שטאַרק מורא פאַרן טויט... — לאַך איך

— נו, און אַ תנאי־גט האָט איר איר געגעבן?

ער קווענקלט אַ ווייַלע און שטאַמלט אַרויס:

— געגעבן...

— כאַ־כאַ־כאַ — לאַך איך, מער קינסטלעך ווי אמתדיק — איר האָט געגעבן אייַער יונג ווייַבל אַ תנאי־גט? ס'הייסט: טרויער נישט, וויין נישט, טייַערע, וועסט קענען אין די אָרעמס פון אַ צווייטן דערטרינקען דייַן צער...

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שטומט.

— איר ווייסט — פרעג איך ווייַטער — וואָס עס הייסט, אַז אַ פרוי נעמט פון מאַן אַ תנאי־גט?

ער האָט אויפגעהויבן זײַן טרויעריקן בליק.

— „שטאַרב געזונטערהייט!...״ — זאָג איך מיט אַ באַטאָנונג.

ער איז אַוועק אַן אַ זײַט. זײַן האַנט האָט זיך לאַנגזאַם צו די אויגן אויפגעהויבן: האָט ער נישט מיטן אַרבל פון גימנאַסטיאָרקע אַ טרער אָפּגעווישט?... סוף־כּל־סוף קריג איך אויף אים רחמנות... ס'רירט מיך בײַם געוויסן: איך בין דער גורם פון זײַן טרער...

איך ליג ווידער אַליין, אָפּגעזונדערט, און הער זיך צו ווי עס דונערן ערגעץ נישט ווײַט די האַרמאַטן... כאַ־כאַ, איך האָב געקלערט וועגן גע־וויסנס־ביסן... ווו זענען זיי? וואָס האָב איך נעכטן געפילט, טרעשטשענדיק מיטן „זאַטוואָר״ פון ביקס? דאַכט זיך, גאַרנישט, גלײַך ווי די קוילן וואָלטן געפלויגן אין וואָלקן, און אַז מיך וועט טרעפן אַ שטיקל בלײַ, וועט אויך זײַן דאָס אייגענע: יענער, וואָס וועט אַרויסלאָזן די קויל, ליגט איצט אפשר אויך ערגעץ אין אַ שײַער און קלערט וועגן געוויסנס־ביסן... נאַרישקייטן... און אפשר... אפשר קלערן טאַקע אַלע וועגן דעם, אַלע, אַלע — און די פעלדער ווערן צעזייט מיט הונדערטער־טויזנטער הרוגים... מיט אומצאָליקע צעריסענע יונגע לעבנס... און די ערד, די דורשטיקע ערד, טרינקט זיך אָן מיט פרישער, וואַרעמער פליסיקייט — — — כאַ, כאַ, ס'אַראַ שפּאַס: אַלע שעלטן דעם רויטן טײַוול און בוקן זיך צו אים... שעלטן — און בוקן זיך...

עס קומט צו צו מיר מײַן שכן, וואָס גייט שטענדיק בײַ מײַן זײַט, און זאָגט מיר מיט אַ געמאַכטן שמייכל:

— עס וואָלט געווען אַ יושר מיר זאָלן אָפּמאַכן אַזאַ מין תּנאי: איך וועל אײַך געבן דעם אַדרעס פון מײַן היים און איר מיר — פון אײַערער; אויב מיך פריִער...

— נו, הרגענען... — כאַפּ איך אונטער, וואָס אים איז שווער געווען אַרויסצוברענגען.

— יאָ, יאָ — שאָקלט ער מיטן קאָפּ — אויב מיך פריִער, זאָלט איר מודיע זיַין; אויב איַיך פריִער...

— הרגענען... — כאָפּ איך ווידער אונטער.

— יאָ, יאָ... וועל איך שוין צו וויסן געבן...

— אַ שיינעם דאַנק, אָפּגעמאַכט!

און יענער הייבט אָן:

— גאָראָד... איר האָט דאָך אַ קליין נאָטיצביכל, שריַיבט: גאָראָד... שטיין־גאַס... נומער... גאָספּאָדינו...

— פּאַרטיק! אויסגעצייכנט!

— איז, הייסט עס, אָפּגעמאַכט — חזרט ער איבער נאָך אַ מאָל — טאָמער וואָס, איז אַזוי און אַזוי...

— יאָ, יאָ, אָפּגעמאַכט — פאַרזיכער איך און פאַרשטאַרק אונדזער אומגליקלעכן תּנאַי: — „טאָמער וואָס, איז אַזוי און אַזוי״ — —

מען הייסט רייניקן די ביקסן נאָכן נעכטיקן פּולווער און נאָך דעם קליַיבט מען זיך איבער אין אַן אַנדער אָרט, אין אַ קליין שיטער וועלדל. מ׳גיט פונאַנדער צו — פרישע הונדערט צוואַנציק פּאַטראָנעס...

זייגער עלף לאָזט מען זיך אויף ס׳ניַי אין וועג. מען גייט פּאַמעלעך און געלאַסן אויף אַ זאַמדיקן וועג און מען קומט אַרויף אויף די זעלבע פעלדער, ווו מ׳איז נעכטן אומגעלאָפן אין ווילדן משוגעת... עס וואַלגערן זיך הרוגים און אַמוניציע... אָט גראָבט מען אַ לאַנגן, לאַנגן ברידער־קבר. דערביַי ליגט שוין אויסגעלייגט אַ גאַנצע לאַנגע שורה פון טויטע, וואָס מ׳האָט פון פעלד אויפגעקליבן. אויף נאָסילקעס ברענגט מען זיי אַהער איינע נאָך די אַנדערע און די שורה ווערט אַלץ לענגער, לענגער...

אַן אַנדער ברייטער גליַיכער פעלד. שורות פּירקאַנטיקע גריבער — שאַנצן — „זייער״ פּאָזיציע. עס וואַלגערן זיך אומעטום גלעזער פון שראַפּ־

נעלן, צעריסענע שטיקלעך מעטאַל. דאָ אַ טויטער, דאָרט אַ טויטער. אין דער זעלבער פּאַרגליווערטער פּאָזע ליגן זיי שוין פון נעכטן אָן. טויט און שטיל. אַנדערע גייען צו צו טויטע און זוכן אין זייערע ראַנצעס. איינער אַ גרוזין האָט שוין אַ גאַנצן פּעקל קראַגנען און אַ זילבערנעם טאַשן־זייגער: אַ טויטן די קעשענעס אויסגעקערט...

עמעץ שלעפּט אַרויס פון אַ ראַניעץ אַ זעקעלע טאַבאַק — די גרעסטע תאווה — און רוקט עס אַרײַן אין בוזעם ווי אַ קמיע.

— מיר אַ ביסעלע.

— מיר אַ ביסעלע — בעט מען זיך בײַ אים רחמים. און ציִענדיק דורשטיק דעם שטאַרקן ברענענדיקן רויך אין די לונגען, פילט מען בעת־מעשׂה אַ באַזונדער הנאה: „עסטרײַכישער טאַבאַק"... אַ קלייניקייט ?... כאָטש דאָס זענען טרוקענע בלעטער אַזעלכע, און ס'איז שטאַרק און ביטער, ווי דאָס לעבן אַליין...

אָן אַנדערער ווידער האָט פון אַ ראַניעץ, צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכן, אויך מיטגענומען אַ פּאָסטקאַרטל. איך נעם עס פון אים און לייען איבער:

— דאָס שרײַבט, ווי עס זעט אויס, אַ „טײַערסטע העלפט". זי רעדט וועגן זייער אומדערוואַרטער צעשיידונג, וועגן איר שטאַרקן בענקען און וועגן איר האַרץ, וואָס „ער" האָט מיט זיך מיטגענומען... צום סוף זאָגט זי אַז ד ע ר ו ו י ל קושט זי אים אין געדאַנק... אַ פּנים, אַז שרײַבנדיק דאָס דאָזיקע פּאָסטקאַרטל האָט איר נישט געפּײַניקט קיין פאָרגעפיל, אַז גאָר אין קורצן וועט איר „אויסדערוויילטער" ליגן ערגעץ אויף אַן אָפּגעשני־טענעם פעלד, מיט אַ ברויך־געלן פּנים אונטער דער ברענענדיקער זון און עמעץ וועט פון זײַן הפקרדיקן ראַניעץ אַרויסנעמען סוכאַרעס, טאַבאַק און אויך — איר פּאָסטקאַרטל...

שווײַגנדיק רוקט מען זיך אַזוי איבער די פעלדער. אין קאָפּ טומלט עפּעס. די זון באַקט פון אויבן און די גלידער זענען אויסגעמאַטערט, ווי נאָך אַ דויערנדיקער קרענק.

מיר באַגעגענען די „ליניקעס” פון אַן אַנדער פּאָלק. די בײַדלעך זענען שוין כמעט פול מיט פאַרווונדעטע, וואָס סאַניטאַרן ברענגען אָקערשט פון פײַער. מיר אָבער װעלן, װײַזט אויס, הײַנט רוען.

באַלד טאַקע לייגט זיך אויס אונדזער פּאָלק נעבן אַ פּוסטן, וויסטן דאָרף אין אַ גאָרטן, און דער עולם געפינט אויך אַ צעשטרײַונג: האַלב־צײַטיקע קוקורודזע, וואָס פון איר זיסן טעם שלאָגט אָפּ אין מויל אַ נישט־גוטקייט...

אַ גאַנצן טאָג איז מען געלעגן דאָרט אין גאָרטן און פון דער ווײַטנס האָט זיך אַלץ געהערט אַן אומאויפהערלעכער ביקסן־ און האַרמאַטן־פײַער. אויבן איבער אונדז זענען געפלויגן דעם שׂונאס עראָפּלאַנען און זייער זשומערײַ האָט ווי עפּעס שרעקלעכעס פאַרויסגעזאָגט.

בײַ נאַכט זענען מיר געגאַנגען אין „זאַסטאַוועס”. אונדזער ראָטע האָט פאַרנומען זייער אַ הויכן באַרג. פון דער ווײַטנס האָט זיך געזען אַן אומעטיק בילד פון אַ ברענענדיקן ישוב; די פלאַמען זענען געווען שטילע, גרויסע, אימהדיקע. און מאָדנע פאַנטאַסטיש האָבן זיי זיך געוויקלט און געפאַרבט אין ראַז דאָס פינצטערניש אַרום זיך... נידעריקער, צווישן די ברענענדיקע הײַזער, האָבן זיך באַוועגט ווי געשטאַלטן פון מענטשן. די אויגן האָבן שטום געקוקט אַהין און אין מוח האָבן געבלאָנדזשעט אומקלאָרע געדאַנקען...

— שלאָפט נישט! — וואָרן זיך מײַן „פּאָדטשאַסעק”, דעם יידישן שכן מײַנעם — דאָרט מוזן זיך עס די עסטרײַכער אומדרייען.

— ס'נעמט סײַ ווי קיין שלאָף נישט. קאַ־אַלט!

— טאָ וואָס שווײַגט איר?

— עס קלערט זיך אַלץ וועגן דער היים... ווען איך האָב איצט אַ וואַרעמע בעט! הו!...

— פאַרגעסט!

— נו, איז כאָטש אַ שײַער מיט שטרוי — בעט ער זיך כמעט...

— דאָס איז נאָך מעגלעך.

— אויב מאָרגן וועט גאָרנישט זײַן — כאַפּט אונטער מײַן שכן.

— יאָ, יאָ, אויב מאָרגן וועט גאָרנישט זײַן, איז אָדער אַ שײַער, אָדער אַ פעלד מיט אַ קאַלטער נאַכט. ווען אָבער... איז מעגלעך אַ ברידער־קבר אויך...

שטיל. ביידע שווײַגן מיר, און עס קלערט זיך וועגן דאָס שרעקלעכע, וואָס עס זאָגט זיך אַרויס אַזוי לײַכט וועגן זיך אַליין, און וואָס עס טוט נאָך דעם אַזוי באַנג, אַזוי באַנג...

און אַ ראיה האָב איך באַלד, אַז מײַן „פּאָדטשאַסעק" האָט אויך געקלערט וועגן טויט, ווײַל באַלד פרעגט ער:

— איר האָט זיך צוגעקוקט, ס'אַראַ קאַנאַווע מ'האָט געגראָבן פאַר די טויטע? ווײַזט אויס, אַז מ'לייגט זיי איינע אויף די אַנדערע. — —

— אַרט אײַך עפּעס?

— גאָרנישט, אַזוי... ס'איז עפּעס מאָדנע... איך וואָלט...

ער דערענדיקט נישט די לעצטע אָנגעהויבענע פראַזע, און ליגנדיק גראָבט ער זיך ווידער אײַן מיטן קאָפּ אין אַרבל פון שינעל.

מאָדנע אומעטיק האָבן זיך אַלץ די שטילע פלאַמען אַנטקעגן געוויקלט און מאָדנע אומעטיק און סודותדיק איז געווען דאָס פינצטערניש און שטילקייט אַרום אונדז...

# 7

אין דער פרי, אַז מען איז שוין געווען אויסגעסטראָיעט צום גיין, איז דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק פאַרבײַגעלאָפן אויף אַ פערד און באַגריסט מיטן פּאָלק־יום־טוב, וואָס איז פונקט אויסגעפאַלן אין יענעם טאָג.

— כאַ! כאַ! גוט־יום־טוב! גוט־יום־טוב! — האָט מען איינער צום אַנדערן מיט „יאַשטשערקעס" געלאַכט...

מען גייט ווײַטער. פעלדער, בערג, טאָלן, וועלדלעך. ערגעץ דונערן האַרמאַטן און דערמאָנען אונדז, אַז דאָס איז נישט גלאַט אַ שפּאַצירגאַנג... מען גייט פון איין אָרט צום אַנדערן און אין איין קליין וועלדל ליגט מען אַ היפּשע צײַט.

פאַר נאַכט גיט מען איבער אַ פאַראָרדענונג, אַז בלויז איין באַטאַליאָן — אונדזערער — זאָל גיין צו הילף...

הייסט עס, ווידער — —

מעכאַניש באַוועגן זיך די פיס און אין האַרצן גראָבט זיך טיפער און גיפטיקער די שלאַנג... ביסלעכווײַז דערנענטערן מיר זיך צו דער גרילצערײַ פון ביקסן און פולעמיאָטן. אין דער ווײַטנס זעען זיך הויכע בערגיקע ערטער און אויבן וויקלט זיך אַ רויך. פון די טאָלן און וועלדלעך ווינקט עפּעס געהיימס, פינצטערס...

פּלוצלינג...

— וו־וו־וו־וו־וו־באַך!!!

פעלדגראַנאַטן.

איינע נאָך די אַנדערע זענען זיי געפּלויגן צו אונדז מיט אַ ווילדן וואָיען פון אַ שטורעמווינט און כּמעט איבער אונדז זיך געריסן און געשאָסן מיט שראַפּנעלן און פּיצלעך מעטאַל... דאָס האָט מען אונדז, ווײַזט אויס, באַמערקט און געׄנומען שיקן צו אונדז „גרוסן". מען האָט באַלד צעטיילט דעם באַטאַליאָן אויף ראָטעס און וזוואָדן און אַזוי האָט מען זיך ווײַטער געצויגן. די גראַנאַטן זענען אָפּטער געוואָרן. אָט, דאַכט זיך, טרעפן זיי. אָדער זיי דערלויפן נישט, אָדער לויפן איבער אויף אַ צען מעטער. מיר גייען אַ ביסל צוריק און דאַן ווײַטער דורך קאַנאַוועס און טאָלן, און אַזוי אַרום אויסגעמיטן די שראַפּנעלן. שפּעטער אָבער זענען מיר צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וווּ עס האָבן שוין ביקסנקוילן דערגרייכט...

און ווידער דאָס אייגענע... האַרט פאַר די אויערן זשומעט עס; בייגסט זיך נידעריקער צו דער ערד, פּאַלסט גאָר אַנידער און איבערלויפנדיק קלאַפּט דאָס בלוט אין די שלייפן און אין די אויגן — שרעק און שיגעון...

ווידער פאַרווונדעטע, צעלעכערטע, צעבלוטיקטע. די באַקאַנטע בעטנ־דיקע שטימען: „סאַ־ני־טאַ־ר !", „גאָ־אָט !"...

ס'איז שוין טונקל. דער פאַרנאַכט ווערט מיט יעדער רגע אַלץ פינצטע־רער. פון דער ווײַטנס, אויף אַ באַרג, גיט אַלע מאָל אַ בליץ און באַלד דערויף אַ דונער: דאָרט שטייט אַ באַטאַרייע. לינקס פון טאָל זעען זיך קלויסטערשפּיצן און ווײַסע מויערן פון אַ שטעטל, וואָס ווערן באַלויכטן פון רויטע ריזיקע פלאַמען.

מיר לויפן איבער אין יענער ריכטונג.

אין מיטן — אַ טײַך.

מען שטעלט זיך אַ ווײַלע אָפּ; אָבער די קוילן לאָזן לאַנג נישט קלערן.

— אין וואַסער אַרײַן!

מען קריכט.

נישט זייער טיף; בלויז איבער די קני. אָבער קאַלט, קאַ־אַ־לט...

אַרויס פון טײַך און פון ס'נײַ איבער אַ פעלד. די הויזן צוגעקלעפּט

צום לײַב, אין די שטיוול — פול װאַסער. אומבאַקוועם גליטשן זיך אינע־װייניק די פיס.

מיר דערנענטערן זיך צום שטעטל. אָט זעען זיך רעלסן. אַן אײַזערנער צוים און דערבײַ אַ װײַסער לאַנגער מויער — דער װאָקזאַל.

װי שוידערלעך! מיר קריכן צװישן טויטע קערפּערס — און װיפל ליגן זיי דאָ! איינע נעבן די אַנדערע... טייל קרעכצן נאָך און גיבן אַרויס דעם לעצטן אָטעם —— נעבן דער אײַזנבאַן־ליניע איז עס נאָך געדיכטער. דער אײַזערנער צוים איז געדיכט אַרומגעוויקלט מיט שטעכיקן דראָט. און דאָ האָבן זיי עס פּלוצלינג זייער אייביקע רו געפונען...

קיין לעבעדיקע זענען דאָ מער נישטאָ. די ערשטע ליניע איז איבער־געגאַנגען אויף יענער זײַט שטעטל און דאָרטן גרילצן עס די ביקסן.

אונדז הייסט מען זיך אָפּשטעלן דאָ. מיר צעלייגן זיך לענג־אויס דער אײַזערנער באַן־ליניע אין גרייטע פלאַכע קליינע אָקאָפּעס, אין אַנדערע װאַלגערן זיך טויטע און מען שלעפּט זיי פּשוט פאַר די פיס אַרויס...

ס'איז שוין גוט פינצטער. די שיסערײַ װערט זעלטענער און בלויז איינציקע קוילן גיבן פון צײַט צו צײַט אַ זשום פאַרבײַ.

פון דער זײַט האָט גענומען דורכגיין אַ פּאָלק, װאָס האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געשלאָגן. מענטשן פאַרמאַטערטע, שװײַגנדיקע שלעפּן זיך אין דער פינצטער און קלאַפּן טויב מיט די טריט; אײַנגעהויקערטע אונטער דער משׂא פון דער אַמוניציע שלעפּן זיי זיך, װי די שאָטנס, און פאַרשװינדן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. אין דעם חושך האָבן זיך דאָך נאָך געפילט זייערע באַװעגונגען און די טויבקייט פון זייערע טריט, װאָס איז געבליבן הענגען נאָך זייער פאַרשװינדן. און ס'האָט אויסגעװיזן אַזוי איבער נאַטירלעך, גלײַך װי דאָס אַלץ װעבט זיך אין אַ שװאַרצן קאָשמאַר־חלום, און מ'װייס נישט װאָס אַזעלכס קאָן זיך אין כאַאָס יעדע רגע דער־הערן, װאָס עס קאָן זיך יעדע רגע באַװײַזן...

פון דער װײַטנס, פון יענער זײַט װאָקזאַל, דערטראָגן זיך האַרצ־

רײַסנדיקע קולות. מען שיקט אַהין אַוועק „סעקרעטן״ און שפּעטער גיבן זיי איבער, אַז דאָס שרײַען דעם שונאס פאַרוווּנדעטע. אַגב האָבן זיי מיט זיך מיטגעבראַכט אַ געפאַנגענעם, וואָס זיי האָבן דאָרט נעבן די פאַרוווּנ־דעטע געפונען.

אונדזערע אָקאָפּעס זענען געווען באַזונדערע און פון בײדע זײַטן פון מײַן „וווינונג״ זענען געלעגן מענטשלעכע קערפּערס, פון איין זײַט אַ טויטער מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, פון דער אַנדער זײַט אַ גוססער. דער קאָפּ בײַם גוססן איז געווען איבערגעבונדן און גערעדט האָט ער גאָרנישט; בלויז פון מינוט צו מינוט פלעגט ער זיך אַ וואָרף טאָן און שווער אַ כאָרכל טאָן מיטן האַלדז. איך האָב אים געפּרוּווט עפּעס פרעגן, נאָר קיין ענטפער. לכתחילה האָבן מײַנע טויטע שכנים געהאַט געשטערט מײַן רו, באַלד אָבער האָב איך אָן זיי גאָר פאַרגעסן. מיד בין איך געווען, האָבן זיך די אויגן ביסלעכווײַז גענומען צושליסן.

געשלאָפן בין איך זייער האַרט און געשמאַק, כאָטש מ׳האָט געהייסן וואַכן. דער „דניעוואַלני״ האָט מיך אַ פּאָר מאָל בײַם אַקסל גענומען, נאָר באַלד נאָך זײַן אַוועקגיין בין איך שוין ווידער געשלאָפן — דאָס זעלבע איז אויך געווען פריִער, ווען איך האָב פאַרנומען זײַן שטעל. — איך פלעג אַדורכגיין די לענג פון די אָקאָפּעס, זיך אָנבייגן אָן יעדער אָקאָפּע באַ־זונדער, אויפוועקן יעדן איינציקן; נאָר אַז איך פלעג נאָך דעם צוריקגיין לענג־אויס די אָקאָפּעס, פלעגן שוין אַלע ווידער שלאָפן... גיי קעמף מיט די מידע ברעמען, וואָס קלעפּן זיך מיט גוואַלד!

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך ערשט אין מיטן נאַכט פון קעלט און פײַכטקייט. די פיס אין די נאַסע שטיוול זענען זוי אָפּגעפרוירן. איך עפן די אויגן — אַ גאַנצע באַוועגונג! סאָלדאַטן דרייען זיך אום הין און צוריק און רעדן עפּעס אין דער שטיל. און איינע די אַנדערע מאַכט מען באַמער־קונגען: „שטילער! שטילער!״ אַלע פאַרען זיך מיט עפּעס און מען קוקט זיך אַרום. איך קריך אַרויס פון אָקאָפּ און גיי צו.

— שטילער! שטילער! — וואָרנט מען מיך אויך.

— וואָס איז? — פרעג איך.

— ווײַן, ווײַן — ענטפערט מען מיר אין דער שטיל — גאַנצע פעסער דאָ אויפן וואָקזאַל. ווילסט אַ ביסל?

דערבײַ דערלאַנגט מען מיר אַ פול קעסעלע.

קאַלט איז נאָך געווען און איך האָב גענומען טרינקען. איבער די גלידער האָט זיך צעגאָסן אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט... שאַמפּאַניער!... איך האָב דערפון אָנגעגאָסן אַ פולע באַקלאַזשקע, און ס׳איז נאָך אַלץ געבליבן. ס׳האָט אַ באַזונדער רייץ געהאַט און כ׳האָב כּסדר געטרונקען. ביסלעכווײַז האָט אין קאָפּ אָנגעהויבן גאַנץ נישקשהדיק צו רוישן...

מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו טרינקען און דער גאַנצער עולם איז געוואָרן בגילופינדיק...

אין וואָקזאַל גופא איז עס געווען נאָך אַנדערש. די ערשטע קלאַס איז געווען פריילעך באַלויכטן און אָפיצירן האָבן דאָרט אַ גאַנצן בופעט אײַנ־געאָרדנט. אויף די טישן זענען געשטאַנען פלעשלעך ווײַן און כּל־ערליי ביסקוויטן, שאָקאָלאַד און אַפילו אַ קאָכיקער סאַמאָוואַר האָט אויך געגלאַנצט צווישן דעם אַלעם. מ׳האָט זיך דאָרט געפילט גאַנץ נאַטירלעך.

דאָרט — די אָפיצירן און דאָ, בײַ די אָקאָפּעס — די סאָלדאַטן. מ׳האָט שוין גאַנץ פרײַ גערעדט אויף העכערע טענער, געוויצלט זיך און ווײַטער געטרונקען. די צונג האָט זיך שוין בײַ אַלעמען שווער געדרייט.

און מאָדנע האָט עס אויסגעזען:

...מיטן נאַכט. פינצטער, אומעטיק. דער הימל שוואַרץ, חושך. פון דער ווײַטנס — קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע. און דאָ אונטן, נעבן אונדז, צוויי טריט בלויז — טויטע פאַרגליווערטע קערפּערס, וואָס שווײַגן, ווי די נאַכט... שטום און טויט ווי די נאַכט...

און... גאָרנישט! די לעבעדיקע דרייען זיך אום הין און הער, הין און הער. מען טרינקט, מען וויצלט זיך, מען לאַכט...

— פאַר אײַער געזונט!

— לחיים! לחיים!

און פון דער ווײַטנס האָבן מאָדנע שרײַענדיק און העל געלויכטן אין דער טרויעריקער פינצטערניש די פענצטער פון ערשטער קלאַס... די בליקן האָבן געבלאָנדזשעט אַרום און אַרום און בישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אַלץ קומט דאָ פאַר... אין קאָפּ האָט געררוישט און געטומלט אַ קאַשמאַר פון שאַמפּאַניער, שטאַרק ליכטיקע פענצטער, פאַרדעכטיקע געלעכטערס, טרויעריקע פינצטערניש און שטומע, פאַרגליווערטע קערפּערס...

— לחיים!

— לחיים!

פּלוצלינג האָט זיך עמעץ פלינק אַ דריי אויס געטאָן אויפן שווערן שטיוול, אַ הייב געטאָן די האַנט און מיט אַ שיכורן קול אַ רוף געטאָן:

— העי, אַ מאַזורקע...

אַ צווייטער האָט זיך מיט אים צונויפגעפּלאָנטערט און ס׳איז אַוועק אַ טאַנץ אין דער פינצטערניש...

עס האָט מיך געשטיקט אַ היסטערישער געלעכטער. מײַנע אויגן האָבן געקוקט דאָ אויף די שווײַגנדיקע, פאַרשטומטע טויטע קערפּערס אויף דער ערד און דאָ אויף די טאַנצנדיקע... צוליב דער פינצטערניש האָב איך זיי קלאָר בישט געזען. זייערע פיגורן האָבן זיך ווי די שאָטנס געשלײַדערט, און זייערע טריט האָבן אַ מאָדנעם פרעמדן קלאַנג אַרויסגעבראַכט... געפילט האָב איך, אַז צווישן זיי איז אַ דריטער פאַראַן — דער טויט —— פעסט האַלט ער אַרומגענומען זייערע טונקעלע פיגורן און דרייט זיך מיט זיי אין איינעם אין אַן אומנאַטירלעכן משוגענעם טאַנץ — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַגינען. אַ גרויע ליכטיקייט שפּרייט זיך אויס אַרום אויף די פעלדער און דעקט אויף די אומעטיקעווירקלעכקייט... די באַלויכטענע פענצטער

ווערן בלאַסער און בלאַסער. קאַלט. עס ציטערן די גלידער. אויפן האַרצן דריקט עפּעס אַ נישטגוטקייט. אַנדערע ליגן אין די אָקאָפּעס און שלאָפן גאַנץ געשמאַק און אַנדערע דרייען זיך אום הין און הער און ציטערן פון קעלט. עס אַנטפּלעקן זיך דײַטלעך די טויטע. און מאָדנע שרעקלעך זעען זיי אויס. די פּנימער געל און שוואַרצלעך; די הענט האַרט און אויסגע־צויגן און די בלוי געוואָרענע פינגער קראַמפּהאַפט צונויפגעדרייט. בײַ איינעם זענען די אויגן געבליבן אָפן. ווי שוידערלעך! די שוואַרצאַפּלען זענען ערגעץ פאַרזונקען געוואָרן און בלויז די ווײַסלען קוקן שטאַר און פאַרגליווערט אַרויף צום הימל. ס׳איז איינער באַלד צוגעגאַנגען צו אים און אים מיט אַ פּאַלאַטקע דאָס פּנים איבערגעדעקט. דער גוססער, וואָס ליגט פון איין זײַט פון מײַן אָקאָפּ, איז שוין אויך רויִק און פאַרגליווערט... דאָס פינצטערניש, וואָס איז אומבאַמערקט צעקראָכן געוואָרן, האָט אויך זײַן לעצטן כאָרכל מיט זיך פאַרטראָגן...

די זון איז אויפגעגאַנגען און ס׳איז געוואָרן וואַרעמער. דער עולם האָט דערטאַפּט ערגעץ גאַנצע פּעק מיט טאַביק־בלעטער און מ׳איז אַרויפ־געפאַלן אויף דעם ווי בינען. מ׳קריכט אום איבער די רעלסן, מען זוכט, מען נישטערט צווישן די אָנגעוואָרפענע זאַכן אין די וואָקזאַל־צימערן. פון דער זײַט, פונעם שטעטל ווייעט עפּעס מיט טרויער און וויסטעניש... קיין לעבעדיק ווען... פוסטע, איינזאַמע געבײַדעס... בלויז גרויסע, שוואַרצע לאַטײַנישע בוכשטאַבן אויפן וויסטן ווײַסן וואָקזאַל זאָגן עדות, ווי אַ מצבה איבער אַ קבר, אַז דאָ איז אויך געווען אַ לעבעדיק שטעטל און געהייסן האָט עס: „פּזשעמיסלאַני".

מען „סטראָיעט" זיך און מען גייט אַרויס אויף אַ פעלד. דאָרט צעשיט מען זיך אין אַ קייט און מען הייסט זיך אײַנגראָבן.

אַנטקעגן איז אַ וואַלד און דאָרט זאָל דער שׂונא זײַן.

נאָך דעם הייסט מען איבערלויפן ווײַטער. עס ווילט זיך שטאַרק נישט איבערלאָזן די שוין פאַרטיק געמאַכטע „וווינונג", דערצו נאָך אַזאַ „קאָמ־

פּאַרט״: אונטן אויסגעלייגט מיט קרויטבלעטער... אויפן נײַעם אָרט פּאַלט שוין אָפּ דער חשק צו גראָבן, נאָר בײַ דעם געדאַנק, אַז יעדע מינוט קאָן אָנהייבן צו רעגענען מיט פײַער, האָבן זיך די הענט נישט־ווילנדיק גענו־מען צום רידעלע. און בלויז פון כּעס האָבן פיל בײַם אַרויסשיטן יעדעס רידל ערד צוגעגעבן אַ גיפטיקן „צום טײַוול!״...

אין דער ווײַטנס האָט זיך געזען, ווי אַן אַנדער קייט האָט זיך אַרײַנ־געריסן אין וואַלד, אָבער קיין שיסערײַ האָט זיך אַלץ נישט געהערט. הייסט עס, אַז „זיי״ זענען דאָ ערגעץ נישטאָ. און באַלד הייסט מען טאַקע אויפשטיין פון די פרישע אָקאָפּעס און מען „סטראָיעט״ זיך.

מיר קומען אַרײַן אין אַן אַלייע, וואָס פירט צום שטעטל, און — ווי, וואָס די אויגן זעען!

פון בײדע זײַטן בײַ די ביימער — גאַנצע מאַסן, גאַנצע מאַסן טויטע קערפּערס, געדיכט איינער נעבן אַנדערן, און ערטערווײַז אַזוי געדיכט, אַז איינער ליגט אָנגעלענט אויפן אַנדערן... אַזוי לענג־אויס דער גאַנצער אַלייע. און די פּאָזעס זייערע! די האָרוואָרצלען פרירן אין קאָפּ... פאַר־בלוטיקטע, צעקאַליעטשעטע, צעהרגעטע... צעלעכערטע שאַרבנס... פאַר־בלוטיקטע אַנטבלויזטע ברוסטן און בײַכער... טייל — אין אַ פאַרגליווער־טער זיצנדיקער פּאָזע, אָנגעשפּאַרט אין די ביימער... ווער מיטן פּנים צום הימל, ווער אײַנגעגראָבן אין דער ערד... ווער מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווער מיט אָפענע... שרעקלעך אָפענע, פאַרגלאָצטע... די שוואַרצאַפּלען אונטער די ברעמען באַהאַלטן... אונטער די פיס אויפן וועג — ראַניעצן, בלויע שינעלן, געשלאָגענע דעקעס, רידעלעך און נאָך אַנדערע אַמוניציע.

צווישן די אַלע פאַרגליווערטע, שווײַגנדיקע קערפּערס זיצט איינער אַ לעבעדיקער פאַרווונדעטער. איין איינציקער צווישן אַזוי פיל טויטע!

אַז מיר גייען פאַרבײַ, ווײַזט ער מיטן האַנט איבערן מויל, אַז ער וויל טרינקען. עמעץ טראָגט אים צו זײַן באַקלאַזשקע און יענער באַדאַנקט מיט שאָקלאַדע...

בײַ נאַכט האָבן זיך עס פון דאַנען די קולות געהערט. וויפל זענען עס דורך דער נאַכט צעשטאָרבן !...

מיר פאַרלאָזן די אַלייע פון טויט און קומען אַרויף אויף אַן אַנדער פעלד.

און ווידער דאָס אייגענע — —

פריִער — „זייערע", דאָ — אונדזערע.

פריִער אַן אַלייע, איצט — אַ געוויינלעך קאַרטאָפל־פעלד. אָבער נישט קיין גרינע קאַרטאָפל־בלעטער זענען זיך, נאָר געדיכטע פלעקן פון „זאַש־טשיטני צוועט".

ברייט איז דאָס פעלד און געדיכט זענען די פאַרגליווערטע קערפּערס אויף אים... דאָ און דאָרט... אַלץ בלויע שליפעס מיט אַ באַקאַנטער ציפער... פון אונדזער דיוויזיע... עס דערמאָנען זיך באַקאַנטע — ווער ווייסט, צי זיי ליגן דאָ נישט אַ מאָל צווישן די קאַרטאָפל־בלעטער ?... לויט די ברוינע און געלע פּנימער איז שווער צו דערקענען... קיין אויסזען פון קיין מענטשן...

אין מיטן פעלד שטייען עטלעכע בײַדלעך און סאַניטאַרן זוכן אַרום נאָך לעבעדיקע. אָבער אַזעלכע לעבעדיקע, וואָס זענען מקנא זייערע טויטע שכנים, נעבן וועלכע זיי ליגן...

מיר שלאָגן זיך אַרויף אויף אַ וועג. אויך דאָ וואַלגערן זיך טויטע, ווער אין קאַנאַווע, ווער בײַ דעם זײַט וועג, ווער דערנעבן אויפן פעלד — אומעטום.

אָט ליגט איינער איבערן קאַנאַווע גאָר אין איין שטיוול : ווײַזט אויס, אַז אַ לעבעדיקער האָט זיך געוואָלט באַנוצן מיט זײַנע שטיוול און האָט אַראָפּגעצויגן פון אים איינעם צום אָנמעסטן ; נאָר זעענדיק, אַז ס'איז צו קליין, האָט ער אים אַ וואָרף געטאָן. און אַזוי איז איין פוס בײַם דער־הרגעטן אַן אויסגעטוענער, אַרומגעדרייט מיט אַ „פאָרטיאַנקע" און סטאַר־

טשעט גלײַך און פֿאַרגליווערט, און די געלע פּיספּינגער זעען זיך אַרויס מאָדנע אומבאַקוועם און עקלהאַפֿט...

אָט שטייט אַ ווײַסע קאַפּעלע, דערבײַ אַ הייליקע סטאַטוע אויף אַ פּעדעסטאַל — זייער אָפּט אויף די גאַליציאַנישע וועגן — און דערנעבן עטלעכע טויטע... די פֿיגור קוקט גאַנץ געוויינלעך אין דער הויך, ערנסט און שווײַגנדיק... און דער בלויער הימל קוקט אויך אַראָפּ גלײַכגילטיק און קאַלט און ענדערט נישט זײַן פֿאַרב — —

מיר נעכטיקן ערגעץ אויף אַ פֿעלד אַנטקעגן אַ ברענענדיקן דאָרף. באַגינען איז קאַלט. עס קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. מען צינדט קופּקעס היי, שטרוי און מען וואַרעמט זיך. ערגעץ דונערן האַרמאַטן, און אין דער ווײַטנס, אין דער לופֿט, זעען זיך קנוילן רויך פֿון אויפֿרײַסנדיקע שראַפּנעלן.

מיר גייען איבער עפּעס אַ שמאָלן וועג. עס טרעפֿן זיך פֿאַרברענטע חרוב געוואָרענע פּאָלוואַרקעס. צערויִבירטע געבײַדעס און שלעסער. אַ לעבעדיק וועזן איז אַ זעלטנהייט.

נעבן איין ברענענדיקן הויז רייכערן זיך אין דערבײַיִקן גערטל בינשטאָקן. קיין בינען נישטאָ — צעלאָפֿן... ווער עס וויל, לויפֿט צו און כאַפּט אַ פּירקאַנטיקע שטיק „סוסע״. קיינער לעשט נישט. די מענטשן צעלאָפֿן, ווי די בינען פֿון די בינשטאָקן...

אַ ביסל ווײַטער וואַלגערן זיך צעבראָכענע האַרמאַטן און גאַנצע קעסטלעך מיט גראַנאַטן. דאָס האָט דער שׂונא, אַנטלויפֿנדיק, נישט באַוויזן צו פֿאַרכאַפּן. מען באַשטימט אונדזער ראָטע צו באַגראָבן די גראַנאַטן אין דער ערד, און פֿאָרזיכטיק פֿירן מיר אויס די „באַערדיקונג״... אומזיסט־אומנישט, נעבעך, פּריצײַטיק פֿאַרגראָבן און פֿאַרשאָטן: זיי וואָלטן דאָך געקענט וויפֿל נוצן ברענגען און וויפֿל שאַרבנס צעשמעטערן! — —

נעבן אַ דאָרף אויף אַ בערגל רוט מען אַ ביסל. פֿון אויבן גיסט אַ דראָבנער רעגנדל. די קילע רעגן־טראָפּנס פֿרישן אָפּ אַ ביסל און מאַכן

לײַכטער דעם קאָשמאַר, וואָס פרעסט אין מוח... איבער איין כאַטקע פלאַ־טערט אַ פאָן פון „רויטן קרייץ". דאָס האָבן אויך די עסטרײַכער איבער־געלאָזן. נעבן שטוב, אין אַ גערטל, גראָבן „זייערע" סאַניטאַרן קברים פאַר געשטאָרבענע...

אַ טעות...

אַ שרעקלעכער טעות.

געשען איז עס אַפילו בײַ טאָג. אונדזער באַטאַליאָן איז צוגעקומען צו אַ וואַלד און זיך צעלייגט מיטאָגן. די פּאָזיציע איז געווען נישט ווײַט פון דאָרט. בלויז אַ וויאָרסט פיר אָדער פינף.

פלוצלינג — —

— דעם שׂונאס קאַוואַלעריע!

דאָס האָט עמעץ פון דער זײַט אויסגעשריִען און אַלע האָבן זיך איבער־ראַשט גלײַך פון גראָז אויפגעהויבן. פון דער ווײַטנס האָט זיך ווירקלעך אַ גאַנצע לאַנגע שורה רײַטערס מיט אַ גאַלאָפּ געלאָזן. אַ כאַפּערײַ פון די ביקסן, אַ שטופּעניש, אַ דריקעניש, צעוואָרפן, צעשלײַדערט די זאַכן, וואָס אויף דער ערד, די נישט־דערעסענע קעסעלעך. ווער היינטן, ווער פאָרנט, ווער אין אַ זײַט — און מיט אַ מאָל האָט זיך אַ גרילצערײַ פון די ביקסן אָנגעהויבן. איבערן קאָפּ האָבן קוילן געפּײַפט — ווער ווייסט, צי פון אַנטקעגן, צי פון די, וואָס ליגן פון הינטן.

קיין סך האָט עס נישט געדויערט. ס'האָבן זיך דערהערט קולות פון אָפיצירן און אַ שפּילערײַ פון ליגנאַליסטן, מ'זאָל אויפהערן צו שיסן.

אַ טעות, אַ שרעקלעכער טעות... אונדזער קאַוואַלעריע... מען האָט זיך געבייזערט און פאָרזוורפן געמאַכט!...

לערך צען מענטשן זענען צוליב די געציילטע מינוטן מיט מאַרלע־באַנדאַזשן אַוועק פון דאָרט...

מען גייט ערגעץ אין אַ דאָרף אויף נעכטיקן. עס גייט ווידער אַ רעגן.

אין האַרצן זויגט עפּעס אַ וואָרעם און גראָבט זיך אַלץ טיפער, טיפער...
וווהין, אַן אַ ברעג, אָן אַ סוף ?...

פּאַר נאַכט האָבן מיר זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אויף אַ פרייַען פעלד אַנטקעגן אַ דאָרף. דער רעגן האָט אויפגעהערט און פון אויבן האָט נאָך די זון אויך אַ וואָרעם געטאָן.

מ׳האָט פרייַ אָפּגעזיפצט. כאָטש אויפן וועג וואַקסט שטענדיק די פאַר־ביטערונג ווי אַ שווערער באַרג, פון דעסטוועגן ענדערט זיך די שטימונג ווען נאָר מען קומט אין אַ דאָרף אויף נעכטיקן: אָט נאָך אַ טאָג, נאָך אַ נאַכט. מען ווערט נאָך על־כּל־פּנים נישט דערהרגעט... און צייַטנווייַז פאַרגנבעט זיך נאָך אַ שטיקל האָפענונג אויך... כאָטש זי ווערט באַלד פאַרשוווּנדן ווי רויך...

באַזאָרגט זיך מיט שטרוי אויף אונטערן זייַט, בין איך צוזאַמען מיט מייַן שכן, דעם ייִדן, אַוועק אויף „געיעג". דער פּוסטער מאָגן האָט שטאַרק פאַראיבל... און מייַן שכן טויג טאַקע צום עסק. אין אַ שטוב, אין אַ שטאַל, אין אַ גאָרטן — ער געפינט שוין וואָס עס איז צו דער אַכילה.

מיר קומען צו צו אַ פּוסטן שייַער. מייַן שכן רוקט אַרייַן אַהין זייַן שאַרפע נאָז און די הונגעריקע אייגעלעך זייַנע גיבן זיך אַ דריי אַהער, אַהין. פּלוצלינג טוט ער אַ ווייַז מיטן פינגער: „איר זעט ?..." איך וואַרף אַ בליק אין דער הויך און באַמערק, ווי אין סאַמע „שטשיט", אין אַ נאָרע, זיצן זיך אין דער שטיל צוויי הינער און האָבן מורא אַ קוואָקע צו טאָן... זיי האָבן, אַ פּנים, באַצייַטנס דערפילט, אַז מען וויל זיי דאָ שלעכטס טאָן...

מייַן שכן קלעטערט פלינק אַרויף אין דער הויך און באַלד דערהערט זיך אַ קוואָקערייַ. איין הון איז שוין בייַ אים אין די הענט.

— אַ געשמאַלצענע, אַ געלע הון! — זאָגט צו מיר מייַן שכן, ווי דער גרעסטער הינער־קענער — איר זעט ?

דערבייַ האָט ער פונאַנדערגעבלאָזן אירע פעדערן און מיר געוויזן איר געלקייט.

— ווו שעכט מען זי?...

— דאגהט נישט, איר וועט באַלד זען — ענטפערט ער מיר — די צרה איז נאָר, וואָס קיין ברויט איז נישטאָ. מיר וועלן דאַרפן עסן ווי חולאים...

ער ציט אַרויס דאָס רידעלע פון ציכאָל, לייגט אַרויף די הון מיטן קעפּל אויף אַ שטיין.

— וואָס גייט איר טאָן? — פרעג איך, זיך אָפּדרייענדיק אָן אַ זײַט. כ׳פאַרשטיי זײַן כוונה.

אַנשטאָט אָן ענטפער דערהער איך איין טעמפּן קלאַפּ און אַ צווייטן איבערן שטיין...

איך גיב אַ קוק — דאָס קעפּל ליגט שוין אין אַ זײַט און די הון צאַפּלט זיך, צאַפּלט זיך און פּאַטשט מיט די פליגל...

— און אַז מען וועט מ י ר אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ?... — האָט מײַן שכן נאָך דעם ווי זיך פאַרענטפערט.

ער רעדט נישט קיין סך און נעמט זיך באַלד פליקן די פעדערן. ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַ גאַנצער מומחה, ווי אָן אמתע ייִדענע. זײַן מאַמען, דערציילט ער, פלעגט ער אַ מאָל אויך העלפן „מאַכן״ עופות... אַפילו די אָדערן פון האַלדז ציט ער אַרויס. „דאָס איז טריפה״ — זאָגט ער... „און דער פּופּיק, מיינט איר אַוודאי, וועט גיין אין גיוועץ?״ — רעדט ער ווײַטער: — „אָט קוקט און שווײַגט״... איך, פון מײַן זײַט, זוך אויס אַ פליטע אין אַ פּוסטער שטוב, אַ טשוהון, האָלץ; באַזאָרג זאַלץ, קאַרטאָפל, אַבי זיך נישט צו עוסקן מיט דעם קרבן, נעבעך, וואָס האָט זיך מיט אַ האַלבע שעה צוריק באַהאַלטן אין שפּיץ דאַך...

שלאָפן שלאָפט מען אונטערן פרײַען הימל, אויפן פעלד.

די נאַכט איז אַ קאַלטע, ווי די אַלע סוף־אויגוסט־נעכט. ליגסט אויפן אונטערגעשפּרייטן ביסל שטרוי, גורעסט זיך און ציטערסט. לכתחילה ווערט

מען אַ ביסל אַנטשלאָפן. אָבער באַלד וועקט אויף די קעלט צוריק. עס עפענען זיך די אויגן און קוקן צום טונקעלן הימל. קוקסט, טראַכסט און קאָנסט זיך נישט דערטראַכטן... דאָס לעבן איז מיאוס, עקלהאַפט... גלאַט מען נעמט מענטשן און מ׳רײַסט זיי אָפּ פון זייער היים, פון זייער רויִקן חדר, פון זייער וואַרעמען געלעגער און מ׳טרײַבט זיי אום טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט נע ונד, איבער פעלדער און וועלדער, ווי די הינט, אָדער נאָך ערגער: ווײַל יעדער הונט האָט זיך זײַן נאָרע, און באַזיצנדיק אַ הינטישע פעל, איז אַ נאָרע בײַ אים געגליכן צו אַ מענטשלעכן פּאַלאַץ — און מיר — מענטשן געווײנלעכע, לעבעדיקע, מענטשן, אויף צוויי פיס, מיט אַ קאָפּ, האַרץ, געפילן, געדאַנקען, פּאַרלאַנגען — מיר האָבן אַפילו קיין הינטישע נאָרע אויך נישט... פוי, מיאוס, עקלהאַפט! — —

מײַן שכן וואַרפט זיך פון איין זײַט אויף דער אַנדערער.

— איר שלאָפט נישט?

— קאַ־אַ־אַלט!

און נאָך דעם גיט ער צו:

— ווען איך האָב איצט מײַן בעט, מײַן וואַרעמע בעט!...

ס׳אַראַ נאַר דאָס איז: שטענדיק חלומט זיך אים זײַן בעט מיט די בעטגעוואַנט... און ווי אַלע מאָל, ראָט איך אים איצט אויך, ער זאָל אָן דעם בעסער פאַרגעסן. ער קאָן עס אָבער נישט שענקען און האָט צו מיר אַ גאַנצע טענה:

— וואָס מיינט איר, ס׳זענען נישטאָ איצט קיין מענטשן, וואָס ליגן אין די וואַרעמע צימערן און — —

דאָ פאַרענדיקט ער האַלב־פאַרנאָגראַפיש.

— נו איז וואָס? — פרעג איך אים סתם אין דער וועלט אַרײַן.

— „איז וואָס?" ווען איך קאָן, וואָלט איך, דאַכט זיך, אַלעמען, אַלע־מען פון די הײַזער אַרויסגעטריבן: גייט, גייט, אַזוי ווי מיר, אויף די פעלדער. נעכטיקט, ווי מיר אין קעלט און אין רעגן. אַלע, אַלע!...

מײַן שכנס לעצטע ווערטער זענען מיר געפעלן געוואָרן. פאַר אים איז עס געווען אַ גרויסער פאָרשריט. בכלל באַמערק איך, אַ דאַנק דעם נע ונד־לעבן, אַז זײַן טעמפּער מוח האָט זיך אַ ביסל אַ ריר געטאָן... זײַנע גרויע קליינע אייגלעך פלעגן זיך שוין אַ מאָל אויסשטאַרן און אַ פײַכטקייט פלעגט זיך אויף זיי באַווײַזן...

אַ פּנים, ער טראַכט שוין אַ ביסל און פאַרטראַכט זיך...

# 8

— מיר גייען צו לעמבערג!

אַזוי רעדן די אָפיצירן צווישן זיך. ווען מיר וועלן צוקומען הינטער יענע טויערן, ווייס מען נישט קלאָר, נאָר אַז דאָרט וועט זײַן אַן אמתער גיהנום — דאָס איז מער ווי זיכער.

פון איין זײַט די שרעקלעכע דערוואַרטונג, פון דער אַנדערער — נײַגעריקייט: לעמבערג... אַ גרויסע אייראָפּעיִשע שטאָט.

מיר גייען איבער אַ שאָסיי. דער טאָג איז אַ הייסער. די זון באַקט אומדערבאַרעמדיק. אַזוי איז געווען גאַנץ אָפּט: בײַ טאָג הייס און בײַ נאַכט — שרעקלעך קאַלט.

הונגער, דערשלאָגנקייט, פאַרמאַטערטקייט, שטויב און שווייס... דאָס ציט זיך ווי אַן אומענדלעכע קייט. די פאַרביטערטקייט וואַקסט. און עס פרעגט זיך: איז נישט בעסער דער טויט פון דאָס לעבעדיקע פלאָגעניש? דער טויט איז אַ קויל — און פאַרטיק, אָבער דאָ...

אַזוי גייען מיר איבער עטלעכע טעג אין דערוואַרטונג. איין טאָג מאַכן מיר גאָר אַ קליינעם איבערגאַנג, בלויז אַ וויאָרסט פיר־פינף. מיר קומען אין אַ דאָרף און פון ערגעץ גאָר נאָנט הערט זיך אַן אומאויפהערלעכע קאַנאָנאַדע. בײַ אַ וועג, וואָס גייט דורך דורכן דאָרף, ציִען זיך פיל אָקאָ־פּעס. מען הייסט זיך צעלייגן האַרט בײַ די הײַזער און זיך נישט דרייען סתם אין דער וועלט אַרײַן. נאָך דעם קומט אָן אַ פאַראָרדענונג און מען פירט אונדז אַרויס הינטערן דאָרף אויף אַ פעלד. דאָרט נעמט מען זיך

גראָבן אָקאָפּעס. און כאָטש דער מאָגן איז געווען פּוסט און פול מיט תּביעות, דער שווייס האָט געקאַפּעט, דער רוקן געבראָכן, פון דעסטוועגן האָט מען געאַרבעט. מ׳האָט גאַנצענע הײַזער און שײַערן צעפּירט און פון די באַלקנס און קלעצער בלינדאַזשן געמאַכט.

— וואָס גרעבערע באַלקנס! — האָבן געוואָרנט די אָפיצירן — איר זעט דאָרט?

אין דער ווײַטנס האָבן זיך ווירקלעך געזען וואָלקנדלעך רויך פון שראַפּנעלן. שרעקלעך און מעכטיק האָבן ערגעץ געדונערט די שווערע האַרמאַטן. און דאָס האָט ווי אונטערגעטריבן און פלײַסיקער געמאַכט די אַרבעט — כאָטש די כוחות האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן.

פּאַר נאַכט איז די שלאַכט אין דער ווײַטנס פאַרעקשנט געוואָרן. זי האָט זיך אויך דערנענטערט. אָט הערט זיך שוין אויך דאָס גרילצן פון ביקסן און פּולעמיאָטן. מען הייסט זיך לייגן אין די אָקאָפּעס. אַ נס. ווי מיד, ווי פאַרמאַטערט!

אין באַטאַליאָן, וואָס האָט זיך פריִער געהאַט אײַנגעגראָבן הינטער אונדז, האָט זיך צעשאָטן אין קייט און גענומען איבערלויפן פאָרויס. אָט גיט אַ פאַל די גאַנצע שורה אַנטקעגן אונדזערע „פּאַלאַצן״, און, אָפּרוענ־דיק אַ ביסל, לויפן זיי אַריבער איבער אונדז, פאָרויס, פאָרויס... ס׳אַראַ דערשראָקענע פּנימער, ס׳אַראַ פינצטערע!

אַ פּנים, עס הייבט זיך אָן...

אָבער מיטן אָנקומען פון דער נאַכט איז די קאַנאָנאַדע אײַנגעשטילט געוואָרן און פּלוצלינג הייסט מען גאָר אַרויסגיין פון די אָקאָפּעס. צום טײַוול! — עס ווילט זיך אַזוי נישט פאַרלאָזן דאָס אָרט. אַ גאַנצן טאָג דאָ די כוחות אָוועקגעלייגט. וואָלט מען דאָ כאָטש איבערנעכטיקן אין דער וואַרעם אַ נאַכט!

מען „סטראָיעט" זיך ווײַטער אין וועג. ס׳איז שוין גוט פינצטער. די נאַכט איז אַ שטילע, אָן אומעטיקע. מיד און שווײַגנדיק קריכט מען אַזוי

אין דער פינצטערניש איבער פעלדער און וועגלעך. די טריט קלאַפּן זיך טויב אָן דער ערד און גיבן אַרויס אַ מאָדנעם טעמפּן קלאַנג.

עס אַנטפּלעקן זיך פון דער ווײַטנס העלע שטאַרקע שטראַלן: עלעקטרישע באַלײַכטונג!

לעמבערג!

און מאָדנע האָט גערייצט די העלע ליכטיקייט, וואָס האָט זיך געריסן פון דער ווײַטנס און אַ גרוס געשיקט פון אַ פרעמדער וועלט. דאָרט רוט אַ שטאָט, אַ כּרך און דאָ וואָגלען אום מענטשן אין דער פינצטערניש און וואַרטן אויפן טויט... פון אַ לעבעדיקער וועלט האָבן זיי דערציילט, די שטראַלן... און ס׳דאַכט זיך, אַז שוין לאַנג, לאַנג איז מען אַזוי אָפּגעריסן פון מענטשן, פון פרײַע לעבעדיקע מענטשן...

אַ שטאָט! אַ שטאָט.

דאָס פינצטערניש איז געוואָרן געדיכטער און שווערער. מ׳האָט אונדז אַרויפגעפירט אויף עפּעס אַ פעלד און געהייסן זיך אײַנגראָבן. ווידער גראָבן... און ווי אויף צו להכעיס האָט פון אויבן גענומען קאַפּען. דער רעגן איז געווען אַ דינער, אָבער אַ געדיכטער און אָן אַן אויפהער.

מען טאַפּט אין דער פינצטערניש און מען גראָבט. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווײַטער געגראָבן. דאָס רידעלע פאַלט פּשוט פון די הענט אַרויס און די אויגן קלעפּן זיך. ווי עס איז גראָבט מען אויס פאַר זיך אַ פלאַכן קבר און מ׳לייגט זיך אַרײַן.

עס גייען אָבער נישט אַוועק קיין פינף מינוט — —

— אויפשטיין!

אַ טעות...

צום טײַוול מיט דער פינצטערניש: די אָקאָפּעס, האָבן זיך די אָפיצירן אַרומגעזען, זענען נישט מיטן פראָנט צום שׂונא, נאָר קאַפּויער. מיט אַ פליגל...

אַ געלעכטער. מען דרייט איבער די קייט און מ׳הייסט אויף ס׳בײַ

גראָבן. אָבער ווי אַזוי? — די הענט הענגען שוין פּשוט ווי פּרעמדע, ווי צוגעטשעפּעטע... און דער רעגן?... גיסט און גיסט... נישט אַנדערש, עמעצער פּירט דאָ אַ ווילדן צו־להכעיס־שפּיל.

— גראָבט זיך איַין! שלאָפט נישט! — —

וואָס וויל די שטים?... וואָס ריַיסט זי ביַי די ווונדן?... אָבער די איַיזן־האַרטע ווירקלעכקייט שטויסט אָפּ אַלע טענות: וואָס וועט זיַין, אַז עס וועט טאָג ווערן און ס׳וועט נעמען האָגלען מיט מעטאַל?...

און אויף ס׳ניַי פּאָרען זיך די הענט מיטן רידעלע. אויסגעשאָטן אַ רידעלע ערד און אָפּגערוט אַ ביסל, אַ צווייטן און וויַיטער אָפּגערוט. אַזוי כּסדר מיט לאַנגע פּויזעס. אָט קלעפּן זיך גאָר צו די ברעמען און עס דרעמלט זיך איבערן נישט־פאַרטיקן קבר... אויפוועקן וועקט אויף אַ קופּ־קעלע קאַלטע נאַסע ערד, צו וואָס דער שטערן פּאַלט צו...

דער דאָזיקער אָקאָפּ איז שוין געווען פלאַכער און קירצער — אַזוי אַז די פּיס זענען געווען אין דער הויך און בלויז דער קאָפּ מיט אַ האַלבן קערפּער אונטן. איַינגענורעט זיך אין שינעל, איבערגעוואָרפן זיך מיט דער פּאַלאַטקע און דער רעגן פון אויבן האָט דראָבנע געקלאַפּט און געקלאַפּט און איַינגעוויגט. די אויגן האָבן זיך פאַרשלאָסן שטיַיף, האַרט, ווי אויף אייביק, און אַלץ אין קאָפּ איז ווי צעגאָסן געוואָרן אין אַן אומבאַשטימטן כאַאָס...

פּלוצלינג האָט עפּעס אין כאַאָס אָנגעהויבן צו ציטערן און טרייסלען זיך. עמעץ שריַיט, דאַכט זיך, אָן ווערטער, און באַלד דערהער איך אַ שטים:

— שטיי אויף!

מיט גרויס אָנשטרענגונג עפן איך די אויגן און זע ווי איבער מיר שטייט עמעץ איבערגעבויגן און ריַיסט מיך פאַרן האַנט:

— מען „סטראָיעט” זיך שוין! איך הייב זיך אויף — דער עולם שטייט שוין גרייט צום גיין. וואָס דער רעגן האָט פון מיר געמאַכט! דורך און

דורך דורכגעווייקט און נאַס. איך טו אָן די אַמוניציע. דער שינעל איז שווער, דיק און קאַלט, די פּאַלאַטקע — האַרט ווי אַ בלעך.

נו, אַ נאַכט! אַ משוגענע נאַכט — —

די אויגן ברענען און שטעכן פון איבערגעריסענעם האַרטן שלאָף. דער שטערן איז הייס. די פיס ברעכן זיך און אַלע גלידער מאַטערן, מאַטערן, חלשן אַ ביסעלע רו כאָטש ערגעץ אין אַ שטאַל, אין אַ פערדשטאַל!...

דער עולם דעקט זיך איבער מיט די האַרטע אויסגעווייקטע פּאַלאַטקעס איבערן קאָפּ און מען לאָזט זיך אויף ס׳נײַ איבער די פעלדער. פינצטערניש, בלינדקייט. שטיקער ערד פון צעאַקערטע פעלדער פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס און די ערד איז גליטשיק און ווייך פון רעגן. די פיס טאָפּטשען אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ... אַזוי פעלד־אויס, פעלד־אײַן. און די אַלע, וואָס קריכן דאָ אָן ציל, אָן זינען, זענען, דאַכט זיך, גאָר קיין מענטשן נישט, נאָר אומגעלומפּערטע גולמס, געטריבענע דורך עפּעס אַ שלעכטן בייזן שֵד, וואָס מאַכט חוזק איבער זיי און פירט זיי אום אָן אַ ברעג אין פינצטערניש, קעלט, רעגן... כאַ־כאַ, חוזק! אַ בלוטיקער חוזק! — —

טיף אין האַרצן רעגט זיך עפּעס און זויגט, זויגט. אין דער לינקער ברוסטקעסטל פּײַניקט אַ שאַרפער ווייטאָג, ווי פון טעמפּע מעסערס געשניטן.

אַנדערע ווערן אויפן גאַנג אַנטדרימלט, טוען אַ פאַל און הייבן זיך אויף מיט אַ קללה סתם אין דער וועלט אַרײַן...

— וואָס וואָלט מיך געאַרט, ווען איך וואָלט געבוירן געוואָרן אַ הונט ?...

— פרעגט איינער זיך אַליין מיט גאַל.

קיינער רופט זיך נישט אָפּ.

פעלד־אויס, פעלד־אײַן. און פון אויבן, פון דער פינצטערניש גיסט און גיסט...

די סטרונעס אינעווייניק זענען שטײַף אָנגעצויגן. ס׳דערגרייכט, דאַכט

זיך, די העכסטע מדרגה... אָט־אָט און עס פּלאַצט דאָס האַרץ מיט אַ פלוך־באַגלייטונג — — — — — — — — — — — — — — —

פעלד־אויס, פעלד־איַין. און פון דער וויַיטנס ווינקען העלע גלאַנציקע שטראַלן פון אַ שטאָט...

מיר שטייען נעבן אַ ברעג וואַלד. מען צענעמט אונדז אין דער לענג און מען הייסט זיך פּשוט לייגן. איטלעכער פאַלט ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים. מען פילט נישט די נאַסקייט, דעם רעגן. איַינגעצווערעט זיך אין שינעל — און טויט־שטיל... ווידער איז אין קאָפּ צעגאָסן געוואָרן אַן אומבאַשטימ־טער תוהו־ובוהו...

פאַר טאָג.

מען וועקט, נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען. גרוי און קאַלט איז דער באַגינען. קיין רעגן גיסט שוין נישט. עס ציטערן די גלידער. נאַס, אויסגעווייקט די זאַכן, ווי שמוציקע פּיַיכטע שמאַטעס צום לײַב. די פּנימער בלויע, ברוינע, צעקנייטשטע.

און הייבט מען אָן צו גיין, איז די משׂא אויף זיך אומגעהיַיער שווער און די פיס פּלאָנטערן זיך ווי פרעמדע. די שטיוול שווערע; אינעווייניק נאַס און גליטשיק.

מען גייט וויַיטער אין קייט איבער אַלערליי פעלדער. באַלד, באַלד וועלן מיר זיך, אַ פּנים, אָנשלאָגן...

נעבן אַ דאָרף פרעגט עמעצער ביַי אַ פּויער, וויפל איז נאָך צו לעמ־בערג?

— אַכט קילאָמעטער.

— בלויז אַכט? מען קאָן שוין, הייסט עס, זאָגן ווידוי...

דרויסן האָט זיך אויסגעלײַטערט. די וואָלקנס אויפן הימל זענען צע־זייט געוואָרן און ס׳האָט זיך באַוויזן די זון. די שטראַלן וואַרעמען און די צוגעקלעפּטע זאַכן שטייען ביסלעכווײַז אָפּ פון לײַב.

פּאַמעלעך רוקן זיך אַזוי די פעלדער און בלײַבן הינטער אונדז. פאַר וואָס איז נאָך שטיל?...

אין אַ צווייטן האַלב־אָפּגעברענטן דאָרף פרעגט מען ווידער בײַ אַ פויער:

— וויפל איז נאָך צו לעמבערג?

— זעקס קילאָמעטער.

מען קוועטשט מיט די פּלייצעס, גלײַך ווי ס׳וואָלט זיך פּשוט פאַר־בענקט נאָך אַ קנאַל פון אַ ביקס...

קעגן אַלעמענס דערוואַרטונג הייסט מען זיך פּלוצלינג „סטראַיען״ אויפן שאָסיי. און אַזוי גייט מען גאַנץ געלאַסן און פרײַ.

וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?

באַלד האָט זיך איבער דער גאַנצער לענג, וואָס דער פּאָלק פאַרנעמט, צעטראָגן:

— מ׳גייט פרײַ אין שטאָט!

און איין אָפיציר, וואָס לויפט אָן פון אַנטקעגן אויף אַ פערד, זאָגט אָן אַ צווייטן:

— שוין איבערגעגעבן די שליסלען פון שטאָט!

אַ געמישטער געפיל האָט די הערצער דורכגענומען. לכתחילה האָט מען אַנדערש נישט אויסגערעכנט, אַז דאָ בײַ דער שטאָט וועט שלאָגן די לעצטע שעה, און פּלוצלינג — אַזאַ איבערראַשונג! ס׳האָבן אַנדערע אַפילו געמיינט, אַז — ווער ווייסט? — אפשר וועט איצט צו אַלץ אַ סוף נעמען?...

מען האָט שוין נישט געפילט די צעבראָכנקייט, די פאַרמאַטערטקייט. די זון האָט באַזונדערס געוואַרעמט, גלײַך ווי זי וואָלט איטלעכן אָפּגע־

געבן אַ גרוס פון דער פּאַרלאָזענער היים, וועלכע זי זעט און באַלײַכט פון איר הויכקייט... ס׳האָט זיך אַרײַנגעגנבעט אַ האָפענונג, אַז ס׳קען זײַן, מען וועט זיך נאָך אומקערן, און — לעבן, לעבן... ס׳האָבן זיך אַפילו אויך דערמאָנט באַקאַנטע נעמען פון טויטע. אַ שאָד, פאַר וואָס זענען זיי שוין טויט? זיי וואָלטן דאָך איצט אויך געקאָנט פילן וואָס אַלע...

אַזוי האָט זיך געטראַכט...

מיר גייען דורך אַ דאָרף. פון אַנטקעגן ציט זיך אַ גאַנצע מחנה פויע־רים. מאַן און ווײַב, קליין און גרויס. ווער עס פירט אַ בהמה פאַר אַ שטריקל, ווער אַ פערד, ווער אַ חזיר. אַנדערע זיצן אויף הויכע וואָגנס מיט „בעבעכעס״.

דאָס זענען אַלץ אַנטלאָפענע. נעכטן זענען זיי פון דאַנען אַנטלאָפן, אין שטאָט, מורא האָבנדיק פאַר אַ שלאַכט און הײַנט קערן זיי זיך שוין צוריק אום אויף זייערע ערטער.

אין עק דאָרף צום שטאָט צו זעען זיך זייערע אײַנגעאָרדנטע „שאַנצן״ און גאַנצע, לאַנגע רייען פון דראָט־פאַרצוימונגען.

דער שאָסיי פירט אַרויף אַלץ העכער און העכער. אָט אַנטפּלעקט זיך פאַרן אויג אַ קופּאָל פון אַ קירכע, אַ רויטער דאַך פון אַ הויכער געבײַדע, און באַלד דערויף די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון דער שטאָט.

אַ פּראַכטפול בילד!

עס בלאַנקט די ווײַסקייט פון מויערן, עס שפּיגלען זיך די זונשטראַלן אין אומצייליקע פענצטער, און אַנדערע שויבן גלאַנצן פון דער ווײַטנס ווי רובינען. הויך און מאַיעסטעטיש דערהייבן זיך קירכן איבער דעכער. אין איין ווינקל ציט זי זיך ווײַט, די שטאָט, און ווערט פאַרפאַלן אין האָריזאָנט.

— לעמבערג! — האָט מען איינע די אַנדערע איבערגעגעבן, קוקנדיק נײַגעריק אויף דער רייצנדיקער פּאַנאָראַמע.

מען הייסט זיך לייגן דערווײַל אָפּרוען, און עס ווערט אָוועקגעשיקט

אַ רײַטער־אַטריאַד אַרום שטאָט. אין דער ווײַטנס זעט מען נאָך דעם ווי די אַוועקגעשיקטע אויסשפּירערס דרייען זיך אַרום בײַ די באַפעסטיקונגען פון שטאָט, זוכן, נישטערן און שיסן אין דער לופט: אויב ס׳איז „עמעץ״ פאַראַן, זאָל ער זיך אָפּרופן.

ווען די רײַטערס קערן זיך אום, „סטראַיעט״ מען זיך און מען לאָזט זיך אין אָרדענונג צו דער שטאָט.

אָט איז אַ גאַס, אַ גאַנץ געוויינלעכע גאַס פון עק. פאַרויס פאַרלויפט אויף אַ פערד אַ דיוויזיע־נאַטשאַלניק און אַרום אים אַ „סאָטניע״.

פון דער ווײַטנס לויפן עפּעס איבער אַ פּאָר מענטשן איבער דער ברייט פון גאַס און פאַרשווינדן אין אַ טויער. פון אַנדערע טירן און פענצ־טער רוקן זיך אַרויס קעפּ און קוקן מיט נײַגעריקייט און פּחד. אָבער זעענדיק, אַז מיר גייען זיך גאַנץ געלאַסן, ווערט מען מוטיקער און ביסלעכ־ווײַז באַווײַזט מען זיך שוין אין דרויסן פאַר די הײַזער. מ׳קוקט אונדז נאָך אויפמערקזאַם און ערנסט און מען הערט זיך צו צום ריטעם פון אונדזערע טריט איבערן ברוק.

אין דער צווייטער גאַס איז מען שוין געווען דרײַסטער. דאָרט איז מען געשטאַנען רעדלעכווײַז און שווײַגנדיק געקוקט. אַ ייִדישער סאָלדאַט האָט אָפּגעגעבן אַ פאַרבײַגייענדיקן ייִדן אַ „גוט־מאָרגן״ און ביסלעכווײַז האָבן זיך פאַרבונדן שמועסן מיט די סאָלדאַטן. אויף אַ פרײַען פּלאַץ, נעבן אַ שוכפאַבריק, האָט זיך דער פּאָלק אָפּגעשטעלט.

אַרומגעוואַשן זיך מיטן ביסל וואַסער פון „באַקלאַגע״, לאָז איך זיך אין שטאָט אַוועק. די אָפיצירן האָבן פאַרזאָגט, אַז אַן ביקסן זאָל מען זיך נישט דערוועגן ערגעץ צו גיין און מען זאָל זיך באַגיין אָרנטלעך מיט די אײַנוווינער; אָן געלט קיין זאַך נישט נעמען, ווײַל די שטאָט האָט אונדז אויף גאַנץ העפלעך אויפגענומען.

איך קום אַרויס אויף אַ גאַס — ברייט, לאַנג, גראַציעז, עלעקטרישע

טראַמווייַען ציִען זיך שנעל און קלינגען. די הײַזער עלעגאַנטע, שיינע און די טראָטואַרן שוואַרץ מיט מענטשן.

עס רינגלט מיך אַרום אַ גאַנצער רעדל. אַלע אחינו בני־ישׂראל. מען קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן. מען פאַרשיט מיך מיט פראַגן.

— אַ ייִד, אַ ייִד?

— פון וועלכער געגנט.

— מען וועט נישט טשעפּען קיין ייִדן?...

— צי זענט איר געווען אין בראָד?

— צי קען מען איצט צוריקפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל?

— צי איז זלאָטשעוו נישט פאַרברענט געוואָרן?

און נאָך און נאָך פראַגן פון אַלע זײַטן. איך ווער ווי צעמישט און ווייס נישט אויף וואָס פריִער צו ענטפערן. דאָס רעדל אַרום מיר וואַקסט און איך בין שוין אַרומגענומען ווי מיט אַ פעסטונג; און אַלע שפּאַרן זיך און ווילן שטיין וואָס נענטער צו מיר. דער עולם איז אַ פאַרשיידנאַרטי־קער: עלעגאַנטע היט און שמאַלע חסידישע היטעלעך.

— אַך, אַנטשולדיקט — בעט איך זיך — זאָגט מיר בעסער, וווּ איז דאָ אַ פאַריקמאַכער?

— ביטע, ביטע, דאָ נישט ווײַט.

און דער גאַנצער עולם באַגלייט מיך צו דער רעזורע.

איך קום אַהין אַרײַן, דערזע זיך אין שפּיגל — גאָט מײַנער, ס׳אַראַ אויסזען בײַ מיר! בין איך נישט עלטער געוואָרן אויף אַ צענדליק יאָרן?... איך שרעק מיך פאַר זיך אַליין...

דאָ זיצן שוין סאָלדאַטן און מען האַלט אין איין טענהן און אויס־פרעגן.

איין סאָלדאַט קוועטשט מיט די פּלייצעס:

— ס׳אַראַ מאָדנע לאַנד בײַ אײַך! בײַ אונדז אין רוסלאַנד שמירט מען די מידלינעס מיט אַ פּענדזל און נישט מיט די הענט...

— און וואָס איז די מעשׂה — פרעגט אַן אַנדערער — וואָס דאָ אין עסטרײַך פאָרט מען איין מאָל דורך מיטן ראַזיר־מעסער? בײַ אונדז אין רוסלאַנד ראַזירט מען דאָך פאַר די זעלבע קליינגעלט צוויי מאָל!...

דער פאַבריקמאַכער, אַ ייִד מיט אַ „פּראָפעסאָרישן" אויסזען מאַכט מיך אין פינף מינוט ייִנגער, ווער ווייס, אויף וויפל יאָרן, און דאַן לאָז איך זיך ווידער איבער די גאַסן.

אויף ס׳בײַ האַלט מען מיך אָפּ, מען רינגלט מיך אַרום, מען פאַרשיט מיך מיט פראַגן און קוים וואָס מיר געלינגט זיך צו באַפרײַען פון די נײַגעריקע.

איך קום אַרײַן אין אַ ייִדישער „קאָלבאַסנע" צובײַסן. די פאַרקויפערין זאָגט מיר גלײַך אין פויליש, אַז זי איז גרייט מיט מיר צו רעדן אויף וועלכער שפּראַך איך וויל: פויליש, דײַטש און אַפילו רוסיש פאַרשטייט זי אויך אַ ביסל.

— רעדט מיט מיר פּראָסט מאַמע־לשון... — לייג איך איר פאָר.

— אַך, זייער אָנגענעם, זייער אָנגענעם, וואָס פאַרלאַנגט איר צו קויפן? ביטע זיך זעצן.

איך זיץ שוין בײַ אַ טישל. באַלד לאָזט זיך אַרײַן אַ גאַנצע גרופּע ייִדן פון גאַס און מען רינגלט מיך ווידער אַרום פון אַלע זײַטן.

אויפן טיש באַווײַזט זיך ביר, וואָס איך האָב גאָרנישט געבעטן.

— איך האָב עס דאָך נישט פאַרלאַנגט!

— אָבער ניין. איר וועט מיט אונדז טרינקען — ענטפערט איינער אַ ייִד.

מ׳קוקט מיך נײַגעריק אָן, מ׳טאַפּט פּשוט די אמוניציע אויף מיר און די ביקס, וואָס שטייט בײַ דער זײַט. מ׳שטעלט מיר כּלערליי פראַגעס, ווי עס לעבן עפּעס די ייִדן אין רוסלאַנד, און אַגב דערציילן זיי מיר, ווי זיי אָטעמט זיך דאָ פרײַ!... ווי די לופט איז דאָ לײַכט...

פון דאָרט גיי איך אַרויס מיט אַ יונגן־מאַן, וועלכער נעמט זיך אונטער

מיר צו ווייַזן די שטאָט. אויפן וועג קומט צו צו אונדז נאָך אַ יונגער־מאַן מיט אַ צייכן פון דער שטאָט־מיליציע אויפן אַרבל.

מיר גייען אַזוי גאַס־אויס, גאַס־איין. מען פירט מיך אַלץ אין די מערקווערדיקסטע ערטער און איך באַקום אַן אילוזיע, אַז איך שפּאַציר גאָר איבער די גראַציעזע גאַסן פון דער געוועזענער פּוילישער רעזידענץ אין רוסלאַנד.

אָט איז דער קילינסקי־פּאַרק מיט זייַנע פּראַכטפולע בלומען און שלאַנקע פול־בלעטערדיקע ביימער. אָט ווייַזט מען מיר די געביידע פון טעאַטער. שוין דער אויסערלעכער אויסזען אַליין, די הויכע קאָלאָנעס און פיגורן דערמאָנען וועגן קונסט.

האַליצקי־פּלאַץ — אַ שליסל פון פיל גאַסן. עס רוישט און עס קאָכט פון מענטשן. פּלאַץ מאַריאַצקי — שוין אַ שטילער, אָבער שיין ווינקל.

איך באַקוק אויך די לאַנגע, ריזיקע געביידע פון דעם „לאַנדטאָג" מיט זייַנע פיגורן אין דער הויך; די אוניווערסיטעט, דעם קינסטלערישן דענקמאָל פון יאַן סאָביעסקי און נאָך און נאָך.

איבער די גאַסן פליִען שוין אום אויטאָמאָבילן מיט רוסישע אָפיצירן. אומעטום דרייען זיך אום סאָלדאַטן אין דער באַגלייטונג פון שטאָטלייַט. די באַוועגונג איז גרויס, דער עולם געדיכט. מען שטייט אויף באַלקאָנען, אין פענצטער. די געשעפטן זענען אָפן. ס'איז טומלדיק, רוישיק און אין די מער באַלעבטע גאַסן איז ממש שווער דורכצוגיין. מייַנע באַגלייטערס דערקלערן מיר, אַז לערך פופציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט די לעצטע צייַט פאַרלאָזט די שטאָט. וואָס פאַר אַ באַוועגונג וואָלט שוין געווען, ווען אַלע וואָלטן אויף די ערטער געזעסן?

די האַלטונג פון די סאָלדאַטן איז אַ פרידלעכע, און די באַפעלקערונג איז גאַסטפרייַנדלעך — אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט, וואָס קעגן אַלע־מענס דערוואַרטונג איז נישט געקומען צו קרבנות און פאַרוויסטונג...

אומעטום איז מען מכבד די סאָלדאַטן: ווער מיט עסנוואַרג, ווער מיט „ציגאַרעטן" און ווער סתם מיט אויפמערקזאַמקייט...

צו מיר גייען צו אויף אַ הויפּטגאַס צוויי עלעגאַנטע פרײַלינס און אײנע נעמט אַרויס פון איר רידיקיול שאָקאָלאַד און דערלאַנגט מיר. מײַן אײגנליבע וואָלט אײגנטלעך דערפון געקאָנט לײַדן: מען דאַנקט מיר עס פאַר מײַן אָנשטענדיק האַלטן זיך... אָבער איר ליבלעך שמייכעלע האָט מיך ווי איבערגעבעטן, און איך באַדאַנק.

אַזוי בין איך אומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג ביז רעכט פינצטער.

איך קום צום פּלאַץ, ווו מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט און געפין בלויז עטלעכע פורן פון אָבאָז „ערשטער ראַזריאַד". איך דערוויס זיך, אַז דער פּאָלק איז אַוועק אויף נעכטיקן הינטערן שטאָט און מײַן ראָטע איז אַוועק צום צענטראַלן באַנהויף אין קאַראַול. איך פאָר אַהין אין אַ טראַמווײַ. קיין בילעטן פאָדערט מען נישט פון מיליטער־לײַט. פאָר פראַנק און פרײַ כאָטש אַ גאַנצן טאָג. אַדרבה, דער קאָנדוקטאָר איז נאָך מכבד מיט אַ פּאַפּיראָס אויך...

„דוואָרזשעץ" — הייסט דער באַנהויף. איך קום אַהין אַרײַן און געפין שוין כּמעט אַלעמען שלאָפנדיק אין אַ גרויסן זאַל. ס'איז פינצטער און איך זע בלויז ווי ס'גלאַנצן גלעזערנע טירן. דער פעלדפעבל קומט פון ערגעץ אַרויס און הייסט זיך מיר שטעלן פאַר אַ „דניעוואַלני". אַרומדרייענדיק זיך אין דער פינצטער, דערהער איך שפּעטער פון אַ צימער עפּעס אַ באַוועג־גונג. איך גיי אַהין אַרײַן — עטלעכע סאָלדאַטן שטייען מיט אָנגעצונדענע ליכט איבער קופערטס מיט זאַכן און פּאָרען זיך דאָרט. חברה האָט דער־שנאַפּט! טײַערע אָנצוגן, שפּאָגל נײַע וועש, אַלערליי חפצים און באַצירונ־גען ליגן אויסגעמישט און צעוואָרפן און וואָס איינעם געפעלט, נעמט ער, וואָס נישט — אַ שמיץ אַוועק... אין איין קאַסטן ליגן אויסגעמישט אַלבאָ־מען, בריוו, ביכער און ספרים, ייִדישע ספרים, סידורים, חומשים, מחזורים. אַ פּאָר תפילין...

אַט גיט איינער אַ שלײַדער אַ פּאָר קליינע גראַציעזע דאַמענשיך מיט הויכע קנאַפּל. און קוקנדיק דערויף, שטעלט זיך מיר פאָר אַן עלעגאַנטע דאַמע, אין פולן טואַלעט, מיט קליינע קליינע פיסלעך, אין דורכזיכטיקע זאָקן און לאַקירטע קליינע פּאַנטאָפל מיט הויכע קנאַפּל — אין אַט די דאַזיקע פּאַנטאָפל, וואָס מ'וואַרפט זיך דערמיט איצט אַרום — — —

דער עולם ווערט גרעסער. איטלעכער קריכט אַרום איבער די אומ־צאָליקע קאַבינעטן און קאַנצעלאַריעס, זוכט, נישטערט, וואַרפט איבער.

מ'האָט אַגב געפונען עטוואָס רייצנדיקס:

ווײַן... טײַערער ווײַן. אויסער דעם — ביסקוויטן, שאָקאָלאַד, קאָנ־פעקטן, פּוטער, קאָנסערוון און נאָך און נאָך...

דער חשק צעשפּילט זיך בײַ איטלעכן און יעדער שטאָפּט צו זיך אין אַמוניציע־זאַק אַרײַן. מ'טרינקט, מ'קײַט און מ'הערט נישט אויף צו ניש־טערן און זוכן. מען ברעכט אויף אַלץ נײַע שענק און שופלאָדן. בײַ אַנדערע ציגדט זיך אָן אַ גוואַלדיקע תאווה: זעסט מיט די אויגן אַזאַ גוטס און קאָנסט עס נישט נעמען...

אַט האַלט איינער אַ פּויער אַ טײַערן קאָסטיום אין די הענט, דרייט אים אויף אַלע זײַטן, באַטראַכט און קוועטשט מיט די פּלייצעס:

— נו, פּאַני, פּאַני, איר האָט עס אַ ביסל געפּאַנעוועט...

און גיט עס אַ שמיץ אָן דער ערד.

אַזוי אַ גאַנצע נאַכט!

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געטרונקען, „מעלה־גרה" געווען און קאַסטנס געבראָכן...

אין דער פרי דערוויסן מיר זיך, אַז דער פּאָלק איז אַוועק ווײַטער און אונדזער ראָטע מיט נאָך איינער בלײַבן דאָ דערווײַל אויף אָכראַנע בײַם באַנהויף. אין שטאָט רעדט מען, אַז עס איז געשלאָסן געוואָרן וואָפּנ־

שטילשטאַנד אויף אַ פּאָר טעג, און אַנדערע לײַכגלײביקע האָבן דעריין געזען אַ גוטן סימן: ווער ווייסט, אפשר וועט טאַקע אַ סוף נעמען?... אויפן דריטן טאָג אָבער האָט אויף ס'ניי אָנגעהויבן צו דונערן ערגעץ ווו וויאַרסטן פון שטאָט...

מיר פאַרנעמען „פּאָסטגס" ביי עשאַלאָנען, דורכגענג און טונעלן. דער באַנהויף איז אַ מערקווערדיקער, די אײַנריכטונגען זעלטענע, גרויסאַרטיקע. ליניעס, וואַגאָנעס, כל־ערליי געבײַדעס — אָן אַ שיעור. אויסער אַלעם — אַ קאָלאָסאַלער דעפּאָ מיט אומצאָליקע מאָטאָרן און מאַשינען...

אָ, וויפל מיליאָנען! ס'אַראָ גוטס!

מיר האָבן זיך באַזעצט אין הפקרדיקע וווינונגען פון באַן־באַאַמטע, וואָס זענען צעלאָפן געוואָרן. שיין מעבלירטע סאַלאָנען און קאַנצעלאַריעס; גלענצנדיקע שרײַבטישן און ווייכע פּלושענע דיוואַנען... און מאָדנע נישט האַרמאָניש איז עס געווען, בעת אַ פּויער פלעגט זיך אַרײַנזעצן אין אַ ווייכן שטול בײַם שרײַבטיש, פלעגט נעמען אין זײַנע גראָבע, אומגעשיקטע פינגער די קינסטלערישע פעדער, טונקען זי אין טושטינט און פירן אומגעלומפּערטע היעראָגליפן („קאָטשערעס" מיט „פּאָמעלעס"...) אויף קליינע פאַרביקע בייגעלעך פּאַפּיר:

„אין די ערשטע שורות פון מײַן בריוו..."

עס האָבן אָנגעהויבן צו קורסירן באַנען פון רוסלאַנד ביז לעמבערג, און שפּעטער נאָך ווײַטער אויך, און דער באַנהויף איז געוואָרן דער הויפּט־פּונקט פונעם מיליטער. אויפן גאַנצן פּלאַץ אַרום איז שטענדיק געווען פול מענטשן. מענער, פרויען, קינדער. אָרעמע פלעגן עפּעס נאַשן אויך. דער דלות און מאַנגל זענען געווען אומגעהײַער גרויס. פון איטלעכן ציווילן האָט מען נאָר געהערט איין קלאָג: נישטאָ נישט קיין ברויט, נישט קיין צוקער, נישט קיין זאַלץ... מ'האָט זיך רחמים געבעטן בײַ סאָלדאַטן, מ'זאָל

זיי עפּעס געבן אָדער פאַרקויפן. און אַז איין סאָלדאַט האָט זיך איין מאָל פאַרגלוסט צו וואַרפן שטיקער ברויט פון אַ הויכן אָרט ביי דער איַיזנבאַן־ליניע, זענען אויף דעם אָנגעפּאַלן מאַסן קינדער ווי די פליגן און ביי יעדן אַראָפּגעפאַלענעם שטיקל ברויט פלעגן זיך די קינדער די נעז אָפּרייַסן און דער גליקלעכער, וואָס אים איז עס אָנגעקומען, האָט דאָס ברויט גלייך פון דער ערד צום מויל צוגעטראָגן און מיט אַ באַזונדער מין תאווה געקייַט...

גאַנצע מאַסן האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, די הונגעריקע, די פאַר־שמאַכטע, אַלט און יונג, אַלט און יונג. דאָס רוב טראָגן נאָך אָנשטענדיקע קליידער, הוט הענטשקעס און שטאָק — אַ זכר פון פאַרשוווּנדענער שפע... אין קעשענע איז אָבער פּוסט, און דער הונגער האָט שוין אויף די געזיכטער זייַן חתימה געלייגט...

אין אָוונט ווידער פלעגן באַזוכן דעם פּלאַץ אַ היפּש ביסל אָנגעפּאַרבטע און אָנגעפּודערטע „פרייַלינס" (אמת, פיל פון זיי זענען גיכער ענלעך געווען אויף באָבעס...). דערשמעקט סאָלדאַטן, זענען זיי געקומען פאַרלייגן זייער „דינסטפערטיקייט"... און ס'האָט זיך טאַקע פאַר זיי געעפנט אַ פרישער קוואַל פון „פּרנסה".

אויסער דעם סאָרט מיט די „זינד־פּאַטענטן" פלעגן קומען סתם דאַמען: פאַרזעסענע, דינסטן, פאַרפלאָגטע ווייַבלעך פון רעזערוויסטן, דערשלאָגענע, וואָס הערן קיין מאָל קיין קאָמפּלימענט נישט אַפילו... און איטלעכער סאָל־דאַט האָט שוין געהאַט זייַן פּאָר. אַלע אָוונט פלעגן די בענק אין דער טונקעלער באַנהויף־אַלייע פול זייַן מיט פּאָרלעך. ווער ס'האָט די ציין גע־בראָכן אויף פּויליש, ווער אויף רוסיש. נאָר די טונקעלעביימער פון דער אַלייע וויסן, וואָס מ'פלעגט פון ווערטער מאַכן...

נישט איינעם האָט עס געקאָסט אַ טייַערער פּרייַז פון יסורים און שרעקלעכן עקל...

וויפל אונדז איז באַשערט צו זײַן דאָ איז אומבאַשטימט; נאָר דערווײַל האָבן זיך די ביינער אויסגעגלײַכט אויף די ווייכע סאָפעס, און די אײַנ־געפאַלענע פאַרפינצטערטע באַקן זענען ביסלעכווײַז פולער און לעבעדיקער געוואָרן. גאַנצענע טעג איז מען געשטאַנען בײַ די פּליטעס, געבראָטן, געקאָכט, געפּרעגלט. די עשאַלאָנען זענען אויפן באַנהויף געווען פול און ס׳האָט קיין זאַך נישט געפעלט: רײַז, קאַרטאָפל, קאָנסערוון, שפּעק, פּוטער, ברויט און אַנדערע פּראָדוקטן. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין ווײַנען, קיין ביר און קיין שנאַפּס. אויף די פּאָסטנס איז אויסגעקומען נישט קיין סך צו שטיין און גרופּעסווײַז פלעגט מען זיצן אַרום טישן. קאָרטן האָבן זיך געוואָרפן פון האַנט צו האַנט; גלעזער געריוועלט און גראָבע שטימען האָבן די לופט געריסן.

אַזוי אַלע טאָג, אַלע טאָג.

צי זענען עס נישט קיין געגנדז, וואָס מ׳שטאָפּט זיי ווינטערצײַט פאַרן שעכטן?... איבעריקנס, דאָס האָט יעדער געפילט. כּמעט אַלע טאָג פלעגט מען דורכן סטאַנציע דורכפירן גאַנצע פּאַרטיעס פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי אויך מענטשן פון אונדזער פּאָלק — און דאָס האַרץ האָט זיך אַלץ גע־שראָקן: אָט־אָט קומט אָן אַ פאַראָרדענונג מיר זאָלן זיך אויך רירן... אויף דעם סמך האָט מען געטרונקען נאָך אַ גלאָז און נאָך אַ גלאָז... אויסגע־ליידיקט איין פעסל ביר — געבראַכט אַ צווייטע, אַ דריטע. אין די וואַגאָ־נעס האָט געקלעקט. פיל האָבן אַגב אַ ביסל צוגעהאַנדלט אויך מיט די הפקרדיקע זאַכן פון די געבײַדעס... קיין געלט האָט נישט געפעלט און דאָס מויל האָט זיך גאָרנישט פאַרמאַכט...

מײַן פּאָסטן איז אַ טונעל. איך דאַרף נישט דורכלאָזן קיין ציווילע אָן אַ „פּראָפּוסק״ פון קאָמענדאַנט. שטענדיק דרייען זיך דאָרט דורך אַלערליי מענטשן. איך דערוועדב זיך באַקאַנטע.

נישט איין קוריאָז איז דאָרט פאָרגעקומען אויף מײַן פּאָסטן. אַנדערע,

נישט האָבנדיק קיין דורכגאַנגס־צעטל, פלעגן מיך ווען אונטערקויפן יעדער נאָך זײַן ערך.

אַ פּוילישע פרוי, למשל, מיינענדיק אַז איך בין אַ רוס, האָט מיך געוואָלט אונטערקויפן מיט... אַנטיסעמיטיזם.

— נישטאָ, נישטאָ קיין שוויענטאָ! — האָט זי גלײַך אָנגעהויבן, צו־גייענדיק צו מיר מיט אַ שמייכעלע — אויס יום־טוב פאַר זיי, פאַר די זשידעס. פריִער האָבן זיי געפּאַנעוועט, איצט אָבער...

אַזעלכע העצערייד קעגן ייִדן האָב איך דאָ שוין פיל מאָל געהערט פון די פּאָליאַקן. רעדלעכווײַז פלעגן זיי שטיין און האַלטן אין מיטן אַ רוסישן סאָלדאַט און אים דערציילן גיפט־מעשׂיות וועגן ייִדן... און איצט, הערנדיק דאָס זעלבע אַלס „שוחד", האָט עס מיך געדולד אַרויסגעבראַכט. איך האָב פון דעסטוועגן יוצא געווען בלויז מיט אויפהייבן דעם „פריקלאַד" און מיט אַ „פּאַשלאַ וואָן" — כאָטש ס'וואָלט אפשר אַ מיצווה־גדולה גע־ווען אַראָפּצולאָזן דעם „פריקלאַד"... נאָר טו מאַך מיט „רחמנים בני רחמנים"...

אַן אַנדער, בײַיוועזנדיקער האָט איר אין דער שטיל באַמערקט וועגן מיר, אַז דאָס איז אַן „איזראַעליט" און זי האָט גענומען כאַפּן צוריק:

— אַלע זענען גלײַך: רוס, פּאָליאַק, איזראַעליט... אַלע זענען מענטשן...

און זי האָט געוואָלט איך זאָל זי דורכלאָזן; זי האָט אָבער צום צווייטן מאָל געהערט אַ „פּאַשלאַ וואָן!"...

אַ געפּאַלענע ווידער — אַ מיידל מיט גאָלדענע ציין — האָט מיר פּשוט פאָרגעלייגט פאַרן דורכלאָזן דאָס, וואָס זי פאַרקויפט פאַר געלט...

איינער ווידער האָט מיר געבראַכט אַ פלעשל שנאַפּס.

— ניין! — זאָג איך פעסט.

— אָט האַרעלקאַ, ערן וואָרט!

— ניין!

— ערן וואָרט! — שווערט ער נאָך אַ מאָל — קומט, איך וועל אײַך ווײַזן, אַט דאָ אונטערן פּאָלע.

— נאָך אַ מאָל ניין!

— סטײַטש, האַרעלקאָ? האַרעלקאָ?

ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און האָט גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז אַ רוסישער סאָלדאַט זאָל קאָנען בײַשטיין אַזאַ שווערן נסיון...

— כיבאָ פאַן־איזראַעליט... — פאַלט אים נאָך דעם אײַן.

מיט מײַן „סמיענאָ" (פאַרטרעטער) אָבער אויפן פּאָסט — אַ פויער — זענען אַלע דרײַ דורכגעקומען: סײַ די יודאָפּאָבין, סײַ די געפאַלענע מיט די גאָלדענע ציין און סײַ דער, וואָס מיט דער „האַרעלקאָ"...

אין גאַס גיי איך אַלע טאָג. איך קום אַרײַן אין יידישע הײַזער, פאַר־ברענג, שפּאַציר, נאָר ציײַטנווײַז איז אויפן האַרצן אַזוי פּײַנלעך, אַזוי שווער... טרעפסט זיך מיט פרײַע מענטשן, וואָס גייען, רעדן, זיצן, שטייען ווען און ווו זיי ווילן, און דו?... שוין זיבן־אַכט חדשים ווי דײַן „איך" איז ווי דערשטיקט, דײַן ווילן שפּילט קיין ראָלע נישט. הייסט מען גיין — גייסטו, זאָגט מען „זיצן" — זיצסטו, שרײַט מען „לויף" — לויפסטו, דו ערנסטער, דערוואַקסענער מענטש מיט דײַנע „אָנשויונגען" און גאַנצן „קולטור־באַגאַזש" אין קאָפּ... און די פּיס מיט די גרויסע שטיוול הייבן זיך אויף און אָפּ, אויף און אָפּ... ווער מיר „טאַקט", וואָס מיר „פײַנער טאָן"... און דערצו נאָך — עינויים, וואַנזין, אימת־מוות...

שוין אַכט חדשים באַלד, ווי די זאַכן טיילן מיך אָפּ פון דער גאַנצער לעבעדיקער וועלט, און איצט, טרעפנדיק זיך מיט פרײַע זעלבשטענדיקע מענטשן, פילסטו זיך אַזוי הילפלאָז, אַזוי אונטערטעניק, און עס טראַכט זיך דערבײַ מיט ווייטאָג, אַז ערגעץ ווו אין אַ שראַנק הענגט דאָך אויך דײַן קאָסטיום „אַ לאַ איראָפּאַ"...

איך גיי דאָ אום אַ פרעמדער, איינזאַמער איבער די טראָטואַרן פון פיַינע גראַציעזע גאַסן, צווישן מחנות מענטשן, און דער באַרג וואַקסט, וואַקסט...

עס ווילט זיך מיר זען, ווו עס קומען זיך צונויף אונדזערע ייִדן, און איך גיי אין „טעמפּל". ס'איז שבת פאַר ראש־השנה. אַז איך גיי אַריַין קומט מיר אַנטקעגן דער שמש און פירט מיך העפלעך אויבן אָן אויף אַ פריַיען פּלאַץ.

איך באַקוק די שול — זי מאַכט דעם איַינדרוק פון אַ טעאַטער. צוויי באַלקאָנען רינגלען אַרום די ווענט, און דאָרט איז פאַר דאַמען. דער אָרון־קודש איז אַ שיינער, קינסטלערישער. דער הויפּט־חזן איז אַוועקגעפאָרן קיין ווין, און געבליבן איז זיַין געהילף. ס'איז אויך פאַראַן אַן אָרגל. אָבער נישט דער חזן דאַוונט און נישט דער אָרגל שפּילט, וויַיל... „עס ליגן טויטע אויף די פעלדער..." אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט אַ ייִד, וואָס איז נעבן מיר געזעסן.

ביַים אַנידערזעצן זיך האָט מיר דער דאָזיקער ייִד אַ זאָג געטאָן:

— ווען איך קאָן, וואָלט איך איַיך אַ קוש געטאָן.

— פאַר וועלכע מעשׂים־טובים? — פרעג איך.

— סתם אַזוי — ענטפערט ער — צי איר זענט פרום אָדער נישט — דאָס אַרט מיך נישט, נאָר איר מוזט אַוודאי האָבן אַ ייִדיש האַרץ.

דער ייִד איז מיר עפּעס געפעלן געוואָרן און איך האָב מיט אים אַ שמועס פאַרפירט. וויַיזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַן אַנטלאָפענער פון זלאָטשעוו. מ'האָט אים חרוב געמאַכט אַ שטוב מיט אַ געשעפט פון שיינע טויזנטער און איצט מוז ער מיט זיַין גאַנצן הויזגעזינד זיצן ביַי פרעמדע טישן... אַגב דערציילט ער מיר, אַז ער איז דאָרט אין שטעטל געווען אַ

גאַנצער טוער ביי די ציוֹנים; איז אויסער דעם גוט באַקאַנט מיט היינען, געטען, שילערן.

— אייַך איז, גלייב איך, נישט פרעמד היינעס „פרינצעסין שבת״? — וויל ער מיך, משמעות, עקזאַמינירן...

— יאָ, יאָ — ענטפער איך מיט אַ שמייכל, און ליתר תּוקף גיב איך צו:

— איצט זענען מיר אַפילו שבת אויך קנאַפּע „פרינצן״...

איך האָב טאַקע געטראָפן אין ציל...

— איך זע דאָך, אַז איר ווייסט... — זאָגט ער מיט התפעלות און גיסט נאָך דעם אויס פאַר מיר ביי „קריאת־התּורה״ זיין גאַנץ ביטער האַרץ.

און אַ מאָדנעם ווייטיק האָט ער אַרויסגערופן ביי מיר, אָט דער עלטע־רער ייִד, וואָס איז פריִער געווען אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ ייִד — אַ משׂכּיל, און איצט אָן אַ דאַך, אָן אַ ווינקעלע... נאָר וויפל דערגרייכט זייער צאָל? — —

אין דעם טראָגט מיר צו דער שמש אַ טלית, וואָס איז גיכער ענלעך צו אַ האַלדזטוך, און זאָגט, אַז מ׳איז מיך מכבד מיט עליה.

— דאָס קומט אייַך! — באַמערקט מיר מיין ייִד, קענטיק זייער צופרידן.

— נו, נו, אַ שיינעם דאַנק!

ראש־השנה בין איך ווידער געגאַנגען אין טעמפּל. איצט איז די שול געפּאַקט פון מענטשן. עס זענען געקומען אַ סך ייִדישע סאָלדאַטן, אַ פּאָר מיליטער־דאָקטוירים און פאַרוווּנדעטע פון די אָרטיקע לאַזאַרעטן. ס׳האָט געדאַוונט דער געהילפס־חזן מיט אַ גרויסן כאָר „הינטער די קוליסן״, פון וואַנען עס האָבן זיך אויך געטראָגן ווייכע קלינגענדיקע פרויענשטימען... דער אָרגל אָבער האָט אַלץ נישט געשפּילט.

די דאַווענערס זענען דאָ אַלץ קאַלטע, אָן התלהבות, ווי געוויינלעך אין אַ רעפאָרמירטער שול, ווו עס גלאַנצן הויכע צילינדערס... דעם גאַנצן רעש האָבן אָנגעמאַכט די יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן טאַקע מיטן גאַנצן האַרצן געבעטן און געוויינט ביים „ונתנה־תוקף״.

מי יחיה ומי ימות...

די ווערטער האָבן זייער געפּאַסט צו זייערע הערצער...

נאָך דעם האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זען ווי עס דאַווענען די אמת פרומע יידן, די אָרטאָדאָקסן, און איך בין אַוועק נישט ווייט פון דאָרט אין אַ חסידישע שול.

דער אַריינגאַנג איז דורך טרעפּ אין דער נידער.

אַ מיסטיש בילד האָט זיך פאַר מיינע אויגן געוויזן: טונקעלע ווענט, גרויסע אומעטיקע שויבן מיטן אָפּשיין פונעם כמאַרנעם הימל. הויכע דיקע פיר קאָלאָנעס אין מיטן אַרום אַ בימה. אַלטע פאַרצייטיקע לאָמפּן און הענגלייכטערס מיט ברענענדיקע ליכט. אויף די טונקעלע ווענט אויסגע־כתיבהטע קאַפּיטלען און פסוקים. אויף דער מיזרח־וואַנט דער כותל־מערבי אין טונקעלע פאַרבן. די גרויסע פירעקיקע שטיינער פון דער אַלטער־אור־אַלטער וואַנט קוקן געהיימעניספול...

איך בין אָהינגעקומען פונקט צו ונתנה־תוקף. די שול איז געפּאַקט. און נישט קיין צילינדערס זעען זיך דאָ, נאָר גרויסע ברייטע שטריימלעך, לאַנגע גלאַנציקע פּיאות; קיטלען; זילבערנע עטרות. די התלהבות, די קולות זענען אָן אַ גרענעץ. נישט קיין חזן, נאָר אַ פּשוטער בעל־תפילה שטייט אויף דער בימה. ער שרייט אויס אַ פּסוק און דער גאַנצער עולם נאָך אים. עס רייסן זיך קולות, עס הייבן זיך הענט אין דער הייך. עס גיסן זיך טרערן... און עס דאַכט זיך, אַז די שכינה אַליין שוועבט דאָ אין דער טונקלקייט פון דער אַלטער שול...

ותשובה ותפילה וצדקה...

עס דונערט און עס שטורעמט, און דאַכט זיך, אָט באַלד ווערט טויט־

שטיל ווערן און פון אָרון־קודש וועט זיך אַ בת־קול דערהערן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

צווישן ראש־השנה און יום־כּיפּור האָט מען אונדז סוף־כּל־סוף איבער־געגעבן, אַז עס זענען שוין געקומען „צלמימלעך" (לאַנדשטורעם) צו בײַטן אונדז... אויפן האַרצן ווערט אומעטיק־שווער און שרעקלעך אומהיימלעך... די וועטערן זענען שוין האַרבסטיקע, קאַלטע, רעגנדיקע... הייסט עס, אַז מען וועט זיך ווידער מוזן לאָזן אין וועג אַרײַן ?...

איין טאָג ווײַזט זיך עס אַרויס פּאַר ריכטיק: מ'האָט שוין אונדזערע פּאָסטנס איבערגענומען און מיר זענען שוין „פרײַע" מענטשן. דער עולם נעמט זיך שרײַבן בריוו אַהיים און מען געזעגנט זיך ווידער מיט נאָנטע און ליבע... אַנדערע גייען זיך פאָטאָגראַפירן און שיקן די בילדער אַהיים: טאָמער „וואָס" — זאָלן זיי כאָטש האָבן אַ זכר...

— אויס יום־טוב! — רעדט מען אומעטיק צווישן זיך — ווידער — טאַ, טאַ, טאַ, טאַ... באָם! באָם! באָם!...

פאַרנאַכטלעך גיי איך אַרויס אין גאַס — ס'איז געווען אַ טאָג פאַר יום־כּיפּור — ווער איך געוווּיר אַ טרויעריקע געשיכטע: מ'האָט געשאָסן ייִדן...

סאָלדאַטן גייען פון אַנטקעגן, פון גאַס, און דערציילן:

אַ סאָלדאַט האָט געוואָלט עפּעס קויפן בײַ אַ ייִד. דער ייִד האָט, פאַר־שטייט זיך, געפאָדערט געלט פאַר די סחורות; דער סאָלדאַט ווידער נעמט זיך צום קעשענע און מאַכט אַ גוואַלד, אַז מ'האָט בײַ אים דאָס געלט־בײַטעלע צוגעצויגן. ווערט אַ טומל, אַן אָנגעלויף און איינער פון המון שיסט גאָר אויס פון אַ רעוואָלווער אין סאָלדאַט... צי איז עס אַ פּראָוואָקאַ־ציע, צי דער אונטערשלאָק איז אַן אַנדערער, אומגעלומפּערטער — נאָר מער האָט מען נישט געדאַרפט. ווערט אַ געשריי: „די זשידעס שיסן!"

כאַטש דער פאַרברעכער איז, ווי מען דערציילט, נישט פאַרהאַלטן געוואָרן. באַלד איז אַרומגערינגלט געוואָרן דער גאַנצער קוואַרטאַל, און איז גראָד פאַרבײַגעגאַנגען אַ ייִד, האָט ער געמוזט שטאַרבן אָן ווידוי... אַ גאַנצע גאַס איז געוואָרן באַשאָסן. אומעטום האָבן זיך דאָרט נאָך דעם געזען געפּלאַצטע שויבן. צעקראַצטע ווענט און שטוקאַטורן. כמעט אין דער גאַנצער שטאָט זענען פאַרמאַכט געוואָרן טיר און טויער, און די גאַסן זענען ווי אויסגע־שטאָרבן געוואָרן. מער ווי סאָלדאַטן האָבן זיך נישט געזען. מ׳האָט אויך דערציילט, אַז בעת דער שיסעריַי האָט מען פון איין פענצטער מיט אַ פולעמיאָט געענטפערט, אָבער דאָס כפרה־הינדל זענען געווען — די ייִדן...

צו מאָרגנס, ערב־יום־כיפור, איז נאָך אויך דאָס רוב געשעפטן געווען געשלאָסן און די באַוועגונג אין גאַס איז געווען אַ סך, אַ סך קלענער.

פאַר נאַכט בין איך געהאַט געגאַנגען אין טעמפל צו „כל־נדרי". די גאַסן טויטע, וויסטע, און אַ מאָדנער טרויער האָט זיך געלייגט אויף די מויערן, אין אַלע ווינקעלעך. ס׳האָט געזיפּט אַ דראָבנער רעגנדל, וואָס האָט נאָך שווערער און טיפער געמאַכט דעם אומעט. איך קום צו צום טעמפל — געשלאָסן. „וואָרום?" — פרעג איך אַ ייִדישן יונגן־מאַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ טויער.

— פאַרבאָטן! — ענטפערט ער מיר — פאַרהאַקט אַלע שולן און בתי־מדרשים.

ער דערציילט מיר פון נעכטיקן חורבן; וועגן צעהרגעטע און צעקאַ־ליעטשעטע... בלויז הײַנט פאַר נאַכט איז געווען אַ לוויה פון נײַן ייִדן מיט אַ מאָל... דאָס איז געווען דער מישפּט פון „אָרדענונג" און „גערעכטיקייט", דער בליץ־שנעלער מישפּט פון קוילן, וואָס אין איין אויגנבליק האָבן זיי לעבנס צעריסן און אַ גאַנצער ריי אבלים, יתומים, אלמנות געשאַפן... און אויסער די טויטע און צעניזוקטע, זענען נאָך הונדערטער אין תּפיסה פאַר־שלאָסן.

לויט ווי דער יונגער־מאַן דערציילט, איז עס טאַקע אַ דאַנק דער געמיינער פּראָוואָקאַציע פון ייִדן־פּרעסערס.

דאָס איז דער ערשטער פאַל! דער ערשטער טרויעריקער פאַל אין דעם אַלטן ייִדישלעכן חסידישן לעמבערג, ייִדן זאָלן יום־כּיפּור אין קיין שול נישט קאָנען דאַווענען. ייִדן געפינען זיך שוין דאָ ביי̆ן הונדערט יאָר און אין דעם אַלטן גאָלדענעם פּינקס פון דער קהילה וועט צום ערשטן צוקומען אַזאַ טרויעריקע פאַרצייכעניש. — —

ווי־נישט־ווי האָט מען זיך מנינימווי̆ז געקליבן, ווי באַהאַלטענערהייט, אין דער שטיל. און בין איך אַרײַן אין אַזאַ הויף, וווּ עס האָט זיך פון ערגעץ אַ שטיבל געריסן דער טרויעריקער ניגון פון כּל־נדרי, בין איך שטיין געבליבן אָפּהענטיק, מיט אָפענע אויגן צום הימל און אַ טיפער פיי̆נלעכער צער האָט מיי̆ן נשמה דורכגענומען... זענען עס נישט די אַמאָ־ליקע מאַראַנען (אנוסים) פון שפּאַניע מיט זייערע קעלערס און בוידעמס, וווּ דער ניגון פון כּל־נדרי איז באַשאַפן געוואָרן? — — פלאַקערן נישט ערגעץ קיין אויטאָ־דאַ־פעען מיט מאַרטירערס, וואָס הויכן אויס זייער נשמה אין פלאַמען און ברענגען אַרויס זייער לעצטן „שמע־ישׂראל״? — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# 9

ענדלעך...

אַ פּאָר טעג נאָך יום־כּיפּור, אין דער פרי, גיט מען איבער, מען זאָל זיך קלײַבן, און זייגער צען־עלף רירט מען זיך שויך. מען גייט דורך פאַרשיידענע גאַסן — לאַנגזאַם און האַלב־פלעגמאַטיש. און באַזונדערס ניי־געריק קוקט מען אָן אַציִנד די גאַסן, די מענטשן — אַדיע! אַדיע, לעמ־בערג! און ווי עס זאָל נישט זײַן, וועט די דאָזיקע שטאָט בלײַבן ווי אַ גוטע דערינערונג. אויב... אויב קיין קויל וועט דעם זכּרון נישט צערײַסן...

פונקט פיר וואָכן, גאַנצע פיר וואָכן געיום־טובט און די ביינער אויס־גערוט. איז עס דען נישט געווען ווי אַן אָאַזיס פאַר דעם וואַנדערער אין דעם ברענענדיקן לאַנגן מידבר?...

איין סאָלדאַט, אַ „זאַפּיעוואַלע״, ציט אויס פלוצלינג אויף אַ דין קווי־טשיק דיסקאַנטל עפּעס אַ זמרל און אַ קליינער טייל כאַפּט באַלד אונטער:

לוטשע בילאָ, לוטשע בילאָ נע כאָדיטי,
לוטשע בילאָ, לוטשע בילאָ נע ליוביטי———*

אָבער עס קלעפּט זיך עפּעס נישט און דאָס ליד ווערט באַלד אויפ־געהערט און נאָר די שטיוול קלאַפּן טעמפּ איבערן גאַסנברוק.

---

* בעסער וואָלט געווען ווען דו גייסט נישט,
בעסער וואָלט געווען ווען דו ליבסט נישט...

עפּעס נישט צום זינגען...

בײַ דער זײַט אויף די טראָטוארן גייען נאָך עטלעכע דאַמען, אײַנגעװיקלט אין טיכער. זיי טראָגן עפּעס קליינע מתּנות־פּעקעלעך און באַגלייטן עס אונדז אַרויס: דאָס האָבן אַנדערע פון אונדזערע רייען, אַ פּנים, שוין באַוויזן דאָ הערצער צו צעברעכן...

מיר גייען שוין אויף דער לעצטער גאַס. ווינציקער ווערן די הײַזער און נענטער ווערט דאָס פעלד.

אַדיע און נאָך אַ מאָל אַדיע!

מיר קומען אַרויף אויף אַ שאָסייוועג, און עס ווערט נאָך אומעטיקער, נאָך טרויעריקער. אַ האַרבסטיק וועטער. אַ גרויער כמאַרנער הימל. עס זיפּט אַ טריב, שיטער רעגנדל. פּוסטע, ווײַמוטיקע פעלדער... קאַלטלעך, אומהיימלעך...

וווהין? — —

די אָפיצירן גייען אין גוטע קורצע פוטערלעך און רעגן־באַלדאַכאָנען — אַלץ אַ דאַנק דער שטאָט מיט אירע „טראָפּייען"... די סאָלדאַטן האָבן נאָר פאַרכאַפּט מיט זיך עסנוואַרג, וואָס ווערט אָבער קנאַפּער מיט יעדער שעה: בײַ יעדן „פּריוואַל" עסט זיך אַז ס'איז פאַראַן. בײַ די אָפיצירן ווידער רויטלען זיך דאַן אויך קידוש־גלעזלעך...

קיין סך גייט מען הײַנט נישט. בלויז אַ פופצן קילאָמעטערס. עס רײַסט זיך פון ערגעץ אַ ווינט אָפּ און עס נעמט די ביינער דורך. מיר בלײַבן אויף נעכטיקן אין אַ קליין צערויִבירט דערפל. דאָס רוב הײַזלעך פּוסטע, צעבראָכענע, אָן פענצטער. אין דער חורבה, וואָס מײַן „וזוואָד" פאַרנעמט, האָט קענטיק, געוווינט אַ ייִד. דאָס דערציילן די מזוזה אויף דער טיר און די שמות פון צעפּליקטע ספרים אויף דער פאָדלאָגע... מען פאַרשטעקט די פענצטערלעכער מיט צעבראָכענע טישן און בענק, מען רוימט אָפּ די פאָדלאָגע פון די אָנגעוואָרפענע צעשטויסענע „בעל־הבית־ישקייטן", מען פאַרשפּרייט מיט שטרוי — און פאַרטיק אַ „היים"...

קעגן נאַכט ווערט נאָך קעלטער. ס׳הערט זיך ווי עס שמייַסט אין דרויסן דער רעגן. אין ווינטן קוימען וואָיעט מאָנאָטאָן דער ווינט און פאַרוויגט אין פייַנלעכע חלומות...

צו מאָרגנס — דער זעלבער רעגנדיקער און טריבער טאָג. מען שלעפּט זיך ווייַטער איבערן שאָסיי. ווו ניט ווו וואַלגערן זיך אין די קאַנאַוועס צעשמעטערטע האַרמאַטן, וואָגנס, רעדער, קאַסטנס פון גראַנאַטן, קוילן — אַלץ שפּורן פון שלאַכט.

קאַלט, אומהיימלעך אין דרויסן, קאַלט, אומהיימלעך אויפן האַרצן...

וואָס רעגנט עס אַזוי? וואָס שמייַסן די טראָפּנס אין פּנים?

און אין געדאַנק בליצט דורך: אַ טויטער קערפּער (אפשר דער אייגע־נער?...) אויף אַ פעלד אונטערן כמאַרנעם הימל, און דער רעגן גיסט און גיסט אויף דעם באַוועגלאָזן קערפּער...

— — אַ מזל, מזל!

מיר דערנענטערן זיך צו אַ ייִשוב, אָדער בעסער — צו אַ געווע־זענעם ייִשוב. מ׳זעט ניט קיין מענטשן. בלויז הויכע קוימענס סטאַר־טשען צום הימל, ווי עדות פון עפּעס שרעקלעכס, ווילדס...

— יאַנאָוו?

אַ קליין שטעטל געווען. ברוקירטע גאַסן. חורבות און חורבות. גאַנצענע טעג זענען דאָ געפלויגן קוילן און גראַנאַטן איבערן שטעטל. צעשאָסן, צעבראָכן און פאַרברענט. ווו ניט ווו שטייען נאָך ווענט פון מויערן מיט טיר־ און פענצטער־לעכער. אין איין אָרט ציִען זיך שאַנצן פון פעלד און שנייַדן דורך דאָס שטעטל... אויף איין חורבה נורעט זיך אין די צע־שטויסענע ציגל עפּעס אַ הונט און בילט אַזוי שרעקלעך, אַזוי יאָמערלעך... אַ סאָלדאַט גיט אים אַ ווייַז דעם שפּיז און דער הונט פאַרשווינט צווישן די חורבות.

אויף אַנדערע פאַרבליבענע ווענט זענען נאָך פאַראַן שילדן און אויפ־שריפטן פון ייִדישע געשעפטן... פון איין עק שטעטל זעט זיך אַ צעלעכער־

טער און פאַרשעמטער ווײַסער קלויסטער מיט אַן איבערגעבראָכענעם קופּאָל. און דאָס אַלץ דערמאָנט, אַז דאָ איז אויך געווען אַ יִישוב, אַז דאָ האָבן אויך מענטשן געוווינט...

מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אַרום אויף די פעלדער, אויף אַ גאַנצער שטרעקע — שאַנצן און שאַנצן. גאַנצע רייען, איינע הינטער די אַנדערע. אומעטום זעען זיך שפּורן פון טויט: דערהרגעטע פערד מיט אויסגערונענע אויגן, אַמוניציע, באַנקעס פון עסטרייַכישע קאָנסערוון און נאָך און נאָך סימנים...

ערטערווײַז ליגן ווילעס. אַנדערע חרובע, אַנדערע נאָך גאַנצע. ווײַזט אויס, אַז דאָ איז געווען אַ פּראַכטפולער דאַטשעאָרט, און די לופט האָט אַוודאי געשיכּורט מיטן אַראָמאַט פון בלומען און ביימער... איצט אָבער איז וויסט און לער. די מאָלערישע לאַנדשאַפט האָט דערפילט אויף איר שויס קאַלטע טויטע קערפּערס — און איר צויבער און רייץ איז פאַר־שוווּנדן געוואָרן... זי איז ווי גרוי און אַלט געוואָרן...

אָט ציט זיך אַ וואַלד, אַ טיפער, טיפער וואַלד, וואָס האָט פאַרהוילן אונטער זײַנע פינצטערע פליגל גאַנצע מחנות פון די קעמפנדיקע חיילות. אויך דאָ געפינען זיך שפּורן.

אין איין אָרט בײַם זוים פון וואַלד סטאַרטשעט אַן אײַנגעבויגענער קרייץ: פּשוטע צוויי שטעקנס טאַקע פונעם זעלבן וואַלד, שטעקנס פון צוויי דינע ווײַסע בעריאָזקעס, צוגעשלאָגן איינע צו די אַנדערע אין אַ קרייץ און עס שטעקט אַזוי איבער אַ לאַנגן אָנגעשאָטענעם בערגל... אונטן איז צום קרייץ צוגעשלאָגן אַ ברעטעלע מיט אַ האַלב־אָפּגעמעקטער ציפער און אויפשריפט פון אַ בלײַפעדער...

וויפל מאַמעס נעבעך זיפצן און וויינען נאָך מיט אַ באַהאַלטענעם בטחון: אפשר... אפשר וועט „ער" זיך נאָך אומקערן... און זיי וויסן נישט, אַז ערגעץ אונטער אַן אײַנגעבויגענעם בעריאָזעווען קרייץ איז שוין זייער האָפענונג באַגראָבן...

נישט ווײַט דערנעבן אַ צווייט שמאָל אָנגעשאָטן בערגל. און שוין נישט קיין קרייץ סטאַרטשעט דאָ, נאָר אַ קליינער סלופּטשיק מיט אַן אָנגעשלאָגן ברעטל דערויף. איך בייג זיך אָן — יִדישע, מיט אַ בלײַשטיפט אויסגעקריצטע אותיות: „פּ נ. יצחק ב. ומשה ט. מעיר... ת.נ.צ.ב.ה."

ווײַזט אויס, אַז צווישן די גרעבערס זענען אויך יִדן געווען און די צוויי יִדישע קרבנות באַזונדער צו קבורה געבראַכט.

מיר קומען אויף נעכטיקן אין אַ דאָרף. דער ווינט און רעגן הערן נישט אויף. מיר צעלייגן זיך אין פּוסטע שײַערן, און מ׳נורעט זיך אײַנעם ביסל שטרוי אונטער זיך.

דעם מאָרגנדיקן טאָג האָבן מיר געהאַט רו: אַ „דניאָווקע". דאָס וועטער איז נאָך אַלץ אַ שלעכטס.

איך זיץ בײַם בעל־הבית פון שײַער — אין אַ פאַררייכערטער כאַטע — און קוק זיך צו צום דלות.

דער פויער דערציילט מיר אויס זײַן גאַנץ ביטער האַרץ. שוין אַ צײַט ווי מ׳זעט ממש קיין שטיקל ברויט נישט פאַר די אויגן. אין גאַנצן דאָרף נערט מען זיך נאָר מיט קאַרטאָפל און קרויט. און ווירקלעך, די גאַנצע צײַט וואָס איך זיץ דאָרט, זע איך ווי דאָס ווײַב זײַנע, די פויערטע, פּאָרעט זיך נאָר מיט קאַרטאָפל. שאָבט, רײַבט, באַקט און מאַכט מיט זיי „קאָמבינאַציעס". פון תבואה איז בײַ קיינעם קיין זכר נישט געבליבן. דאָס מיליטער, פריִער זייערס, נאָך דעם אונדזערס — האָט אַלץ, אַלץ צוגענומען. געבליבן איז אים בלויז אַ קליין קיִעלע, וואָס מ׳האָט עס אים איבערגעלאָזן מחמת קעלביקייט... אַגב דערציילט ער אויך, אַז ער אַליין איז שוין אויך געווען אַלס רעזערוויסט אויפן סערבישן פראָנט. נאָר מחמת קראַנקייט האָט מען אים אַהיים געלאָזט. צוליב זײַן באַפרײַונג, ווײַזט אויס, איז ער געווען אין גוטער „לוינע" און ער האָט מיר געוויזן מיט אַ שטעקן „בומערן" פון פעכטקאַמף...

— רעכטס, לינקס! פאָרויס! — האָט ער מיטן שטעקן העוויות געמאַכט...

ביי טאָג האָב איך צוגעזען זייער מיטאָג. דאָס ווייב האָט עפּעס געמאַכט אַזעלכע מיני קרעפּלעך, קרויטבלעטער געפּילט מיט צעריבענע קאַרטאָפל — און די אָפּגעריסענע קינדער, מיט די גרויסע, פון קאַרטאָפל אָנגעבלאָזענע, בייכער און בלאַסע פּנימער, האָבן עס דאַרשטיק געשלונגען און זיך באַלעקט, און זייערע אייגעלעך האָבן געפינקלט מיט אַ פייכטן גלעזערנעם גלאַנץ...

— אַזוי לעבן מיר — האָט דאָס ווייב זיך געקלאָגט — אין דער פרי געשאָבענע, ביי טאָג געריבענע, אין אָוונט מיט שאָלעכץ און אַ גאַנצן טאָג געבאַקטע...

בעת אונדזער קיך האָט מיטאָג געטיילט, האָט מען זיי אויך באַזאָרגט — און זיי האָבן דערפאַר מיט דאַנקען און ברכות פאַרשאָטן. ס'איז ביי זיי ממש יום־טוב געווען. מיר האָבן דאַן אויך ברויט באַקומען, און איך האָב צוגעהערט, ווי דער פויער האָט מיט שוים אויף די ליפּן דערציילט זיין ווייב, אַז ער האָט אַליין מיט זיינע אויגן געזען, ווי מ'האָט געטיילט די סאָלדאַטן ברויט...

— שיינע, פיינע, קיילעכדיקע לעבעלעך ברויט — האָט ער איר מיט די הענט אָפּגעמאָלט.

פּונקט ווי ברויט וואָלט ביי זיי אַלעמען אַ ווייטע פאַנטאַזיע, אַן איבערבאַטירלעכע דערשיינונג געווען...

און גייט מען אַרויס אין דאָרף, לויפן נאָך קליינע באָרוועסע קינדער מיט אויסגעבלייכטע פּנימלעך:

— דאַי כליב, דאַי כליב!

אָבער ביי וועמען בעטן זיי? ביי נאָך אומגליקלעכערע פון זיי?...

דלות, חורבן!

אַך, וואָס וועט פון מענטשן ווערן? ——

איך ליג אין שײַער אויפן ביסל שטרוי, די הענט אונטערן קאָפּ און קוק שטום אַרויס דורכן אָפענעם טויער אין כמורנעם דרויסן. פונקט אַנט־קעגן איז אַ בית־עולם. אַ רויִקער דאָרפישער בית־עולם. שיטערע ביימלעך, שטיינער און צלמים. דאָ ליגן די ביינער פון מענטשן, וואָס האָבן אָפּגע־לעבט זייערע יאָרן און רויִק געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין זייערע אייגענע ד׳ אמות, צווישן ליבע און נאָנטע.

אַ היימישער בית־עולם. עס דערמאָנט זיך דאָס אייביקע בערגל בײַם אייגענעם שטעטל. אַ מאָדנעם געפיל רופט ער שטענדיק אַרויס. אַ וואַרע־מען אומעט וועקט ער אויף אין דער נשמה. דאַכט זיך, אַז נישט מיט אַלעמען שטאַרבט מען דאָרט. אָפּט מאָל ליגט עמעצער איבערן קבר: רעדט, גיסט אויס דאָס האַרץ, וויינט און באַנעצט די ערד מיט טרערן, און דער וואָס ליגט אינעווייניק דאַרף עס, דאַכט זיך, פילן...

אָבער... אַלץ איז איצט אַ ספק. סײַ דאָס לעבן גופא און סײַ דער היימישער אייביק רויִקער בית־עולם, וואָס האָט פון דער קינדהייט אָן יִראת־הכּבוד דערוועקט און סודות, פון די וואָס רוען אונטער די מצבות, דערציילט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

וו־וו־וו־או־או... פײַפט דער ווינט דורך די לעכער פונעם שײַער און די געדאַנקען טראָגן נאָך אַוועק ווײַטער, ווײַטער... דאָס טרויעריקע וואָיען וועט, דאַכט זיך, באַלד דעם פײַנלעכן פלאָנטער אין קאָפּ פונאַנדער־נעמען, און דאָס אומבאַשטימטע, פאַרבאָרגענע פּותר־ זײַן, פאַרויסזאָגן...

וו־וו־וו־או־או־או...

אוי אָרעם ביסעלע שטרוי, אַ גרויזאַמער מזל! ——

אויף מאָרגן אין דער פרי גייט מען ווײַטער. דער שאָסיי איז אַ צע־קאַליעטשעטער. נאַסקייט, בלאָטע. מיר קומען אין אַ שטעטל.

— יאַוואָראָוו!

מיר רוען זיך אַ ביסל אָפּ.

דאָס שטעטל איז האַלב־וויסט. טייל גאַסן פאַרברענט. טייל סתּם פּוסטע, אָן מענטשן.

איך גיי אַרייַן אין אַ ייִדיש הויז. ס'איז דער ערשטער טאָג סוכּות. אין שטוב איז אַ ביסל אויפגערוימט. דער בעל־הבית קומט אָן פון דאַוונען און איז מיך מכבּד מיט אַ „שלום־עליכם". ער דערציילט, וואָסערע שרעק זיי האָבן נישט לאַנג איבערגעלעבט. איבערן שטעטל האָבן זיך גראַנאַטן געריסן. ייִדן האָבן זיך בעת־מעשׂה אין שול פאַרקליבן און צו גאָט גערופן... און ווי אומעטום — הונגער, הונגער, הונגער!

מען פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

אין האַרצן דריקט אַ שווערער, שווערער שטיין. יום־טובֿ! שלעפּ זיך אין בלאָטע און אין רעגן... וווהין און צו וואָס?...

פאַרשאָלטענער לעבן! וועמענס קללה איז אויף דער וועלט געפאַלן?...

נעכטיקן נעכטיקט מען ווידער אין אַ דאָרף, און מאָרגן קומט מען אָן אין אַן אַנדער שטעטל...

— קראַקאָוויעץ.

מיר פאַרנעמען אַ פּאָסט הויז. אויף די טירן מזוזות. אויף דער פּאָדלאָגע אַ גאַנצער מיש־מאַש פון כּלערליי זאַכן, צעבראָכענע און צעריסענע קונסט־בילדער, פּאָרטרעטן, ספרים, געזאַמלטע ווערק אין דיקע בענד; אַ גרויסע, דיקע ענציקלאָפּעדיע, צעשאָטענע בריוו און פאָטאָבילדער, צעבראָכענע טייַערע מעבל, פעדערן פון אַ צעטרענטן קישן...

מ'פאַרמאַכט די פענצטער און מ'נעמט זיך הייצן דעם אויוון, מיט וואָס — האָט נישט געפעלט: טייַערע ראַמען פון פּאָרטרעטן, שטולן, שרענק — אַלץ אין אויוון!... איינער הייבט אויף פון דער ערד אַ באַנד פון דער ענציקלאָפּעדיע אין דייַטש, קוקט, קוקט דערין און גיט עס אַ וואָרף אָן דער ערד:

— ע, זשידאָווסקי!

אַ צווייטער ווידער הייבט עס אויף און לייגט עס גליַיך אין ברענענ־דיקן אויוון אַריַין...

איינער לויפט אַריַין פון אַן אַנדער צימער מיט אַ „של־ראָש" אויפן קאָפּ און מיט אַ תּפילין־זעקל אין האַנט: — זעט, זשידאָווסקי הערנער!

אַן אַנדערער גייט צו צו אַ טרומאָ־שפּיגל, וואָס איז נאָך על־פּי נס ביז איצט גאַנץ געבליבן, קוקט אין אים אַריַין, פאַרדרייט זיך די קורצע געלע שטעכיקע וואָנסעלעך און גיט פּלוצלינג אַ זעץ מיט דער פויסט אין דער מיט פון שפּיגל:

— זשידאָווסקי גוטס, צום טיַיוול!

ס'אַראַ טיַיער צוגעפּאַסט וואָרט פאַר אַרגיעס: „זשידאָווסקי"...

איך קוק מיך צו צו דעם צעשטויסענעם האָב־און־גוטס און קלער: וויפל מי און אַרבעט האָבן מענטשן אין אַלץ אַריַינגעלייגט, וויפל האָבן זיי געשפּאָרט, געקליבן. דאָס איז דאָך די מי פון דורות — פון טאַטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס — און פּלוצלינג — פיַיער, חורבן, רויך.

איך גיי אַרויס אויפן גאַס: וואָס מאַכן עפּעס אחינו בני־ישׂראל?

ס'איז דער צווייטער טאָג סוכּות. נעבן אַ שטוב שטייען אַ פּאָר ייִדן. איך גיב זיי אָפּ „גוט־יום־טוב!" און זיי דערציילן מיר גאַנצע געשיכטעס, וואָס די האָר שטעלן זיך קאַפּויער. כּמעט אַלע איַינוווינער זענען צעלאָפן און דאָס שטעטל איז פּוסט, וויסט. די פאַרבליבענע היַיזער זעען אויך אויס ווי חורבות, די קראָמען צעראַבירטע. בלויז סאָלדאַטן דרייען זיך אום הין און הער.

אויפן גאַס לויפן נאָך נאָך מיר אַ פּאָר קליינע באָרוועסע ייִדישע מיידלעך און בעטן זיך מיט וויינענדיקע קולעכלעך:

— אַ שטיקל ברויט! אַ שטיקל ציקער!...

פאַר נאַכט גיי איך אַריַין אין שול. פינצטער, חושך, מרה־שחורה אין די ווינקעלעך. בלויז איין איינציק חלבן ליכטל ברענט ערגעץ אין דער

הייך אין אַ הענגלײַכטער. אין דער טונקלקייט דרייען זיך אַרום ווי טרויע־ריקע סילועטן ייִדן אין שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטעס, אין גרויסע שטרײַמלעך, לאַנגע פּאַרדרייטע פּיאות, און אַלע זענען ווי שטומע, אַלע שווײַגן... פון צײַט צו צײַט רײַסט זיך בלויז דורך אַ שווערער זיפץ.

— טאַטע־פּאַטער! — —

דערזען אַז איך בין אַ ייִד, האָבן די אַלע שטומע און שווײַגנדיקע מיך אַרומגערינגלט. „וואָס קאָן זײַן דער סוף?"... — פרעגט מען מיך: — מען הונגערט, מען טריקנט און מען ווערט פאַרשמאַכט פון טאָג צו טאָג. מ'האָט שוין פאַרגעסן די מראָה פון ברויט. יום־טוב — נישטאָ איבער וואָס „המוציא" צו מאַכן. די איינציקע זאַך, מיט וואָס אַלע נערן זיך, איז, ווי אומעטום, קאַרטאָפל.

איין ייִד פרעגט מיך, צי איך האָב אַ „שטיקל ציקאָר". „די מוטער — זאָגט ער — האָט נישט וואָס צו געבן דעם זויגקינד... כאָטש אַ ביסל זיס וואַסער מאַכן"...

אַ צווייטער ייִד ווידער בעט ביי מיר אַ פּאָר שוועבעלעך, פײַער צו לייגן. דאָס איז אויך נישטאָ. ס'איז נישטאָ נישט קיין ליכט, נישט קיין נאַפט. מ'זיצט אין דער פינצטער גאַנצע אָוונטן. אָט ברענט שוין איצט אין שול דאָס לעצטע, לעצטע ליכטל — —

נאָך דעם דערציילט מען מיר, אַז די ערשטע צײַט, בעת „אונדזערע" זענען אַרײַנגעקומען, האָט מען דאָ אין שול פערד אַרײַנגעפירט, שטענדערס געבראָכן, ספרים געריסן און דערמיט „קיפּיאַטאָק" געקאָכט...

מען שטעלט זיך דאַוונען „מעריב".

— והוא רחום...

דער ניגון פון בעל־תפילה איז אַ געבראָכענער, אַ שטילער, אַ הכנעה־דיקער. עס רײַסט ביי דער נשמה.

איך קער זיך צוריק „אַהיים" דורך די פינצטערע, אומעטיקע געסלעך. איך קום אַרײַן אין דער חורבה — עס בלענדט אַ ווײַסקייט.

וועש! נײַיִקע וועש...

דער גאַנצער „ווזוואַד" טוט זיך איבער.

עס זענען פֿאַראַן באַזונדערע שנאַרערס, וואָס וווהין זיי זאָלן נישט קומען, הייבן זיי באַלד אָן צו נישטערן און זוכן. און דאָ בײַ דער חורבה, אויפֿן הויף, האָבן זיי דערשמעקט אַ פֿאַרשאָטענע גרוב. מ'האָט פֿון דאָרט גאַנצע קאַסטנס אַרויסבאַקומען און אַלע זענען אויף דעם אַרויפֿגעפֿאַלן ווי די בינען. מען כאַפּט וועש, טײַערע געהאָפֿטענע האַנטעכער, וואָס האָבן פֿריִער זאַלן באַפּוצט, קליינע זײַדענע טאַשנטיכלעך, וואָס זייער אָרט איז שטענדיק אין מיידלשע רידיקיולן... פּראַכטפֿולע סערוועטן צערײַסט מען אויף „פּאָרטיאַנקעס"...

איין פּויער האַלט אַ פּליושענעם דאַמען־זשאַקעט און קלערט וואָס דערמיט צו טאָן. באַלד פֿאַלט אים אײַן אַ גליקלעכער געדאַנק: ער וועט פֿון דעם מאַכן אַ קאָלנער צום שינעל.

ער שנײַדט אויס פֿון פּלייצע אַ שטיק פּליוש, פּאַסט עס צו צום קאָלנער פֿון שינעל, קוקט עס אָן, און באַמערקנדיק, אַז עמעצער האָט פֿון אים אַ לאַך געטאָן, טוט ער עס אויף דער ערד אַ שלײַדער...

דער ווזוואָדנער אַליין געפֿינט אַ ווײַסן באַלזשילעט. ער טוט עס אָן אויף זיך, טשעפּעט אָן אַ זייגער מיט אַ קייט און פּאַטשט זיך ברייטלעך מיט דער גראָבער האַנט אין ברוסט: אַכטונג... דרך־ארץ...

איין פּויער האָט נעבעך פֿאַרשפּעטיקט און שוין גאָרנישט געפֿונען פֿאַר זיך. צווישן די שיריים האָט ער נאָר געפֿונען דאַמענוועש. אַ ווײַלע שטייט ער איבער דעם, קלערט, קלערט, קוקט זיך צו ווי אַנדערע „פּראַב־טעווען" אין בלאַנקענדיקער ווײַסקייט, און לסוף גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט:

— צו אַל די רוחות, אַבי עס וועט נישט בײַסן...

און מאָדנע לעכערלעך און טרויעריק האָט ער נאָך דעם אויסגעזען,

דער מגושמדיקער בערדיקער פויער, אין די ווײַסע דאַמען־פּאַנטאַלאָנען און דעקאָלטירטן העמד מיט שפּיצן...

צו מאָרגנס — ווידער אין וועג.

דער רעגן הערט גאָרנישט אויף און דער ווינט ווערט אַלץ שנײַדנ־דיקער. דער וועג איז אַ בלאָטיקער, אַ זומפּיקער. פון ביידע זײַטן אין די קאַנאַוועס וואַלגערן זיך צעפּגרטע און דערהרגעטע פערד מיט געשוואָלענע בײַכער. אַזוי לענג־אויס דעם גאַנצן וועג, אויף צוואַנציק־דרײַסיק טריט איינער פון דעם אַנדערן. עס ליגן אויך צעוואָרפן אַמוניציע און צעשמע־טערטע האַרמאַטן און נאָך אַנדערע זאַכן; און דאָס אַלץ זאָגט עדות וועגן אַ פאַרגאַנגענער גרויסער שלאַכט.

די בלאָטע ציט אַרויס דאָס לעצטע ביסל כּוח און דער הונגער פּרעסט צונויף דאָס האַרץ ווי מיט צוואַנגען...

פאַר די אויגן קומען מיר די ייִדן אין די גרויסע טיפע שטרײַמלעך, וואָס האָבן בײַ מיר אַ „שטיקאָל ציקאָר" געבעטן... און כאָטש זיי זענען געווען אומגליקלעך, פון דעסטוועגן רופן זיי איצט אַרויס בײַ מיר נישט קיין מיטלייד, נאָר אַ געפיל פון קינאה (מישטיינס געזאָגט!...): ווי גליקלעך, דאַכט זיך, דאַרפן זיי זיך פילן אין דעם קליינעם וואָרעמען, פינצטערן שולכל!...

מיר דערשלעפּן זיך ענדלעך אויף נעכטיקן אין אַ דאָרף.

שאַ, גוט־מאָרגן! דאָ הערן זיך שוין די דונערן פון האַרמאַטן... פון ערגעץ ווו פון האָריזאָנט ציטערן עס און קײַקלען זיך די קלעפּ: דאָס באָמבאַרדירט מען פּשעמישל...

האַלב־פוסטע שײַערן — דאָס איז די „היים".

פאַר נאַכט האָט דער רעגן אויפגעהערט, נאָר דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט. דער הונגעריקער עולם דרייט זיך אַרום אין די שינעלן,

גראָבט קאַרטאָפל און לייגט אויף שײַטערס. ס׳איז שוין פינצטער און דער „אָביעד״ איז נאָך נישט פאַרטיק. די רייען שטייען שוין מיט די קעסעלעך בײַ דער קיך, אָבער, מעשׂה שׂטן, שווימט די קרויט פון אויבן און איז נאָך גרין. דאָס פײַער נעמט זי נישט! — מען קוקט דערויף מיט דאָרשטי־קע אויגן: ווי וואָלט עס דערוואַרעמט אינעווייניק דעם פוסטן הונגעריקן מאָגן!...

— גיב אַזוי ווי דאָס איז! — שרײַט מען צום קאַשעוואַר.

— סטײַטש, ווי אַזוי?!

— גיב אַזוי ווי דאָס איז! — האָט מען געשריגן פון אַלע זײַטן און דער קאַשעוואַר האָט געמוזט טיילן נאָך רויע קרויט. דורכגעקעלטערטע, הונגעריקע, פאַרחלשטע, האָט מען דאַרשטיק געזופּט דאָס הייסע מוטנע וואַסער און געקײַט די גראָבע, האַרטע, אָבער וואַרעמע קרויטבלעטער...

— די קויל וועט פריִער דערהרגענען, איידער מ׳וועט קראַנק ווערן...

איך קום אַרײַן אין אַ דערבײַיִקער כאַטע זיך אָנוואַרעמען — פינצטער, מרה־שחורהדיק. פון ערגעץ אַ ווינקל רײַסט זיך עפּעס אַ שטיל אָנמאַכטיק קרעכצן. אָבער זען זעט מען קיינעם נישט. נעבן אַ פענצטערל טיילט זיך אויס פון דער פינצטערניש אַ שאָטן פון אַ מענטשן. איך דערנענטער זיך — אַ פויערטע מיט אַ שווײַגנדיק קינד אויפן שויס.

— ווער קרעכצט עס? — פרעג איך.

— קיינער נישט... דער אַלטער איז קראַנק...

— וואָס טוט איר אים?

— וואָס קען איך אים טאָן? אַן עלטערער מענטש... שטאַרבט אַוועק...

איך לאָז זיך אַראָפּ אויף עפּעס אַ בענקל און קוק זיך שטאַרק אײַן אין דער ריכטונג, פון וואַנען די קרעכצן טראָגן זיך פון צײַט צו צײַט. די אויגן ווערן ביסלעכווײַז צוגעוווינט צו דער פינצטערניש, און די שוואַרצקייט ווערט אַ ביסל שיטערער. עס שנײַדט זיך אויס אַ בעט, אַ שוואַרצער צודעק און אַ טונקעלער פּנים פון אַ מענטשן.

— וואָס איז אײַך, זיידע? — שיק איך אַ פראַגע אין יענעם ווינקל.

קיין ענטפער. דער קאָפּ, וואָס ליגט דאָרט אויף עפּעס, האָט זיך אַפילו קיין ריר נישט געטאָן. ס׳האָבן זיך נאָר רעגלמעסיק די קרעכצן געטראָגן.

לאַנג האָב איך דאָרט נישט געקאָנט זיצן. דאָס אומעטיקע פינצטער־ניש, די פויערטע מיטן שווײַגנדיקן קינד אויפן שויס, דאָס טונקעלע ווינקל מיטן שטאַרבנדיקן האָבן מאָדנע דאָס האַרץ געריסן...

אויף מאָרגן אין דער פרי בין איך ווידער אַהין אַרײַן. דער קאָפּ, וואָס האָט זיך נעכטן קוים געזען פון דעם טונקעלן ווינקל, איז שוין אין גאַנצן איבערגעדעקט. אַנטקעגן זיצט די פויערטע מיטן קינד אויפן שויס און אירע אויגן זענען אַראָפּגעלאָזט און ווי צוגעשמידט צו דער פּאָדלאָגע.

איך פרעג שוין נישט. איך פאַרשטיי...

אַ גליקלעכער מענטש! — קלערט זיך — אויסגעלעבט זײַנע יאָרן און געשטאָרבן אין אייגענע פיר ווינקעלעך, אויף אַ בעט — —

ווײַטער געגאַנגען.

דער ווינט האָט זיך געריסן, געדרייט און ענדלעך אויף זײַנע פליגל אַ שניי געבראַכט. לײַכטע, פּוכיקע שנייעלעך. אַ גרוס פון ווינטער! אונטן אָבער, אויף דער טיפער בלאָטע, איז עס נישט קענטיק. קאַלט און כמאַרנע. וויסטע און פּוסטע שטרעקעס. ערגעץ קיין סימן פון קיין לעבעדיק וועזן. אומעטום נאָר די שרעקלעכע שפּורן...

אין איין אָרט באַגעגענען זיך יאָ לעבעדיקע, אָבער דאָס זענען סאָפּיאָרן, וואָס רעסטאַווירירן עפּעס אַ צעשטערטע בריק.

ס׳אַראַ זומפּיקע בלאָטע. די פיס זאָגן זיך אָפּ צו פאָלגן. אַלע זענען דורכויס פאַרשפּריצט און פאַרשמוצט.

שפּעטער גייען מיר איבער אַ לאַנגער בריק איבערן סאַן. די דאָזיקע בריק האָבן „זיי״ אויף פאַרן אָפּטרעטן צעריסן; איצט איז זי ווידער צונויפגעשטעלט און עטלעכע „צלמימלעך״ מיט „בערדאַנקעס״ דרייען זיך אום הין און צוריק.

ביסלעכווייַז, ביסלעכווייַז ווערן די ווייַסע טויבע קלעפּ פון האַרמאַטן אַלץ נענטער, נענטער... די אויגן קוקן ווייַט אין האָריזאָנט, ווי זיי וואָלטן עפּעס באַמערקן געוואָלט; אָבער די גרויע שווערע וואָלקנס באַהאַלטן, פאַרהוילן אַלץ הינטער זיך און ווייַזן נאָר אַ רעטעניש...

מיר קומען ווידער אין אַ ייִדיש שטעטל — —

ראַדימנאָ.

אונדזער היים אויף צו נעכטיקן — אַ ייִדיש צעראַבירט הויז. שיינע, רייַכע צימערן און קאַבינעטן. גלעזערנע טירן, צעבראָכענע, צעשטויסענע מעבל. „סימנים" — עקלהאַפטע סימנים אויף דער פּאָדלאָגע — ווייַזן, אַז דאָ זענען שוין סאָלדאַטן געווען. אויפגערוימט, מיט שטיקער מעבל אין אויוון אויסגעהייצט, איבערגעוואָרפן אַ גרויסע שראַנק קאַפּויער, שטרוי דערויף פאַרשפּרייט — און איבערגענעכטיקט. דעם מאָרגנדיקן טאָג האָבן מיר ווידער רו.

איך גיי אַרויס אין גאַס באַקוקן דאָס שטעטל.

די גאַסן זענען פאַרבלאָטיקט און פאַרשמוצט. צעבראָכענע טירן און פענצטער. קראָמען — צעראַבירטע, אָפענע, פּוסטע — קוקן אַרויס אין גאַס ווי פינצטערע מייַלער פון קברים.

פון אַנטקעגן גייט מיר אָן עפּעס אַן עלטערער ייִד, אַן אייַנגעהויקער־טער, אַ הכנעהדיקער, הייבט אויף אויף מיר אַ פּאָר אומעטיקע אויגן און זאָגט מיר אין דער שטיל:

— גוט־מאָרגן!

ער דערקענט, ווייַזט אויס, אַז איך בין אַ ייִד.

אין האַרצן האָט עס מיר אָבער שטאַרק באַנג געטאָן. ער פילט זיך אַנטקעגן מ י ר אונטערטעניק... אָט דער אַלטיטשקער ייִד מיטן אייַנגעבויגענעם רוקן און גרויען קאָפּ... אינסטינקטיוו שטעל איך זיך אָפּ, דריי זיך אויס און קוק נאָך ווי דער זקן פּויזשעט קוים, אַ טריט נאָך אַ טריט, ביז ער פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ זייַט. ס'האָט זיך מיר אייגנטלעך געוואָלט

רעדן דאָ מיט עמעצן, אָבער דעם זקן האָב איך נישט געקאָנט אָפּשטעלן: אפשר וואָלט מײַן דערנענטערונג צו אים לכתּחילה אים גאָר איבערגע־שראָקן?...

פון אַ פענצטער דערהער איך גאַמען פון אַ קלאַוויר.

ווער איז דאָ איצט אַזוי מוזיקאַליש?...

איך גיי אַהין אַרײַן דורך דער אָפענער טיר און זע ווי אויף דער פּאָדלאָגע ליגן אויסגעלייגט סאָלדאַטן. אין מיטן שטוב שטייט אַ קלאַוויר און איין סאָלדאַט שטורכעט מיט די אומגעשיקטע פינגער די ווײַסע קלאַ־ווישן, און די קלאַווישן — אַ סך פעלן שוין, מחמת איינעם האָט זיך, געוויס, פאַרוואָלט וויסן, וואָס אונטן טוט זיך עס אַזוינס... — און די קלאַווישן גיבן דערבײַ אַרויס אַ מאָדנע קרעכצערײַ, גלײַך ווי זיי וואָלטן פילן אַז נישט קיין פאַרבענקט מיידל מיט פאַרחלומטע אויגן, אין אַ טונקעלן בין־השמשות, זיצט עס איצט איבער זיי...

אויף דער ערד נעבן קלאַוויר וואַלגערן זיך נאָטן — גאַנצע העפטן: וואַגנער, שומאַן, ליסט, בעטהאָווען... עס ליגן אויך מאַסן ביכער אין פּראַכט־בונד. איך הייב אויף איינעם אַ דיקן, טו אַ בלעטער — אַ מעדיציניש.ער. אַרויסגייענדיק פון דאָרט האָב איך באַמערקט אויף אַ טיר אַ מעשענעם בלעכל מיט אַן אויפשריפט פון אַ ייִדישן דאָקטאָר.

איך גיי ווײַטער איבער די גאַסן. פון פאַרשיידענע וועגן ציִען זיך אָבאָזן און אויסער דעם גייען דורך עטלעכע פּאָלקן פוסגייערס. מ׳גייט און מען פאָרט אײַלנדיק, און די טיפע בלאָטע אויף די גאַסן ווערט אַלץ שיטע־רער פון די רעדער און טריט. ס׳גייט אַ קלאַנג: „מען טרעט אָפּ". די קלעפּ הערן זיך פון גאָר נישט ווײַט.

די סאָלדאַטן, וואָס גייען דורך — פאַרחושכטע, פאַרמוטשעטע פון רעגן, בלאָטע און קעלט. די פּנימער אַזעלכע פאַריאושטע און ליידנדיקע. אָט ליגט איינער, שוין פון מיטעלע יאָרן, בײַ אַ טיר און ציטערט פון קעלט.

איז אין מיטן גיין קראַנק געוואָרן און וואַרט מ׳זאָל אים צונעמען. זײַנע אויגן קאַלט, אָן אַ גלאַנץ; די הענט קאָרטשען און טרייסלען זיך.

נעבן אַ גערטל ווייעט אַ פאָן פון אַ פעלדשפּיטאָל. איך שטעל זיך אָפּ און זע: פון אַ טיר טראָגן סאַניטאַרן אַרויס דרײַ „נאָסילקעס" איינע נאָך דער אַנדערער: געשטאָרבענע פון ווונדן. לאַנגע, אויסגעצויגענע קערפּערס, איבערגעדעקט מיט ווײַסע לײַלעכער. און דער פּוילער רעגן קאַפּעט פון אויבן אויף די לײַלעכער...

וו־ווו! קאַלט, קאַלט אויף דער נשמה... עס שוידערט אַ געדאַנק: „ווע־מען איז אַצינד שוין בעסער?..."

טיף, טיף אין האַרצן האָט ווי אַ שלאַנג גענאָגט און ווי עמעצער וואָלט עקשנותדיק געפרעגט די פּײַנלעכע פראַגע „פאַר וואָס?"

פאַר וואָס פּײַניקן זיך אַזוי „די שענסטע פון די ברואים?" — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

פאַר נאַכט בין איך צוגעגאַנגען צו דער יִדישער שול — כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז הײַנט איז פרײַטיק — אָבער פּוסט, וויסט, חושך. אומעטיק, פינצטער אין די גאַסן. אין קיין פענצטער האָט זיך אין ערגעץ קיין שבתדיק ליכטל נישט געוויזן...

אין דער פרי גייט מען אַרויס צו י אַ ר אָ ס ל אַ װ. אין גאַנצן צוואַנציק קילאָמעטער.

מען טרעט ווירקלעך אָפּ. איבערן גאַנצן וועג ציִען זיך אָבאָזן, קאַוואַלעריע, אַרטילעריע און בײַ די זײַטן שלעפּט זיך די אומגליקלעכע „פּיע־כאָטע": צעזייטע, צעוואָרפענע, מיט דער משׂא אויף די פּלייצעס, פאַרשלומפּערטע, פאַרשמוציקטע קריכן זיי, די פאַרפינצטערטע אויסגעמוטשעטע מענטשלעך און ראַנגלען זיך מיט די נאַסע, זומפּיקע בלאָטעס. ווו נישט ווו ליגן פאַרחלשטע מענטשן און פערד. אָט בלאָנדזשעט אַרום אַן אָוועקגע־

וואָרפן פערד, קוקט תּמעוואַטע מיט די קראַנקע גלײַכגילטיקע אויגן און האָט שוין אַפילו נישט קיין כּוח צו עסן דאָס גראָז פון לאָנקע...

מיר אָבער גייען אַלץ פאָרויס, צום פאָלק.

פון אַנטקעגן לויפן גאַנצע שאַרעס פון קראָען: נישט אומזיסט... ערגעץ נאָענט מוזן גאַנצע פעלדער מיט הרוגים זײַן...

עס ווײַזן זיך שפּיצן פון קירכעס, און אָט זענען מיר שוין נישט ווײַט פון דער שטאָט. בײַ דער זײַט ציִען זיך פאַרפעסטיקונגען און אַלערליי קינסטלעכע שטערונגען, וואָלפן־גריבער און דראָט־פאַרצוימונגען. די שטאָט בלאַנקט פון דער ווײַטנס. מיר קומען אַרײַן — גאַנץ, אַלץ איז גאַנץ. די שלאַכט איז פאָרגעקומען אַרום שטאָט און די גאַסן האָבן נישט געליטן.

אין איין ווינקל געפינט זיך אַ גאַנצע בעץ פון גרויסע, לאַנגע געבײַדעס — דאָס זענען „זייערע" קאַזערנען (קאַזאַרמעס), דאָרט טאַקע אָרדענען מיר זיך אײַן אויף איבערנעכטיקן.

ס׳איז נאָך גאַנץ פרי. איך רו זיך אויס אַ ביסל און גיי אַרויס אין גאַס. איך באַקוק דעם „אַלטן שלאָס", דעם ראָטהויז און נאָך אַנדערע מערקווערדיקייטן. איך מעסט אויס אַלע גאַסן. סלאָוואַצקי־שטראַסע, גרונוואַלדסקאַ־שטראַסע, קראַשעווסקי־גאַסע, סאָביעצקי־שטראַסע — אַלץ פײַנע גאַסן. די הײַזער זענען אַפילו נישט קיין הויכע, אָבער גאַנץ עלעגאַנטע. מענטשן — גאָר ווייניק. זעלטן ווײַזט זיך פאַר די אויגן אַ ציוויל־געקליידטער.

די שטאָט האָט מען געהאַלטן אין אָפּרייניקן.

מ׳פירט אַרויס וואָס מען קאָן נאָר. אָט ציט זיך אַן אָבאָז. דאָרט — אַ פאַרטיע געפאַנגענע, און דאָרט, ווו די קאָמענדאַטור איז, פּאַקט מען זיך שוין אויך אויף וועגענער. די שיסערײַ דערנענטערט זיך אַלץ צו דער שטאָט, און די קלעפּ ווערן שטאַרקער און אָפטער. בײַ נאַכט, ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע אין די קאַזאַרמעס, האָט מען געשפּירט ווי די ווענט



אין פײַער

האָבן פראָסט געציטערט. ערגעץ, גאָר נישט ווײַט, האָבן פלאַמען דעם הימל פאַרוויקלט און בריקן האָבן זיך געריסן מיט אַ גוואַלדיקן קראַך.

פאַרלאָזנדיק אין דער פרי יאַראָסלווי איז אונדז הינטער דער שטאָט אויסגעקומען איבערצוגיין צוריק אויף יענער זײַט סאַן. די וואַך אויף דער פּאָנטאָן־בריק האָט געוואָרנט נישט צו רייכערן — די בריק איז שוין געווען מיט בענזין באַגאָסן. אויף יענער זײַט, לענג־אויס דעם ברעג, האָבן סאַפּיאָרן „אָקאָפּעס" געגראָבן.

מיר קומען אויף אַ שיידוועג און מ'שטעלט זיך אָפּ: מ'ווייס נישט וווּהין צו גיין. ערגעץ דאַרף דאָ דער פּאָלק זײַן. דער רעגן נעצט, נעמט דורך די ביינער, און דער הונגער פון זײַן זײַט זויגט אויך אינעווייניק און ציט אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער...

# 10

— גענוג געהוליעט!

דאָס רופט אויס איינער פון אונדזער פּולעמיאָטן־קאָמאַנדע, וואָס איז פון אַנטקעגן אָנגעקומען אויף אַ פערד. איטלעכער פאַרשטייט גאַנץ גוט די באַדײַטונג פונעם „גענוג געהוליעט!” דאָס מיינט מען אונדזער פאַר־שווונדענעם לאַנגן יום־טוב... אַלע הערן עס מיט קימער און נורען זיך אין שינעל פון קאַלטן רעגן.

נאָך דעם לאָזט מען זיך גיין צוריק און דאַן רעכטס, איבער די פעל־דער. פון ערגעץ גאָר נאָנט הערט זיך שוין אַ טראַסקערײַ פון ביקסן און אין דער לופטן וויקלען זיך וואָלקנדלעך רויך פון שראַפּנעלן.

מיר בײַטן ווידער די ריכטונג.

אין איין אָרט ליגן מיר ווידער אָפּ אַ שעה צוויי אונטערן רעגן.

עס ציטערן די גלידער פון קעלט.

אַך ווי עס קוועלט דער הונגער!...

פאַר נאַכט ערשט קומען מיר אָן אין אַ דאָרף, ווו דער פּאָלק געפינט זיך.

עס פאַלן אַרויף באַקאַנטע. איינער בעט טאַביק, דער צווייטער ברויט, דער דריטער צוקער: סטײַטש, מען קומט דאָך עפּעס פון אַ שטאָט. בײַ קיינעם פון אונדז איז אָבער פון קיין זאַך שוין קיין זכר נישט געבליבן — דער זעלבער הונגער!

איינער רעכנט מיר אויס אַ גאַנצן צעטל פון באַקאַנטע, וואָס זענען פאַר דער לעצטער צײַט דערהרגעט געוואָרן. עס האָבן זיך אויך באַוויזן גײַסטיק קראַנקע... דער קאָמאַנדיר פון איין ראָטע איז אויך פון זינען אַראָפּ. ס׳אַראַ שרעקלעכן אויסזען, דערציילט ער, האָבן זיי געהאַט, די צעמישטע; ס׳אַראַ משונהדיק ווילדער פײַער האָט געברענט אין זייערע משוגענע אויגן...

מען דערציילט מיר פון הונגער, מאַטערניש און פּלאָגן. דער באַקאַנ־טער פּיזמון. איצט רוט מען שוין אַ ביסל אין רעזערוו.

איך קוק אָן די פּנימער — אַלע אויסגעבלייכטע, פאַרפינצטערטע. שפּורן פון גאַנצע פינף וואָכן פּלאָגעניש! איך באַמערק, אַז קיינער קאָן אַ רגע רויִק נישט שטיין: אַלע ווײַלע אַ דריי, אַ טשוכע, מיטן פּנים אַ קרים... שוין וואָכן קיין וועש נישט געביטן... ביי אַ סך איז געבליבן נאָר די איינציקע העמד אויף זיך. מ׳טוט זיך קיין מאָל נישט אויס.

אין דער פרי האָב איך צוגעזען אַ טרויעריק בילד: כאָטש ס׳איז געווען קאַלט, נאַס, אַ האַרבסט־רעגנדל האָט געזיפּט, פון דעסטוועגן זענען הינטער די הײַזער געשטאַנען מענטשן מוטער־נאַקעט איבער אַ ברענענ־דיקן שײַטער און די איינציקע העמד פון זיך געטרייכערט... בר־ר־ר!

אין דאָרף זענען געבליבן אַ ביסל אײַנוווינער און נעבן אַנדערע כאַטעס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן קעלערן צום באַהאַלטן זיך, אין פאַל ווען אויבן וועט שפּאַצירן דער טויט. און ווירקלעך, ווען נישט ווען פלעגט זיך פון דער פּאָזיציע, וואָס איז געווען אין גאַנצן עטלעכע קילאָמעטערס פון דאָרף, דורכרײַסן אַ ביקסנקויל און זיך מיט אַ זשומערײַ דורכטראָגן. סאָלדאַטן האָט עס איבעריקנס שוין נישט געאַרט; אָבער די אײַנוווינערס פלעגן זיך גאַנץ אָפּט איבערשרעקן און פלעגן לויפן מיט האַק און פּאַק אין די צוגעגרייטע גריבער.

אומגליקלעכע, נעבעך! אין יעדער כאַטע פײַפט דער דלות און ווי אומעטום הערט מען דאָ אויך פון יעדן איינציקן באַזונדער די אַלטע טענה:

— ניעמאָ, פּאַניע, שאָ יעסטי אי פּיטי...

אָדער:

— ני כליבאָ, ני צוקרו, ני סאָלי...

צוויי ייִדן פון מײַן ראָטע, דערוויסנדיק זיך, אַז מיר איז געלונגען צו קויפן בײַ אַן „אָבאָזנעם" אַ שטיקל לחם, זענען צו מיר צוגעקומען מיט אַזאַ מין פּאָרשלאָג: אויב איך וועל מפקיר זײַן דאָס ברויט, וועלן זיי דערצו קויפן אַ הון און מען וועט צוזאַמען מאַכן אַ סעודה. סײַ ווי סײַ... ווער ווייס, וואָס מאָרגן וועט זײַן...

צי עס איז בעסער צוויי טעג ברויט צו עסן, אָדער איין טאָג ברויט מיט הון — דאָס גיב איך זיך קיין חשבון נישט אָפּ. מיר געפעלט זייער האָפּענונגסלאָזער „פּאַרנעם" און איך ווער מרוצה.

אין אָוונט זיצן מיר שוין אין אַ כאַטע און די פּויערטע פּאָרעט זיך פּאַר אונדזערט וועגן מיט אַ הון בײַ דער פּליטע. אין שטיבל איז האַלב־טונקל און הייס. סאָלדאַטן זיצן אַרום טיש און מאַכן גאָר אַן „איין און צוואַנציק"...

נעבן אונדז זיצט דעם פּויערס אַ טאָכטער און מיר „אַמוזירן" זיך. די טעמע, נאַטירלעך, איז אַ גאַנץ אויבערפלעכלעכע, אָבער דאָך... מען ווײַלט זיך... דעם מיידל, למשל, קומט אויס לעכערלעך, וואָס שוועבעלעך הייסן אין רוסיש „ספּיטשקי".

— כאַ־כאַ־כאַ! — צעלאַכט זי זיך נאַיִוו — ספּיטשקי, ספּיטשקי! צינדהאָלץ — זאָגט זי — איז אַ סך, אַ סך שענער.

איך קוק זיך צו צו איר לאַכנדיק פּנים און לאַך אויך מיט, ווי אין אַ היימישער געזעלשאַפט. און אין זינען בעט איך בעת־מעשׂה מחילה בײַ די באַקאַנטע ציוויליזירטע דאַמען: געוויס וואָלטן זיי זיך באַליידיקט, ווען זיי ווייסן, אַז אַן איינפאַך דאָרפמיידל פאַרבײַט אַצינד זייער געזעל־שאַפט...

דערווײַל קומט צו אַ סאָלדאַט און זעצט זיך שוין צו נאָנט נעבן מיידל. און מאָדנע נישט אָנגענעם איז געווען צו קוקן אויפן פויער, דעם מיידלס פאָטער, וואָס האָט נאָך, נעבעך, געמוזט צושמייכלען, ווען דער נישט־קאָרעקטער סאָלדאַט האָט גענומען רעדן צו זײַן טאָכטער מער מיט די הענט ווי מיט דער צונג...

דעם קומענדיקן טאָג פרעגט מען פונאַנדער, ווען עס פעלן פּאַטראָנעס און מאַרלעביגטן... אַ סברא, אַז נישט לאַנג וועט מען אַזוי רוען אין דאָרף.

איך זיץ אין אַ פּויערישן הײַזל, פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל און דער קאָפּ איז באַלעסטיקט פון פּײַנלעכע געדאַנקען. און אַלץ וויקלט זיך אַרום איין פּונקט: טויט...

אַך, ווי גרויס איז דער פאַרלאַנג צום לעבן!... וועל איך נאָך דאָס אַלץ, וואָס איך זע איצט אין זכרון, קאָנען זען אַ מאָל אויף דער וואָר?...

פּײַנלעך קנייטשט זיך דער שטערן, ווי אונטער דער משׂא פון אַ שווערער רעטעניש.

— פאַר וואָס בין איך נישט געבוירן געוואָרן אַן אָקס?

אַזוי פרעגט אַ פּויער, ליגנדיק אויפגעדרייט אין שײַער אויף אַ בינטל שטרוי און ציטערנדיק פון קעלט.

— איך וואָלט דאָך — זאָגט ער — נישט געוווּסט און נישט געליטן ביז מײַן סאַמע טויט!

צי איז ער נישט אַ מאָל גערעכט, דער פּויער?...

אויף „יענער זײַט" האָט מען זיך אַ פּנים דערוווּסט וועגן אונדז און פלוצלינג — וו־וו־וו־וו־ב־ב־אַ־אַך!

עס רײַסט זיך אויף אין דער לופט אַ שראַפּנעל, נאָך איר אַ צווייטע, אַ דריטע און אַזוי כּסדר, אָן אַן אויפהער, איבערן גאַנצן דאָרף. עס ווערט אַ טומל, אַ בהלה. מ׳הייסט זיך שנעל אָנטאָן און שורותווײַז הייבן זיך אָן די ראָטעס צו רוקן. ווי גנבים קריכט מען האַלב אײַנגעבויגן האַרט בײַ די הײַזער און מען ציט זיך צום פעלד. אין עק דאָרף בלײַבט מען שטיין און מען וואַרט אויף אַ באַפעל. די שראַפּנעלן וואָיען אַלץ איינער נאָך דער אַנדערער און רײַסן זיך מיט אַ ווילדער קראַפט. אינסטינקטיוו בייגט מען זיך און מען טוליעט זיך צו עפּעס אַ פּאַרקנדל, כאָטש דאָס האָט אַזאַ ווערט ווי אַ שטרויעלע אויף די כוואַליעס פון ים. און אַז מען דערפילט דאָס וואָיען שוין ווײַטער איבער זיך, ווערט מען מונטערער און אויף די ליפּן באַווײַזט זיך אַ מאָל אַ טרויעריק שמייכעלע אויך, ווי איינער רעדט: ברוך שפּטרני... פלי צו אַל די רוחות...

אין איין ווינקל האָבן זיך אָבער אַ פּאָר שאַרבנס צעלעכערט, הענט און רוקנס צעניזוקט, און עס האָט זיך דער באַקאַנטער ניגון דערהערט:

— סאַניטאַר!

מען ציט זיך דאָן שנעל איבער פעלדער, און בעת מען איז שוין לערך אַ קילאָמעטער ווײַט געווען, האָבן זיך אינעם דאָרף, אין פאַרשיידענע זײַטן, פלאַמען אויסגעמישטע מיט רויך אויפגעהויבן...

ווידער אַ גליקלעכער צופאַל; ווידער אָפּגעגליקט... איך בין דאָך גאַנץ צופעליק נישט געשטאַנען דאָרט, ווו אַ גראַנאַט האָט ביינער מיט פלייש אויסגעמישט! — —

וואָס טוען דאָרט איצט, נעבעך, די אײַנוווינערס? וואָס מאַכט דאָרט איצט מײַן „נישט קולטורעל״ פרײַלין?...

מיר באַזעצן זיך אין אַן אַנדער דאָרף, אַ פינף קילאָמעטער ווײַטער פון יענעם.

דאָרט איז מען אָפּ אַ טאָג דרײַ. ס׳איז שוין סוף סעפּטעמבער. גראָד האָבן זיך געשטעלט שיינע, וואַרעמע טעג, און אויפן האַרצן ווערט אַ ביסעלע הימלעכער, מונטערער. עס דערמאָנען זיך לאַנג פאַרגעסענע זאַכן; נאָענטע פּנימער שוועבן פאַר די אויגן; די היים גייט פון זינען נישט אַרויס... די אָוונטן זענען קילע און אומעטיקע. אין הימל ציטערן איינזאַמע שטערן. איין אָוונט ליג איך שפּעט אויף אַ בערגל און קוק זיך צו שטום צו די גליִענדיקע קוילן פון אַן אויסגייענדיקן שײַטער. עס ווילט זיך גאָר אין שײַער נישט גיין. עס נעמט קיין שלאָף נישט. פון ערגעץ ווו גיט זיך אָפּ אַ טעמפּ רוישן פון אַ ביקסן־פײַער — און די שרעקבילדער קאָנען אויף אַ מינוט נישט פאַרגעסן ווערן... וועט זיך אַ מאָל צוריקקערן יענע זאָרג־לאָזיקייט, יענע פאַרשוונדענע רויִקייט? אָ, ניין! אויב אַפילו די טײַוולאָ־ניש־פליִענדיקע שטיקלעך מעטאַל וועלן מײַן שאַרבן אויסמײַדן און כ׳וועל לעבן בלײַבן — וועט שוין אויך די אמתע רו צו מיר קיין מאָל נישט קומען. שטענדיק וועלן, דאַכט זיך, מײַנע איצטיקע טעג, ווי לעבעדיק פאַר־קערפּערטע ברואים, פאַר די אויגן שטיין... די גרויע ליכטיקייט פון טאָג וועט מיר דערמאָנען אין דער פאַרב פון פאַרגלאָצטע, אויסגעקערטע אויגן און די נעכט וועלן מיר אַלץ ווײַזן יענע נאַכט, ווען איך בין צוזאַמען מיט טויטע אין איין ריי געלעגן — — — — — — — — — — — —

שיינע, וואַרעמע טעג, און דער עולם באַנוצט זיך מיט זיי. — מען קאָכט, מען באַקט און מען בראָט! די שײַטערס ווערן אַלץ געדיכטער און ווערן גאָרנישט פאַרלאָשן. דאָ און דאָרט רײַסט זיך אַ קוויטשערײַ פון חזירים: מ׳האַלט אין איין שטעכן און סמאַליען. ייִדן זענען געוואָרן גאַנצע מבינים אויף דעם „טריפהנעם מין"... עס גייט צו, למשל, צו מיר איין ייִד און לייגט מיר פאָר:

— אפשר ווילט איר אַ חלק, קאָן איך אײַך אָפּלאָזן. מיר האָבן גע־

שטאָכן בשותפות אַ היפּשן קאַבאַנטשיק. איך זאָג אײַך — אַ געשמאַל־צענער !...

אַזעלכע טעג זענען אָבער נישט מער ווי אַן איבערגאַנג פון צרות צו פּלאָגן...

בײַ נאַכט, ווען מען האָט זיך שוין געהאַט אין שײַער פאַרקליבן, האָט מען פּלוצלינג געהייסן זיך פאַרטיק מאַכן. נעמען זאָל מען בלויז די ביקס און פּאַטראָנעס. מען וועט נאָך, הייסט עס, צוריקקומען.

מיר גייען אַרויס אין דאָרף — ווײַזט זיך אַרויס, אַז בלויז אונדזער ראָטע איז באַשטימט צו באַשיצן די אַרטילעריע.

מיר לאָזן זיך גיין אין דער פינצטער נאָך די שווערע טריט פון די אַרטילעריע־פערד און שווערן רוישן פון די גרויסע דיקע האַרמאַטן־רעדער.

ענדלעך קומען מיר אַרויף אויף עפּעס אַ פעלד און מען שטעלט זיך אָפּ. דאָ איז די פּאָזיציע. דאָס ביקסן־פײַער הערט זיך גאַנץ דײַטלעך, אָבער קיין קוילן פון אַנטקעגן דערגרייכן נישט אַהער. די האַרמאַטן גראָבן זיך אײַן און אונדז ווערט אויך אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו מאַכן פאַר זיך אָקאָפּעס.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך אַזוי געגראָבן און ערשט פאַר טאָג איז מען שוין געלעגן רויִק אין דער לאַנגער קאַנאַווע און געקוקט מיט מידע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן אין דער הייך צום הימל.

„אונדזערע" האָבן לסוף אַוועקגעשיקט „אַהין" אַ „גוט־מאָרגן"... און פון די קלעפּ האָט פּשוט די ערד אונטער אונדז געציטערט, ווײַל מיר זענען געלעגן אין איין ליניע מיט דער באַטאַרייע. נאָך דעם איז עס אַלץ אָפּטער געוואָרן, און פון „דאָרטן" האָט מען אויך אָנגעהויבן צו ענטפערן. איינע נאָך דער אַנדערער האָבן די שראַפּנעלן געוואָיעט און אין דער לופט זיך געריסן. אָט, אָט, דאַכט זיך, טרעפן זיי. עטוואָס נענטער, עטוואָס ווײַטער. אָבער ניין... גאַנצע שעהען שיטן זיי זיך — אין אַלע וויסטע וועלדער !

און מערקווערדיק, ס׳אַרא קאַלטבלוטיקייט דאָ הערשט, ביַי דער באַטאַ־רייע. קיין ביקסנקוילן דערגרייכן נישט אַהער, באַוועגט מען זיך גאַנץ געמיטלעך. און טאָמער לויפט אַ פעלדגראַנאַט, צי אַ גרעסערער קאַליבער — איז ער דען מחויב צו טרעפן?... און אַז איין גראַנאַט האָט יאָ דער־הרגעט אַן אָפיציר און פאַרווונדעט אַ סאָלדאַט — איז עס אויך אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ צופעליקייט: מישטיינס געזאָגט, אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק, טרעפט אַ מאָל... אַז ס׳איז אָנגעקומען מיטאָג־שעה, האָבן די באַטאַ־רייע־ליַיט געמאַכט אַן איבעררייַס און זיך גאַנץ בהרחבהדיק צעזעצט עסן. מיר אָבער זענען געלעגן אין דער ענגער קאַנאַווע אויפגעדרייט ווי די ווערעם. די פיס איז געווען אוממעגלעך אויסצוציִען; די קני און דער רוקן האָבן געבראָכן און דער הונגער האָט אַ גאַנצן טאָג געמוטשעט. קיין סוכאַרל, קיין ביסל וואַסער, קיין שטיקל צוקער די פאַרשמאַכטע ליפּן אָפּצונאַרן. אויב אין אַ תּענית פאַרטריַיבט מען דעם הונגער מיט רייכערן, איז דאָ קיין ביסל טאַביק אויך נישט געווען. עס האָט נאָר אין דער לופט אומאויפהערלעך געוואָיעט און נישט איין מאָל מיט ערד פאַרשאָטן. און מ׳האָט זיך אַלץ געפרעגט: „וועט טרעפן אָדער נישט?”... די אייגענע טענות אין אָקאָפּ פלעגן זיך אָפּט איבערחזרן און זענען שוין באַנאַל געוואָרן; אָבער יעדע שראַפּנעל האָט דאָך פאַרט איין און דעם זעלבן טויט געטראָגן מיט זיך... און דער טויט איז באַנאַל?...

— פאַר וואָס עסטו גאָרנישט?... — פרעגט אין שפּאַס בריוסילאָוו ביַי טימאָפייעוון — ביידע שלאָסערס פון אַ מאָסקווער פאַבריק.

טימאָפייעוו מאַכט אַ פּעסיקע באַוועגונג:

— אויף דער ערשטער ליניע וואָלט איך אַלע קאַשעוואַרן אַרויסגע־פירט. לאָזן מענטשן הונגערן, די שקורעס. ליגן הינטער דער פּאָזיציע און — „לאָדערא וואַליאַיוט”...

נישט וויַיט אין קאַנאַווע ליגט אויפגעקאָרטשעט אַ בערדיקער ייִדל, אַ „זאַפּאַסנער”. „ראַבין” רופט מען אים דאָ. דאָס געזיכט זיַינס איז ענלעך

צום קאָליר פון דער ערד אין קאַנאַווע... ער שווײַגט און איז פאַרטיפט אין זיך.

דעם וווּאָדנעם פאַרגלוסט זיך איבער אים שפּאַס צו מאַכן.

— העי, ראַוויך, יאַ אידו נאַ וואָינאַ... — לאַכט ער פון זײַן רוסיש.

סאָלאָמענקאָ, אַ פּויער פון ערגעץ אַ יִדיש שטעטל, מיט לאַנגע פּיס, וואָס זענען אין קאַנאַווע צונויפגעדרייט אפשר אין דרײַען, מישט זיך אַרײַן:

— אוי ווײ, גוואַלד, אַ טאַטאַלאַך, אַ מאַמאַלאַך...

דאָס ייִדל גיט קוים אַ באַוועג מיט די האַלב־פאַרגליווערטע אויגן און לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי איינער רעדט: „רעד, ווער צעזעצט"...

שפּעט אין אָוונט, ווען דער אַרטילעריע־פײַער פון ביידע זײַטן איז אַנטשטילט געוואָרן און מיר זענען שוין געלעגן צונויפגעדרייט און פאַר־חלשט מיט פאַרמאַכטע, אָבער שלאָפלאָזע אויגן, איז די פעלדקיך שטילער־הייט אָנגעקומען.

מיטנגאַכט. אַ דיקע פינצטערניש צווישן הימל און ערד. מ׳שלעפּט זיך איבער וועגן און פעלדער. פינצטערע ביימער רוישן אומעטיק און שטיל. מאַנאַטאָן און טויב קלאַפּן די טריט.

מ׳קומט אין אַ וועלדל. דאָרט ליגט אונדזער באַטאַליאָן אין פעלדוואַך. איך פאַל אונטער אַ בוים, מיד און מאַט, צוקאָפּנס די פויסט, און באַלד ווערט אין קאָפּ אַ פאַרגליווערטע מאַסע.

מיר זענען ווידער אינעם זעלבן דאָרף. אין דער פרי קלײַבט מען זיך אַרויס פון דאָרט. אַזוי גייט מען גאַנצע דרײַ טעג. אַלץ גרויסע, אומדער־באַרעמדיקע איבערגאַנגען. איין טאָג האָט מען דורכגעמאַכט גאַנצע פערציק קילאָמעטער. מ׳גייט אַהין, מ׳גייט צוריק, אָן אויפהער, אָן סוף. פון באַגינען ביזן שפּעטן אָוונט. און אַלץ — הונגער, הונגער! מ׳גריזשעט רויע קרויט און רעטעך פון גערטנער. די פּיס שלעפּן זיך נאָר פון אינערציע... ס׳האָט

זיך שוין פּשוט פאַרגעסן, אַז עס איז נאָך פאַראַן ערגעץ רו אויף דער ערד... איין מאָל — ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט — זענען מיר דורכגעגאַנגען עפּעס אַ דאָרף. אין אַ טונקל־באַלויכטענעם שטאָל האָט זיך עפּעס אַ קאָמאַנדע שלאָפן געקליבן און פון די קליינע שטאָל־פענצטערלעך האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן:

אי־זשע יע־סי נאַ נע־בע־סי...

און אַ ביסל ווײַטער דערנעבן — אַ געמויערט שיין הויז. העל־באַלויכ־טענע פענצטער. אינעווייניק זענען געזעסן אָפיצירן בײַ שרײַבטישן און גלעזער טיי האָבן זיך מיט רויטקייט געשפּילט אַנטקעגן פײַער.

אַך, רו, רו! אָט איז רו!...

ס׳האָט זיך די אויגן נישט געגלייבט די גליקלעכע, דאַכט זיך, רויִקייט...

אַז מיר זענען שוין געווען ווײַט, אויף יענער זײַט דאָרף, אין דער אומעטיקער פינצטערניש פון דער נאַכט, האָט מיר נאָך אַלץ, ווי פון די טויבע טריט פון די שווײַגנדיקע שאָטנס, אין די אויערן געקלונגען:

אי־זשע יע־סי נאַ נע־בע־סי... — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

## 11

שפעט ביי נאַכט.

דער לאַנגער וועג, וואָס ציט זיך אומאויפהערלעך פון באַגינען אָן, האָט פיל מענטשן איבערן וועג צעזייט. איינציקוויײַז, פּאָרווײַז שלעפּן זיך אָפּגעשטאַנענע, פאַרשמאַכטע אין דער פינצטערניש און די אויסגעמאַטערטע גלידער חלשן אַ ביסעלע רו... אַז איך מיט מײַן שכן זענען אָנגעקומען אין דעם דאָרף, ווו דער פאָלק האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז שוין דער מיטאָג געווען פונאַנדערגעגעבן און די קליינע „קלוניע" (שײַער), וואָס אונדזער ראָטע האָט פאַרנומען, איז געווען ענג און געדיכט, ממש די נאָז נישט אַרײַנצושטעקן.

— הונגעריק זענען מיר גענוג, לאָמיר כאָטש גיין אַ זוך טאָן, ווו דעם מידן קאָפּ אַוועקצולייגן.

אַזוי זאָג איך צו מײַן שכן און מיר לאָזן זיך טאַקעביידע אַוועק זוכן. פון שטאָל צו שטאָל, פון בוידעם צו בוידעם — פול, אומעטום פול. ענדלעך געפונען אַ פוסט הויז. אָרעמע מעבל און איקאָנעס. די פענצטער גאַנצע, מיט אַלע שויבן. אַ חידוש, וואָס עס איז געבליבן אומבאַמערקט. אָן אמת גליק פאַר אונדז!

קיין האָלץ איז נישטאָ, צעהאַקט מען אַ בעט און מ'הייצט אײַן אין אויוון. דאָס פײַער פלאַקערט אַזוי פריילעך, אַזוי לעבעדיק. וואָלט אָבער אויך געווען עפּעס פאַרן אומרויִקן מאָגן!... בלויז צוקער פאַראַן. שטעלט מען אַרײַן פאַרן פלאַקער אַ קעסעלע וואַסער און מ'זופּט טיי. און זופּנדיק דעם טיי, צעשפּילט זיך נאָך מער דער אַפּעטיט...

— זאָגט נאָר, בחור — זאָג איך צו מײַן שכן — וואָס, אַ שטייגער, װאָלט איר איצט געגעסן ?...

— וואָס ? ראשית־חכמה מוז איך האָבן כאָטש אַ פונטל ברויט... אָן דעם וואָלט איך זיך צו קיין זאַך נישט געקאָנט נעמען...

— נו, און אַ טונקל־ראָזן באָרשטש מיט אַ סמעטענע־פּלעווע פון אויבן ?...

— יאָ — ענטפערט מיר מײַן שכן און באַלעקט זיך דערבײַ.

— נו, און אַ שמעקעדיקן האַרטלעכן ביפשטעקס מיט געפּרעגלטע ציבעלעס באַשאָטן, און ברוינעם סאָוס, מיט רויטע פעט־גלאַנציקע מערעלעך בײַ דער זײַט — וואָלט איר נאָך דעם פאַרדײַעט ?...

מײַן שכן שמייכלט און שלינגט דעם טיי און קרימט זיך. דורך זײַנע גלעזערנע אויגן קוקט אַרויס דער הונגער.

— נו, און בוליאָן מיט מאַנדעלעך, מיט פלייש געפילט ?... און נאָך דעם אַ געמישטער פּרוכטן־קאָמפּאָט, וואָס קילט דאָס האַרץ ?...

מײַן שכן איז אַזש פון די כּלים אַרויס. שנעל האָט ער זיך פון אָרט אַ הייב געטאָן און פון גרויס כּעס אַ גאָס געטאָן איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע דעם נישט־דערטרונקענעם קוביק טיי :

— צום טײַוול ! נאָר זופּ און זופּ, און שווענק די אײַנגעשרומפּענע געדערעם !

— מה רעש ? איר קאָנט דאָך עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן ?...

— נאָט, נעמט, נו ! — שטרעקט ער מיר אויס ביידע פּוסטע הענט — ווען מען קאָן טאַקע די װענט גריזשען, וואָלט איך עס איצט געטאָן.

— אויב אַזוי — זאָג איך — לאָמיר גיין שלאָפן...

דערפאַר אָבער געשלאָפן ממש ווי די גראַפן. צום ערשטן מאָל נאָך אַ פּאָר וואָכן זיך אויסגעטאָן. אויך וועש געטוישט. די לעזשאַנקע איז געווען גענוג געררוים און וואַרעם. פאַרשפּרייט אַ פּאַלאַטקע, די אַמוניציע צוקאָפּנס און — אין די אָרעמס פון מאָרפּיי...

מידע, צעבראָכענע פון גאַנג און הונגער, אין דער וואַרעם, אין פרישע וועש — האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט אויף דער זעלבער זײַט, וואָס מיר האָבן זיך געלייגט...

ס׳איז שוין געווען גוט ליכטיק און דורך די פענצטער פון כאַטע האָט זיך קיין איין סאָלדאַט נישט געזען.

דער פּאָלק איז שוין אַוועק גלײַך ווי ס׳האָט אָנגעהויבן שאַרײַען אויף טאָג.

הייסט עס, הײַנט אַפילו קיין טיי אויך נישט...

דער טאָג איז אַ גאַנץ שיינער. וואַרעם, לויטער. די האַרבסטיקע זון הויכט איר לעצטע היץ אַרויס. אונטן אָבער מוטשעט אַ טיפער, טיפער זאַמד. מיר בלאָנדזשען איבער עפּעס אַ וועג, ווו פון דער זײַט הערט זיך אַ ביקסן־פײַער. אַן אָפיציר פון אונדזער דיוויזיע, וואָס קומט גראָד אַן פון אַ זײַט, רופט אונדז מיט אים צוזאַמען צו גיין, און מיר גייען שוין לויט אַ לאַנדקאַרטע.

שפּעטער קומט אָן פון אַנטקעגן אַ גאַנצע פּאַרטיע פאַרוווּנדעטע. די ווײַסע מאַרלעבינטן בלאַנקען אין דערמאָנען אַן גרויזאַמעס...

קיין ספק נישט, וווּהין מיר גייען אַצינד...

אָבער — צום טײַוול! וואָס מאַטערט אַזוי דער הונגער? וואָס דריקט אַזוי די משׂא אויף די פּלייצעס?

מיר שלעפּן זיך שוין אַזוי אפשר אַ שעה פינף־זעקס. דער וועג איז אי אומענדלעך, אי קורץ: אומענדלעך פאַר דעם מידן אויסגעהונגערטן גוף; קורץ — פאַר דעם אויג, וואָס זעט די דערגענטערונג פון דעם פּאַטאַלן...

איך פאַל צו צו אַ פעלד — ריבן! קליינע, קײַלעכדיקע ריבן. איך רײַס און עס. ס׳איז אָבער וואַסערדיק און נישט זעטיק. נאָר פאָרט אַן אילוזיע פון עסן.

פון אַ זײַט שלעפּט זיך עפּעס אַ פור, איין איינציקע פור, געפירט דורך אַ סאָלדאַט.

אַך יאָ, דאָס איז דאָס! ברויט! ברויט! אַ פולע פור ברויט!

— שטיי, שטיי, ברודער!

דער סאָלדאַט שטעלט זיך אָפּ און איך דערקריך צו אים.

כ׳דערלאַנג אים גלייַך אַ זילבערנעם רובל:

— אַט דאָס באַקומסטו.

— ניין, ניין — ענטפערט יענער, פאַרשטייענדיק מייַן כוונה — איך פיר עס צו דער פּאָזיציע.

— אָבער איך גיי אויך אַהין און וועל אין וועג פאַלן.

— איך וועל פאַלן — חזר איך איבער מיט פאַרביטערונג — דו גלייבסט נישט?

— טאָ ווייַז אַ מעסער.

איך טו עס און רוק אים אויך דעם רובל.

— ניין, ניין, נישט פאַר געלט. איך דאַרף עס דאָ נישט האָבן — זאָגט ער זיך אָפּ.

אַ פּענעץ ברויט! אַ פּענעץ ברויט!

— אַ דאַנק! אַ דאַנק, ברודער!

מיר גייען דורך אַ געדיכטן וואַלד. אומעטום צווישן די ביימער — פערד און סאָלדאַטן. קאַוואַלעריע. אין איין אָרט פלאַטערט אַ פאָן פון רויטן קרייץ. דאָ שטייט אויך דער אָבאָז פון ערשטן „ראַזריאַד״.

מיר גייען אַרויס פון וואַלד. סאָלדאַטן שטייען מיט פאַרריסענע קעפּ און קוקן זיך איין, ווי אין דער ווייַטנס רייַסן זיך שראַפּנעלן.

איך טרעף דאָ מייַן באַקאַנטן סאַניטאַר. ער דרייט זיך אַרום מיט זייַן טשעמאָדאַנטשיק — גרייט צו זייַן דינסט.

— קאָן זײַן — זאָג איך צו אים — אַז אײַך וועט אויסקומען מיר צו מאַכן אַן איבערבונד...

— ניין, ניין... — טרייסט ער מיך מעכאַניש.

— וואָס „ניין״? — שפּאָס איך טרויעריק — עס וועט שוין זײַן אומזיסט?...

כ׳וויים: איך האָב עס נישט באַדאַרפט זאָגן — אפשר האָט מיר דערבײַ די געהעריקע רויִקייט געפעלט אויפן געזיכט?...

— ניין, ניין, נישט דאָס האָב איך געמיינט — זאָגט ער ווײַטער: כ׳מיין, אַז איר וועט אַרויס טרוקן...

— איר הערט ווי עס האָגלט און קראַכט? — האָב איך אים אַ ווײַז געטאָן אין דער ריכטונג פון פּאָזיציע.

דאָס איז מײַן תשובה געווען.

עס קומט מיר עפּעס אויפן זינען — יאָ, איך טו עס!

— ווייסט איר וואָס — זאָג איך צו מײַן באַקאַנטן סאַניטאַר — היות ווי איר גייט דאָך נישט אויפן פּאָזיציע, וויל איך אײַך איבערגעבן אַ געלטפּעקעלע, וואָס וואַלגערט זיך בײַ מיר אָן אַ שום נוץ... עס ליגט בײַ מיר מסתּמא נאָר צוליב דעם, כדי אַז „טאָמער וואָס״, זאָל מען עס געפינען בײַם אויסקערן די טאַשן... נעמט עס צו פון מיר און „טאָמער וואָס״ („טאָמער וואָס״ — אַ טײַער פראַנאָמען האָט מיר יענץ יידל געגעבן!...) — טוט דערמיט וואָס איר ווילט.

— עס קאָן ליגן בײַ מיר, כ׳וועל אײַך נאָך דעם צוריק אָוועקגעבן.

בײַם נעמען דאָס געלט פון מיר, האָב איך דערפילט, אַז ער גלייבט אַליין נישט זײַנע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט מיך געפּרוּווט טרייסטן.

מיר האָבן זיך קורץ געזעגנט: איך בין אַוועק די ראָטע זוכן, ער — צעריסענע אֵברים...

אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט פון אים, האָב איך דערפילט די גאַנצע

לעכערלעכקייט פון מײַן טאַט. איז עס נישט קיין נאַרישער סענטימענט אַנטקעגן דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט?... און אַז מ׳וועט אויסקערן די קעשענעס און גאָרנישט געפינען, איז וואָס?...

— — איז וואָס?

כע, כע, נאַרישע סענטימענטן!...

# 12

נאָך אַ ביסל געשלעפּט זיך און ענדלעך געפונען די ראָטע. אין דער לופטן וואָיען גראַנאַטן. די מענטשן ליגן אין אַ טאָל, צעזייט ווזוואָדנווייַז. איין שראַפּנעל רײַסט זיך אויף פּונקט איבער אונדז. — ווי אַזוי האָט עס נישט געטראָפן ?...

מען גייט איצט איבער דעם סאַן, און באַלד וועט אָנקומען אונדזער ריי.

ענדלעך דערגייט עס צו אונדז. פריִער איין ווזוואָד. יעדער מענטש אויף אַ טריט צען פון אַנדערן. אַזוי לויפט מען אײַנגעבויגענערהייט פאָרויס. פון אַנטקעגן קומען איינס נאָך איינס די שראַפּנעלן צו לויפן און רײַסן זיך, דאַכט זיך, אָט אָט איבערן קאָפּ.

אָט ליגט שוין איינער מיט אַ פריש צעשמעטערטן שאַרבן און וואַרפט זיך נאָך קאָנוווּלסיוו. אַ ביסעלע ווײַטער אַ צווייטער, אַ דריטער...

איך לויף שנעל — איך ווייס נישט מיט וועמעס כּוח — און וואַרף צעמישטע בליקן אַנטקעגן: טאָלן, בערג, איינציקע הײַזער,ביימער... ערגעץ ליגט דאָרט דער טויט באַהאַלטן...

איך לאָז זיך אַראָפּ אין אַ טאָל — אָט איז דער סאַן. איך לויף מיט דער זײַט צו דער „פּערעפּראַווע" (פּאָנטאָן). פּלוצלינג פון אַנטקעגן — וו־וו־וו־וו־וו־וו...

איך דערשפּיר די נאָנטקייט פון גראַנאַט און לויף גלייַכער פאָרויס,
ער זאָל בעסער איבערפליִען — —
וויַיטער. ווען איך וואָלט פריִער פאָרויס נישט געלאָפן!...
— ב־ב־ב־אַ־אָך!!

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך פאַל צעמישט אַריַין אין אַ דערבייַיִקן גראָבן. אויף מיר שיט זיך פון אויבן אַ גאַנצער רעגן פון מעטאַלענעם שטויב... אָבער איך לעב! איך לעב און פיל ערגעץ קיין ווייטיק נישט. איך הייב זיך אויף און לויף.
ביַי דער בריק שריַיט מיר אַרויס אַ סאַפּיאָר פון אַן אָקאָפּ:
— עך, זעמליאַק, ביסט אַ בעל־מזל!
אַ פּנים, ער האָט מייַן נאָנטקייט צום טויט געזען...

איך ליג שוין אויף יענער זיַיט טיַיך אין אַ גרייטן אָקאָפּ — אַ לאַנגע אויסגעגראָבענע קאַנאַווע. ס'איז שוין טונקל. נישט וויַיט שיסט אונדזערע אַ באַטאַרייע, און פון אַנטקעגן „שלאָפט מען אויך נישט". דאָך אָטעמט זיך פריַיער: כאָטש אויף אַן אָרט.
איבערן אָקאָפּ הייבן אָן איינציקוויַיז צו פיַיפן ביקסנקוילן. איצט איז שוין דעם קאָפּ נישט אַרויסצושטעקן.
עס וויַיזן זיך פאַרוווּנדעטע. אָט שפּרינגט אַראָפּ פון איבערן אָקאָפּ אַ סאָלדאַט מיט אַן אָקערשט דורכגעשאָסענער האַנט. איינער בינדט אים איבער די ווונד און נאָך דעם גייט ער צו צו מיר איך זאָל אים מיט אַ האַנטעך די האַנט אָן האַלדז אָנהענגען. ער קרעכצט מוראדיק. פון ווייטיק קאָן ער פּשוט די אויגן אָפן נישט האַלטן.
פאַר מייַן דינסט לייגט ער מיר פאָר:

— אפשר פעלט דיר, ברודער, פאַטראָנעס, קאָן איך דיר מײַנע אָוועק־געבן...

— אַ שיינעם דאַנק פאַר דער טובה! פיס האָסטו נאָך — לויף שנעל פון דאַנען!...

מען הייסט ווײַטער גיין. ס'איז שוין גוט פינצטערלעך. די אַרטילעריע איז אַנטשוויגן געוואָרן. בלויז קוילן זשומען דורך מיט אַ פויזע איינע נאָך דער אַנדערער.

עס ציט זיך אַ לאַנגע קאַנאַווע — גייט מען אין דער נידער פון קאַנאַווע, כאַטש בלאָטע איבער די קני. די פיס גראָבן זיך אין דער טיפ־קייט און נישט איין מאָל ציט זיך אַרויס דער פוס אָ באָרוועסער, אָן דעם שטיוול... אָבער אַלץ בעסער איידער אויבן איבערן גראָז און קוילן זאָלן זשומען פאַרן אויער.

אַזוי שלעפט מען זיך אפשר אַ וויאָרסט. פון שטערן קאַפּען שוין גרויסע קאַלטע טראָפּנס.

ענדלעך אַרויסגעקראָכן. מיר צעלייגן זיך פאַר אַ פאָלוואַרק. פינצטער. חושך. מ'נעמט זיך אײַנגראָבן, אָבער באַלד הייסט מען ווײַטער גיין.

מ'קריכט אין דער פינטצערניש פאַרבײַ געבײַדעס, שטיל אָן ווערטער, ווי שטומע שאָטנס, און דאָס קלאַפּן פון די טריט איז עפּעס אויך באַזונדער אײַנגעהאַלטן, טויב און פאַרזיכטיק.

און פּלוצלינג...

— טר־ר־ר־ר־ר...

— טאַ־טאַ־טאַ! טאַ־טאַ־טאַ־טאַ!

אַ גאַנצער האָגל, אַ געדיכטער רעגן! ביקסן און פּולעמיאָטן. פאַר די אויערן האָבן געפּײַפט איינע נאָך די אַנדערע שנעל, שנעל:

— זשיק! זשיק! זשיק!...

ווו איינער איז געשטאַנען, דאָרט איז ער אַ פאַל געטאָן צו דער ערד, זיך געטוליעט און געדריקט צו איר.

איך ליג גראָד מיטן קאָפּ אין אַ קוסט. אין פּנים שטעכן נאָדלען פון וואָרצלען. און האַרט, האַרט איבערן קאָפּ, אויף עטלעכע סענטימעטער בלויז — זשיק! זשיק! זשיק!

זאָל איך זאָרגן פאַר דער הויט פונעם פּנים, צי פאַרן שאַרבן?...

פון דער זײַט דערהערט זיך שוין:

— סאַניטאַר!

— סאַ־ני־טאַ־אַר!

עס טרעפט אַפילו ליגנדיקע. איך ליג אויך אויף נישט קיין נידעריקן אָרט... וועט עס מיך מײַדן?...

— זש־זשי־ק־ק!

אַך! ס'האָט זיך אויף מײַן פּלייצע דורכן אַמוניציע־זאַק דורכגעריסן...

אָט, אָט... בלויז אויף איין האָר נידעריקער...

טיפער, טיפער גורע איך זיך אין קוסט. ווי עס שטעכט מיר אין געזיכט, ווי עס ברענט מיר מײַן לײַב!...

ס'האָט נישט מער ווי אַ צוואַנציק מינוט אָדער עטוואָס מער געדויערט — און וויפל טויטע! וויפל פאַרוווּנדעטע!... מען קרעכצט פון אַלע זײַטן. מען בעט זיך הילף, נאָר אין דער פינצטערניש איז נאָר דער גרויזאַמער טויט אַליין פראַנק און פרײַ אומגעגאַנגען...

מ'גייט שטיל, שטיל אין אַ קייט. קוילן פײַפן זעלטענער. קאַנאַוועס, גריבער, אַ פלאַך פעלד. אויף אַ פרײַען גלײַכן פּלאַץ הייסט מען זיך אײַנגראָבן. מען רעדט שטיל, מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. מען גראָבט אַן רעש און אָן איבעריקע באַוועגונגען. קיין רידעלע גיט קיין העכערן קלונג נישט אַרויס.

פון אַ ווינקל הייבט אָן צו פּויזשען איבער דער ערד אַ לאַנגער שמאַ־

לער פּאַס העלער ליכטיקייט.

— אַ פּראָזשעקטאָר!

דער פּאַס קריכט לאַנגזאַם לענג־אויס איבער אונדזער קייט, און באַלד דערויף הייבט זיך ווידער אָן אַ פײַער־רעגן.

איך ליג אין מײַן פלאַכן נישט־פּאַרטיקן אָקאָפּ און גלײַך זיך אויס מיט דער ערד. עס זשומעט איבער מיר פּאַרן פּנים. עטוואָס אַרויסרוקן דעם קאָפּ — איז גענוג! דאָס ביסל ערד, וואָס איך האָב, גראָבנדיק, אַרויסגעשאָטן בײַ דער זײַט, ווערט אַלע ווײַלע דורכגעשמיסן דורך קוילן. ערגעץ ווו טראָגן זיך גראַנאַטן, און אַזוי מאויִמדיק, אַזוי שרעקלעך וואָיען זיי אין דער פינצטערניש!...

אַז דאָס פײַער איז שטילער געוואָרן, האָט מען זיך ווידער געהייסן אויפהייבן. מ׳גייט צוריק.

אָ, דאָס איבערגיין! ווי נאָענט איז מען פון טויט. אויב עס טרעפט, נישט, איז עס נאָר אַ צופאַל, אַ גליקלעכער צופאַל. ווען וועט מען שוין ענדלעך אויף אַן אָרט ליגן?

ווידער אַ קאַנאַווע. אַ שמאָלע, דורך אַנדערע אַן אויסגעגראָבענע. מ׳זיצט אינעווייניק און מ׳מאַכט זי ברייטער און טיפער. דאָס רידעלע פאַלט פון דער האַנט, דער קאָפּ צו דער פײַכטער ערד, און מ׳ווערט אַנטשלאָפן.

אַ מאַטע גרויקייט. דער הימל ווי איין שטיק פּאַרגליווערטע קאַלטע גרויע מאַסע. אין די אויגן ברענט און שטעכט. ווען איז די פינצטערניש צעקראָכן געוואָרן?

קאַלט. די ערד איז נאַס, בלאָטיק. די הענט, דאָס פּנים, די זאַכן, די אַמוניציע, די ביקס — אַלץ שוואַרץ און בלאָטיק.

עס ווילט זיך אַ זיפּץ טאָן לאַנג און ציִענדיק.

— עכ־כע־כע!

און דער דאָזיקער זיפּץ רופט אַרויס פון דער זײַט אַ פראַזע:

— פוי, אַ הינטיש לעבן!

אויף ס׳נײַ געגאַנגען.

דער זעלבער פּאָלוואַרק.

דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר ווײַזט מיטן פינגער אין דער ווײַט אויף אַ העכערן אָרט — אַהין זאָל מען איבערלויפן.

און — ווידער!

ס׳אַראַ פײַער, ס׳אַראַ גיהנום!

איך טוליע זיך פיבערהאַפט צו צו דער ערד, גורע זיך טיפער, טיפער... דער גאַנצער רוים איז מיט טויט אָנגעפילט, און די ווילדע אָפענע אויגן קוקן צעשראָקן און משוגע אויף דאָס קלײנינקע, קלײנינקע שטיקל ערד, צו וועלכער דאָס פּנים איז שטײַף צוגעדריקט.

— זשיק! זשיק! זשיק! זשיק!

מחנותווײַז, מחנותווײַז טראָגן זיי זיך, די אומזעעוודיקע מעטאַלענע טויטפליגן...

דעם באַטאַליאָנעמס שטים:

— אַהין, אַהין, צו די אָקאָפּעס!

— שנעלער, אַהין!

מ׳לויפט אָפּטײלונגווײַז.

דאָס פעלד איז אַ גלײַכס, אַ לאַנגס. איז עס מעגלעך ביז דאָרט זאָל נישט טרעפן?... בלויז איין טראָפּנדל פון דעם פײַערדיקן רעגן...

עס שנײַדן די רימענס פון דער אַמוניציע, עס ציט אויף הינטן דער זאַק, עס פּלאָנטערט זיך דער שינעל — דו לויפסט. פון וואַנען די כּוחות?...

— אָ גאָ־אָ־אָט !...

— סאַ־ני־טאָ־ר !...

עס פאַלן איינער נאָך דעם אַנדערן.

אָט נעבן מיר האָט אויך עמעץ אַ פאַל געטאָן און, פאַלנדיק, די ביקס איַינגעלאָזן... זיַין רויטער, שרעקלעך רויטער שטערן און ווילדע אָפענע אויגן זענען מיר טיף אין אויסגעמאַטערטן מאַרך אַריַינגעקראָכן, כאָטש איך האָב זיך אויף קיין סעקונדע נישט אָפּגעשטעלט. פאַר די אויגן שווינדלט, שווינדלט...

אַ זומפּ. וואַסער און טיפע בלאָטע... די פיס קריכן אַריַין טיף, קלעפּן זיך... די כוחות זאָגן זיך אָפּ...

אַך, אָט באַלד... אָט באַלד... דאָ אין זומפּ... פאַלן און זינקען אונטן אין דער שמוציקער בלאָטע און פוילן, פוילן...

אַ טרוקענער אָרט. קוים אַרויסגעקראָכן.

איך פאַל אַ מאַכטלאָזער און אָטעם שווער און פאַרמאַטערט. אינעוויי־ניק זעצט דאָס בלוט. די זאַכן אויף מיר זענען אויסגעווייקט, די שטיוול פול וואַסער.

עס לויפט איבער די קייט.

— פאָרויס !

אַריַינגעצויגן אַ ביסל לופט אין די לונגען און וויַיטער געלאָפן.

— שאַ

— וו־וו־וו־וו־וו־וו־וו־וו...

— ב־ב־ב־אַ־אַך !...

גראַנאַטן און שראַפּנעלן. די לופט ציטערט...

איינע נאָך די אַנדערע, איינע נאָך די אַנדערע...

אָקאָפּעס !

דאָס לעצטע ביסל קרעפטן שטרענג איך אָן, לויף צו און טו אַ פאַל אינעווייניק. מענטשן, לעבעדיקע מענטשן — אויף זיי בין איך אַרויפגעפאַלן. קיין פאַראיבל האָבן זיי נישט: אפשר זענען זיי פריִער אויך אויף עמעצן אַרויפגעפאַלן?...

באַלד זענען שוין אַלע אין די אָקאָפּעס געווען. אַלע, אויסער יענע, וואָס זענען אויפן פעלד געבליבן...

איך גיי איבער דערנעבן אין אַ „פריַי" געוואָרענעם אָקאָפּ. איך וואַרף אַרויס פון דאָרט אַמוניציע און צי זיך מאַכטלאָז אויס. אַ פּאָר טריט וויַיטער ליגט אַ טויטער מיט אַ געלן פּנים און האַלב־אָפענע אויגן... ליג איך נישט איצט אויף זיַין אָרט?...

איך בין שוואַך ווי אַ קינד. אויפהייבן זיך וואָלט איך, דאַכט זיך, שוין נישט געקאָנט. איך ליג אָן באַוועגונג און קוק שטום אויפן הימל. כ׳בין, דאַכט זיך, איצט גליַיכגילטיק, גאַנץ גליַיכגילטיק צו אַלץ, אַפילו צום טויט... און אפשר?... אפשר וואָלט טאַקע סוף־כל־סוף אַ סך, אַ סך בעסער געווען — אי פאַרן אויסגעפּיַיניקטן גוף, אי פאַר דער יסורים־פולער נשמה — צו ליגן אַזוי ווי אָט דער אויסגעצויגענער אַנטקעגן מיר? ——

עמעץ בייגט זיך אָן איבער מיר.

— וואָס ווילסטו?

— עך־כע־כע! צעלאַכט זיך יענער — געמיינט אַ דערהרגעטער, געוואָלט פאַר די פיס אַרויסשלעפּן... כ׳האָב קיין אָרט נישט...

ער גייט אַוועק האַלב אַנטוישט...

איך לאַך אויך אין גערדאַנק: ס׳אַראַ טעות... איבער מ י ר... איבער מ י ר... געמיינט, איך בין שוין טויט... און אַ גאַנץ געווינלעכע זאַך!

קיין גרימאַסע־ענדערונג, קיין איבערראַשונג. און מײַן גאַנצע „קליינע וועלטל״? אַ נול, אַ נול!... פאַרקערט, יענער וואָלט אפשר בעת־מעשׂה גאַנץ צופרידן געווען, וואָס ער קאָן מײַן אָקאָפּ פאַרנעמען — אַזוי ווי איך, אפשר, אַן אַנדערנס...

אין די שכנישע אָקאָפּעס האַלט מען ברויט.

וויפל טעג האָב איך שוין נישט געגעסן?...

אייערנעכטן זיך געלייגט אין דער חורבה מיט טיי, נעכטן בײַ טאָג — ריבן מיטן פּענעץ ברויט, וואָס דער סאָלדאַט מיט דער פור האָט געגעבן, און הײַנט... שוין דער דריטער טאָג...

נאָר נײַן! איך וועל בײַ קיינעם נישט בעטן. איך זע מיט וואָס פאַר אַ הונגער מ׳שטעלט אונטער די האַנט פאַר די ברעקלעך. ווען איך האָב כּוח, וואָלט איך קעגן איבער צו דער לוזשע צוגעגאַנגען. אין האַלדז איז עפּעס טרוקן און עס שטעכט, גלײַך ווי הייסער זאַמד וואָלט דאָרט געווען אַנגעשאָטן. אינעווייניק איז ליידיק און פּוסט און ווי אַלץ וואָלט זיך אײַנגעשרומפּן.

איך מוז אָבער צוגיין; ווען נישט האַקט זיך מײַן אָטעם אָפּ. איך שפּיר ווי עס שטעכט אינעווייניק אין די לונגען.

איך הייב זיך קוים אויף.

ווי שווער עס רירן זיך מײַנע גלידער. עס גיט אַ פײַף איין קויל פאַר מײַן קאָפּ, אַ צווייטע, אַ דריטע — איך קום צוריק. איך זופּ פון דער באַקלאַגע די מוטנע פליסיקייט און אינעווייניק גיסט זיך עס ווי אויף הייסע ברענענדיקע ווונדן...

מ׳האָט אין אונדזער ראָטע אויך געבראַכט עסן: ברויט און פּאָרציעס פלייש. עס פעלן שוין פיל, פיל מענטשן און אויף יעדן קומט אויס אַ טאָפּלטער חלק.

איך זיץ אָנגעלענט אין אָקאָפּ און עס. כאַ־כאַ, שוין אָפּגעוווינט. די ציין קײַען, קײַען פּאַמעלעך און האָבן קיין קראַפט נישט...

מען טראָגט פאַרביַי אויף נאָסילקעס פאַרוווּנדעטע איינע נאָך די אַנדע־רע. קיין טויטע פעלן אויך נישט. אויסער דעם, וואָס ליגט אין שכנות מיט מיר, קאָן איך, ליגנדיק, אָפּציילן מיטן אויג נאָך אַכט. און דאָס אויף גאָר אַ קליינעם שטח.

פון דער זיַיט דערהערט זיך פּלוצלינג אַ געשריי, איך הייב אויף דעם קאָפּ — איינער ליגט נישט וויַיט און וואַרפט זיך: — אויף איין מינוט בלויז פון אָקאָפּ אַרויס, ווי איך פריִער נאָך וואַסער...

מען ציט אים די זאַכן אַראָפּ — דאָס גאַנצע ליַיב אין בלוט. אין זיַיט געטראָפן. ער שריַיט משונהדיק און וואַרפט זיך קאָנוווּלסיוו. וועגן דעם וואָס ער האָט ביז איצט אין געדאַנק געטראָגן — זיַינע איבערגעלאָזטע ערגעץ אין אַ דאָרף וויַיב און קינדער — וועגן דעם רעדט ער איצט אויף אַ וויינענדיקן קול. מיט זיַינע קראַמפּהאַפטע ליפּן האָט ער פאַר אַלעמען אומבאַקאַנטע נעמען אַרויסגעבראַכט... איבער אים שטייט אַ פראַפּאָרשטשיק און וויל אים באַרויִקן; יענער אָבער הערט נישט אויף צו רעדן, קריצן מיט די ציין און וואַרפט אַלע וויַילע מאַכטלאָז די האַנט דעם פראַפּאָרשטשיק אויפן האַלדז — צי וויל ער אים האַלדזן? צי וויל ער אים שטיקן?...

שפּעטער איז ער שוין געלעגן שוויַיגנדיק און שטיל.

מיר גייען איבער אין אַן אַנדער זיַיט, נענטער צום פאָלוואַרק. קוילן פיַיפן זעלטענער, אָבער גראַנאַטן און שראַפּנעלן — איינע נאָך די אַנדערע. עס טרעפט איינע אין קייט, אַ צווייטע — און די מענטשן ווערן צעמישט און צעזייט. מ׳לויפט וווהין איינעם טריַיבט דער שיגעון. צי איז עס אַזוי גרויס די ליבע צום לעבן אָדער דער פּחד פאַר אַזאַ גרויזאַמען טויט?... ס׳אַראַ אויגן! ס׳אַראַ קאָנוווּלסיווע באַוועגונגען! מ׳לויפט אַהער, אַהין. ווער אין אַ גרוב, ווער אין קאַנאַווע, ווער הינטער אַ וואַנט — וואָס פאַר די אויגן וויַיזט זיך.

איך ליג אין אַ קאַנאַווע און גראַב זיך אין דער ערד. פון ביידע זײַטן גראַבן זיך נאָך פינף־זעקס מענטשן. שפּעטער ליג איך שוין און קוק זיך צו ווי אַרום רײַסן זיך די שראַפּנעלן. אַט רײַסט עס זיך אויף איבער אַ בוים, אַנטקעגן מיר. אַ טראַסקערײַ פון צווײַגן און אַ רויש פון צעשראָקענע פייגל, וואָס צעפליִען זיך אין אַלע זײַטן מיט אַ ווילדער צוויטשערײַ. אַנדערע פייגעלעך פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד... אין דער לופט צעפליִען זיך פעדערלעך...

אויך די פייגל האָבן דאָ קיין רו נישט: די ביימער — דאָס איז אַ גוטער ציל פאַר אַרטילעריע־קוילן. און אומעטום זעט מען זיי דאָ, די אייביק פרײַע זינגענדיקע און לוסטיקע פייגעלעך, איבער פאַרוויסטעטע פעלדער, אָן אַ היים, אָן אַ נעסט... מיט אַ צעשראָקענער צוויטשערײַ פליִען זיי דאָ אַרום...

אָרעמע, אומשולדיקע!... אַ לופטיקע פעדערלעך! — —

דער גאַנצער גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן אַרום אונדז. איינס נאָך איינס האָבן זיך דאָ און דאָרט שראַפּנעלן געריסן און די גאַנצע לופט מיט וואָלקנס רויך אָנגעפילט.

ס׳אַראַ ריזיקע קראַפט! די וועלט מוז באַלד חרוב ווערן. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די מענטשן, וואָס גראָבן זיך ווי ווערעם אין דער ערד?...

צעשטערונג, צעשטערונג!...

און פּלוצלינג — —

ז־ז־ז־ז־ז־ז־ז — —

ב־ב־ב־באַך־ך!!!...

די גאַנצע ערד האָט זיך אַ וויג געטאָן און, דאַכט זיך, דער הימל אויבן האָט אויך אַ ציטער געטאָן. ס׳איז שוואַרץ געוואָרן. דער „באַסיפּ" פון איבערן קאַנאַווע האָט זיך אָפּגעריסן און אויף אונדז אַ פאַל געטאָן. מײַן

שכן האָט עס אין גאַנצן צוגעדעקט, נאָר ביי מיר איז דער קאָפּ אין דרויסן געבליבן.

— העלפט!

דאָס האָט עמעץ פון דער זייַט אַ געשריי געטאָן צו די איבעריקע עטלעכע מענטשן, וואָס זענען אַ ביסל ווייַטער געלעגן.

מ׳האָט אונדז ווי עס איז אָפּגעגראָבן. דער אין גאַנצן פאַרשאָטענער איז נאָך דעם אויך צו זיך געקומען.

מאַכטלאָז ווי אַ קינד בין איך נאָך דעם געלעגן. אויפן געזיכט אַ קאַלטער שווייס.

גראָבן זיך ווייַטער? אָבער ווי אַזוי? ליג איך אין דער קאַנאַווע אויף דער אויסגעמישטער פייַכטער ערד אויסגעצויגן, פאַרשמוציקט, פאַרבלאָטיקט, און קלער, אַז ס׳האָט שוין אייגנטלעך געקאָנט זייַן נאָך אַלעם: דער שווערער גראַנאַט האָט פריִער געטראָפן אַ ביסל הינטער מיר און מיך בלויז פאַרשאָטן; ווען אָבער פאָרויס, עטוואָס פאָרויס?...

און עס קריצט זיך בולט אויס אין געדאַנק: אַ גרויסע, שווערע, מעטאַלענע מאַסע לאָזט זיך בליץ שנעל אַראָפּ מיט אַ טייַוולשער קראַפט און מאַכט מאַמענטאַל אַ צעמישעניש פון פלייש, ביינער, מאַרך, בלוט, ערד...

פוי, אַזאַ טויט! אַ גרויזאַמער טויט! — —

כאַ, כאַ, און דאָס טוען מענטשן, שטערבלעכע מענטשן... נישט קיין אומפאַרשטענדלעכער בייזער גייַסט, נישט קיין שׂר־המשחית מיט אַ פאַרבלוטיקטן שווערד אין האַנט, וואָס די קראַנקע פאַרשטעלונג באַשאַפט אַ מאָל; ניין, מענטשן! מענטשן פון אונדזער ערד, וואָס האָבן פון אַ מוטערס ברוסט געזויגן; וואָס האָבן אַ קינדהייט, אַ יוגנט, גליק, אומגליק, זינד און מעשׂים־טובים; און אַז זיי ווערן אַלט און אַז זיי שטאַרבן, לייגט מען זיי שערבלעך אויף די אויגן...

אָבער דאָרטן, דאָרטן איז רויִקייט און שטילקייט. דער הימל, וואָס לאָזט זיך אין האָריזאָנט אַראָפּ, פאַרשטעלט און טיילט אָפּ פון דאַנען אַ

וועלט, ווו מענטשן אָטעמען פרײַ און דער טעמפּאָ פון גאַס ווערט נישט געשטערט דורך אַ העכערן רויש... און די גאַנצע יענע־וועלט, די אַלע מענטשן, וואָס גייען דאָרט אום, זענען, דאַכט זיך, קאַלטע, האַרטע ווי שטאָל און זיי קלערן גאָרנישט אַז ערגעץ ליגן מענטשן מיט קויט און מיט בלאָטע אויסגעמישט און זענען צו ווערעם גלײַך... רעגלמעסיק טוען זיי זייער אַרבעט: עסן, טרינקען, שלאָפן, גייען, זיצן, רעדן, לאַכן... יאָ, יאָ, זיי לאַכן. איך זע זייער אײַז־קאַלטן, מעפיסטאָפעלשן שמייכל ———

— ז־ז־ז־ז־ב־ב־ב־באָ־אַך!!!

...ווען איך וואָלט אַ שמשון געווען! ווען איך וואָלט אין מײַנע הענט די זײַלן פון דער וועלט געהאַט! ———

— — — — — — — — — — — — — — — —

— אום גאָטעס ווילן, אַ ביסעלע וואַסער, דאָרט אין לוזשע.

דאָס האָט עמעץ פון דער זײַט געבעטן מיט אַזאַ רחמנותדיקער שטים, מיט אַזאַ געבעט; אָבער קיינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. דאָס זעלבע האָט איבערגעחזרט אַ צווייטער, אַ דריטער און אַזוי אַלע, ווער ס'איז נאָר אין קאַנאַווע געווען.

— האָט רחמנות, אַ ביסעלע וואַסער...

ס'האָט אַלעמען דאָס עסן פאַרשאַדט... אַ דאַנק די הונגעריקע טעג... אַגב זענען די „פּאַרציעס" געלעגן אַ פּאָר טעג.

אין האַרצן שטיקט אַ נישט־גוטקייט, שטיקט, איבלט. עס קראַמפּן אינעווייניק די געדערעם און ———

— בר־ר־ר־ר־ר!

אַזוי יעדער איינער, ווו ער איז געלעגן...

עס קערט צוריק...

— אַ ביסעלע וואַסער, אַ ביסעלע וואַסער...

— דאָ איז געפּערלעך צו ליגן. קומט!

דאָס איז איינער שפּעטער צו זיך געקומען און זיך פון אָרט אויפ־געהויבן.

— קומט! — האָט ער געוואָרנט — ווען נישט בלײַבט דאָ פון אונדז קיין זכר נישט...

מיט אים זענען אַוועק נאָך עטלעכע און צום סוף בין איך איינער אַליין געבליבן: עס רירט זיך נישט קיין פוס, קיין האַנט.

די נערוון זענען אָפּגעשוואַכט. אין קאָפּ האָט זיך איין געדאַנק אײַנ־געגעסן:

ס'וועט מיך דאָ איינעם אַליין דער טויט געפינען...

פאַר נאַכט. ס'איז טונקל געוואָרן. די קאַנאָנאַדע האָט זיך איבערגע־טראָגן ערגעץ אַנדערש. בלויז ביקסנקוילן פײַפן פון צײַט צו צײַט.

איך ליג נאָך אויף דער פײַכטער ערד, קאָרטשע זיך און ציטער פון קעלט. איך פיל ווי דאָס הויט פון מײַן געזיכט איז צו די ביינער צוגעצויגן און עס שטעכט ווי מיט נאָדלען. אין מוח מישט, טומלט.

צי בין איך נישט ערנסט קראַנק געוואָרן?

אָבער וואָס וועל איך דאָ ליגן איינער אַליין? אפשר וואָלט איך זיך צו מענטשן געקאָנט דערשלאָגן?

איך שטרענג אָן די לעצטע קרעפטן און שטעל זיך אויף די פיס. די קני וואַקלען זיך און אין קאָפּ הייבט נאָך אָן מער צו מישן. איך קריך אַרויס ווי עס איז פון קאַנאַווע און לאָז מיך גיין לאַנגזאַם, ווי אַ שיכור. גיט אַ פײַף אַ קויל פאַרבײַ, פאַרנעמט עס דאָס אויער גאַנץ גלײַכגילטיק...

נישט ווײַט נעבן אַ שטיינערנער געבײַדע זעען זיך מענטשן. איך קום

אַהין צו און טו אַ פאַל נעבן אַנדערע צוויי, וואָס ליגן עפּעס איַינגעגנורעט. איך קוק זיך צו און זיי ווערן מיר עפּעס פאַרדעכטיק: קיין באַוועגונג.

— ווער זענען זיי? — פרעג איך.

— דערהרגעטע — ענטפערט מען מיר רויִק.

איך רוק זיך פון זיי אָפּ כאַטש אויף אַ פּאָר טריט.

— מיט אַ האַלבע שעה צוריק — דערציילט מען מיר וויַיטער — האָט דאָ אַ גראַנאַט געטראָפן איבערן דאַך. איינער — אַ ייִד פון אונדזער ראָטע.

מען שלעפּט אַרויס פון זיַין אַמוניציע־זאַק דאָס קאַזיאָנע „פּאַרצייכע־ניש־ביכל" און איך זע טאַקע: קאַהאַן.

ווי געזונט און פריש איז ער געווען! זעקס און צוואַנציק יאָר...

די קעשענעס זענען שוין ביַי אים אויסגעקערטע, די זאַכן פון זיַין אַמוניציע־זאַק צעוואָרפן: — מ׳האָט אים שוין געירשנט נאָך איידער זיַין קערפּער האָט באַוויזן אָפּגעקילט צו ווערן...

דער קליינער עולם רייכערט.

— ווו האָט איר טאַביק געקריגן?

— ביַי א י ם האָבן מיר געפונען — טוען זיי אַ וויַיז אויפן טויטן קאַהאַן — ווילסט אַ פּאָר צי טאָן?

— ניין, איך וויל נישט...

עס האָט מיך אַ שוידער געטאָן נאָך דער געדאַנק אַליין: ז יַ י ן טאַביק רייכערן!...

איינער אַ גרוזין ציט אַרויס פון טאַש אַ קליינעם פּאָרטמאַנע און נעמט אַרויס פון דאָרט עפּעס אַ גלאַנציקע זאַך.

— וואָס איז דאָס?

— ציין.

אַך, ציין... צוויי גאָלדענע ציין...

ער דערענדיקט נישט, וואָס ער האָט וויַיטער געטאָן; אים איז מסתמא

אומבאַקוועם, און איך פרעג עס אויך נישט: ס׳איז מיר עקלהאַפט צו הערן די פּרטים פון זײַן טאַט...

ס׳אַראַ פאַנטאַסטישן גלאַנץ האָבן זיי געהאַט, די גאָלדענע ציין. אַז איך האָב אויף זיי אַ קוק געטאָן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז פון זייער שפּיגל קוקט אַרויס די נשמה פונעם טויטן...

— פאַר וואָס זענט איר אַזוי בלאַס?

דאָס האָט מיך געפרעגט דער פּראַפּאָרשטשיק, וואָס מחמת פּריִערדי־קער באַקאַנטשאַפט האָט ער מיר „דו" נישט געקאָנט זאָגן.

— אַ ביסל וואַסער — בעט איך מיט אַ שוואַכער שטים.

ער קוקט מיך מאָדנע אָן, דאַכט זיך, מיט מיטלײַד... נאָך וואָס קוקט ער אויף מיר אַזוי?

— ס׳וועט איבערגיין — טרייסט ער מיך — מער ווי אַ האַלבע ראָטע איז קראַנק געוואָרן. ס׳וועט פינצטערער ווערן, וועט איר דאָ נישט ווײַט אין „פּערעוויאַזאָטשני" אַרײַנגיין.

נאָך דעם שיקט ער עמעצן צו אַ לוזשע נאָך אַ ביסל וואַסער פאַר מיר.

ס׳ווערט מיר נאָך קעלטער, איך נורע זיך אײַן אין שינעל און טוליע זיך צו דער קאַלטער שטיינערנער וואַנט, אויף דער קאַלטער ערד, אין קאַלטן אָוונט, נעבן צוויי קאַלטע, פאַרגליווערטע טויטע קערפּערס — — — קאַ־אַ־לט...

פינצטער. חושך.

איך ליג אין עפּעס אַ פערדשטאַל און נורע זיך אײַן אַ ווינקל, נעבן אַ טויער. די ווענט זענען שטיינערנע און אַלע ווײַלע שלאָגן זיך פון אויסנווייניק אָן זיי קוילן און קאָנען נישט דורכהאַקן. אַ שטאַרקער שטיקנ־

דיקער ריח פון מיסט. פון דער פינצטערניש הערט זיך אַ סאָפּען און קײַען פון פערד. ווו זיי שטייען זעט זיך נישט, נאָר דאַכט זיך גאָר נאָנט.

ס'האָט זיך אָן עפּן געטאָן דאָס טויער.

צוויי סאַניטאַרן האָבן אַ „נאַסילקע" אַרײַנגעטראָגן, זי אַ שטעל געטאָן און אַליין צוריק פאַרשוווּנדן.

עס ווײַסט זיך אַ מאַרלע־באַנדאַזש גאָר נאָנט פון מיר. איך שיק אַ פראַגע צו דער „נאַסילקע", אָבער קיין ענטפער. איך הער נאָר אַן אומ־געלומפּערטן כאָרכלען מיטן האַלדז — אַזאַ שווערן, אַזאַ פּײַנלעכן. ציט ער אַרײַן דעם אָטעם אין זיך, איז אים שווער צוריק אַרויסצולאָזן; לאָזט ער אים ווידער אַרויס ווי עס איז, מאַטערט ער זיך אויף ס'נײַ אים אַרײַנצו־ציִען, גלײַך ווי די לופט וואָלט געווען אַ שווערע געדיכטע מאַסע. כאָטש איך זע נישט אין דער פינצטער, נאָר בעת־מעשׂה פיל איך ווי זײַן גאַנצער קערפּער שטרענגט זיך אָן, ווי זײַנע גלידער הייבן זיך אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ.

— פּ־פּ־פּ־פּ־כ־כ־כ...

— כ־כ־כ־כ־כ———

עס שנײַדט דאָס האַרץ ווי מיט טעמפּע מעסערס.

ס'קומען צוריק אַרײַן די סאַניטאַרן. זיי נעמען די „נאַסילקע" און לאָזן זיך גיין. ערגעץ מוז דאָ זײַן דער „פּערעוויאַזאָטשני".

איך גיי נאָך זיי.

פון אַנטקעגן לײַכט זיך אַ פענצטער מיט אַ טונקעלן שײַן.

אַ ציגל־געבײַדע פון עטלעכע צימערן. שטיקנדיק און הייס.

ווי גוט, ווי אָנגענעם! די וואַרעמקייט נעמט דורך די צעבראָכענע גלידער. אויף דער פּאָדלאָגע ליגן אויסגעלייגט מענטשן, געדיכט איינע נעבן די אַנדערע. בלויז אַ שמאָל שטיקל אָרט איז פאַראַן פאַר אַ דורכגאַנג. מ'שרײַט, מ'קרעכצט, מ'קריצט מיט די ציין. דורכן שמאָלן דורכגאַנג טראָגט

מען אײן „נאַסילקע״ נאָך דער אַנדערער. עס באַגיסן זיך מיט שווײס די סאַניטאַרן; מיד און פאַרמאַטערט איז שוין דער דאָקטער. די איבערבונדן — אײנס נאָך אײנס, און די רײ איז נאָך אַזוי גרויס. מ׳ברענגט אַלע ווײַלע אַרײַן אַלץ פרישע, אַלץ אַנדערע זיפּצנדיקע און קרעכצנדיקע, מיט פינצ־טערע פּנימער, מיט צעבלוטיקטע און צעריסענע גלידער...

וויפל קריפּלס!

די בעסטע גלידער, די ליבסטע חושים, וואָס מ׳האָט דאָס גאַנצע לעבן אַזוי טײַער געהאַלטן — צעהאַקט, צעקאַליעטשעט, צעריסן...

אָט זיצט אײנער מיט אַ פאַרבלוטיקטן אויסגערונענעם אויג — פאַר וואָס פאַר אַ זאַך וואָלט ער עס מקריב געווען?... און דער וואָס מיט בײדע איבערגעבונדענע הענט? און יענער אויפן „נאַסילקע״ מיט דער דורכגע־לעכערטער זײַט? און יענער מיט דער אָפּגעהאַקטער נאָז — דער שפּיגל פון פּנים? — און דער וואָס מיט די צעריסענע געשלעכטס־אָרגאַנען? — די אַלע, אַלע — פאַר וואָס פאַר אַ פּרײַז וואָלטן זײ זײערע חושים מיטן גוטן ווילן אָפּגעגעבן?...

עס באַפרײַט זיך אַ פּלאַץ אונטער אַ טיש און איך לײג זיך אַרונטער. ווי מיד און שוואַך איך בין. איך נורע זיך אײַן אין שינעל און ווער אַנטשלאָפן אונטער די אומאויפהערלעכע זיפצן און קרעכצן — —

עמעץ האַלט די האַנט אויף מײַן אַקסל:

— שוין איבערגעבונדן?

ס׳איז אַ סאַניטאַר.

— נישט קײן פאַרווונדעטער — ענטפער איך נישט דרײַסט — הם... אַזוי... — האָב איך געשטאַמלט.

געוואָלט האָב איך אײגנטלעך זאָגן, אַז כ׳בין קראַנק, נאָר כ׳האָב גלײַך דערפילט זײַן אומצוטרוי־בליק און האָב אַנדערש פאַרענדיקט. אַגב האָב איך זיך טאַקע דערשפּירט אַ סך, אַ סך לײַכטער און פרישער נאָכן עטלעכע־שעהיקן שלאָף אין דער וואַרעם, אונטער אַ דאַך.

איך קוק זיך אַרום — שוין האַלב־פּוסט. כמעט אַלע פאַרוווּנדעטע זענען אָדער אַליין אַוועק, אָדער מ׳האָט זיי אַוועקגעטראָגן. געבליבן זענען געציילטע.

איך שטעל מיך אין טיר — ס׳איז נאָך פינצטער, נאָר דורך דער פינצטערניש הייבט אָן עפּעס גרויעס צו שפּרייטן זיך.

ביסלעכווייַז ווערט גרויער און גרויער.

שפּעטער אַ ווייַלע ליג איך שוין ווידער אויפגעדרייט אין אַן אָקאָפּ הינטער דער זעלבער ציגל־געבייַדע.

פון אָקאָפּ הער איך ווי דער „ראַטני״ בייזערט זיך אויפן פעלדפעבל:

— ווו זענען די מענטשן?

דער פעלדפעבל רעכנט דאָרט פון אַ רייַסטער:

— דערהרגעטע — אַזוי פיל און אַזוי פיל... פאַרוווּנדעטע אַזוי פיל און אַזוי פיל... קראַנקע... פאַרפאַלענע אָן ידיעות...

— ווו זענען די מענטשן?

איך וווּנדער זיך און לאַך אין געדאַנק, וואָס כ׳בין צו זיך געקומען — צום גליק אָדער צום אומגליק... אַ פּנים, אויף מייַן אייגענעם מזל וואָלט שוין לאַנג אַריבער די מאָס פון מייַן מעגלעכקייט...

מיטן באַגינען האָט זיך אויף ס׳נייַ אָנגעהויבן דאָס זעלבע גיהנום־פייַער, די זעלבע צעמישונג. אומאויפהערלעך האָט עס געוואָיעט, געריסן זיך און געזייט אומעטום טויט און פאַרוויסטונג, און די ביקסנקוילן האָבן אַלץ אָפטער געזשומעט און אָן ציגלוואַנט זיך געזעצט.

ווידער לויפן מענטשן אום אַהער, אַהין, רעכטס, לינקס, פאָרויס, צוריק, ווי אין אַ ברענענדיקן הויז, וואָס אַלע זייַנע טירן און פענצטער זענען פאַרשלאָסן. ווידער דערהרגעטע, נאָך פריש־צאַפּלדיקע... קרעכצן פון אָקערשט פאַרוווּנדעטע...

עס לויפט אַריַין צו מיר אין גרוב מיַין באַקאַנטער פּראָפּאַרשטשיק — אַ פינצטערער, אַ פאַרשמוציקטער, אין בלאָטע. ביסלעכוויַיז פאַרשווינדט די שרעק פון זיַין פּנים; ער שמייכלט ביטער און זאָגט:

— איך פּיל, מ׳וועט מיך הרגענען. איין קויל האָט שוין מיַין שינעל דורכגעלעכערט. אָט זעט!...

ער האָט פאַרטראַכט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, מיט דער האַנט דעם שטערן זיך געריבן און נאָך דעם באַמערקט:

— איך ווייס נישט פאַר וואָס, היַינטיקס טאָג — כ׳בין מיך מודה — בין איך עפּעס מאָדנע אומרויִק... די קוילן פיַיפן עפּעס צו נאָנט פון מיר... וועט איר מיך כאָטש באַזינגען?... — גיט ער צו מיט אַ טרויעריקן שמייכל.

— ווער ווייס, ווער וועמען?...

און קוקנדיק אין זיַינע אויגן, האָב איך דיַיטלעך געזען דעם שוואַרצן שאָטן פון טויט...

— ב־ב־ב־אַ־אַ־אַך!!!

אַ גראַנאַט האָט פּונקט אַנטקעגן אין דער ציגל־געביַידע זיך אַריַינ־געריסן. פון דאַך האָבן גענומען פליִען צעשטויסענע פיצלעך און גליַיך אויף אונדז אין אָקאָפּ.

— דאָרט מוזן נאָך פאַרוווּנדעטע זיַין!

אַ צווייטער גראַנאַט, אַ דריטער! אין וואַנט, אין דאַך.

בליַיבן דאָ לענגער איז אוממעגלעך.

מ׳ביַיט די אָקאָפּעס אַלע שעה, אַלע האַלבע שעה. עס קלעקט שוין קיין כּוח נישט צו גראָבן פרישע, אָדער צו פאַרפולקומען די געפונענע. עס יאָגט אָבער דער טויט, און נישט אַזוי דער טויט גופא, ווי זיַין גרויזאַמע פאָרעם...

און פּונקט אַזוי ווי דאָרט בײַ דער בריק, רײַסט זיך ווידער אויף אַ שראַפּנעל און איך ווייס נישט, ווי אַזוי ס'האָט זיך אויף מיר נישט אַראָפּגעלאָזט אַ שטיקל מעטאַל... אינסטינקטיוו האָב איך צו דער ערד אַ פאַל געטאָן און בלויז אַ שוואַרצער שטויב פון רויך און איבערגעבערענטן פּולווער האָט מיך האַסטיק, ווי מיט זאַמד פאַרשאָטן.

# 13

די קייט ווערט איבערגעפּירט רעכטער פון פּאַלוואַרק.

מיר גראָבן אַן אָקאָפּ זאַלבע זעקסט. צוליב די קוילן גראָבט מען ליגנ־דיקערהייט. פון אויבן לייגט מען גראָבע קלעצער אַרויף, און אויף די קלעצער די אויסגעגראָבענע ערד.

אַ פרישע היים...

דאָ רוט מען שוין. די פיס קאָן מען טאָקע נישט אויסציִען, דער רוקן ברעכט — אָבער אויף אַן אָרט.

אונדזער ראָטע רעכנט זיך אין רעזערוו און מיר ליגן דאָ אַזוי גאַנצע דריַי מעת־לעת. אַ גאַנצן טאָג קוילן, שראַפּנעלן און שווערע גראַנאַטן און ביַי נאַכט קוילן אַליין. אין אָוונט, אַז ס'פלעגט פינצטער ווערן, פלעגט אין דער שטיל קומען צו פאָרן די קיך. ווי די האָז פלעגט מען אַרויסשפּרינגען מיט די קעסעלעך און אין דער גיך צוריקלויפן. אייגער באַצאָלט אויפן וועג פאַרן ביסל וואַרעמען „באַרשטש" מיט אַ פוס, דער אַנדערער מיט אַ האַנט, מיט אַ זיַיט... אָבער כמעט אַלע לויפן נאָך דעם: אַ צו שטאַרקן, אַ צו אומבאַזיגלעכן רייץ האָט עס געהאַט פאַר דעם פאַרשמאַכטן, פאַרחלשטן האַרץ!...

דריַי טעג...

דריַי טעג פון מאַרך־אָנשטרענגונג און דערוואַרטונג...

פון אַלע מוח־ווינקעלעך קומען זיי, די פינצטערע געדאַנקען, און קיין

איינציקע רגע איז די נשמה פון זיי נישט פריַי. אַפילו בײַ נאַכט אַ מאָל, ווען דער שלאָף קומט אויף אַ ווײַלע און די ברעמען שליסן זיך צו, וויקלען זיי זיך אויך, די זעלבע געדאַנקען, אַ ביסל נאָר פאַרנעפּלט, און ווערן אַלץ דיקער און פינצטערער די נעץ פון טויט — —

דרײַ טעג...

געוווסט האָט יעדער, אַז איטלעכע מינוט קאָן מען הייסן גיין אַהין, נאָך נענטער, נאָך נענטער...

פון דער הייך הערט זיך דעם באַטאַליאָנעמס שטים. ער האַלט אַ טעלע־פאָן־רערל און גיט איבער אַ באַריכט אין שטאַב אַרײַן:

— האַלב צוויי האָט זיך אויפגעהויבן איבער אונדזער פּאָזיציע דעם שׂונאס אַן עראָפּלאַן. אונדזער באַטעריע האָט אים אָבער באַשאָסן און גע־צוווּנגען זיך אומצוקערן.

איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ אַ ווײַל — ס׳אַראַ אומפּאַרכטיקער! ער שטייט אין גאַנצן ווּוּקס, רויִק און גלײַכגילטיק און רעדט געציילטע ווער־טער מיטן שטאַב. קיינעם, אַחוץ אים, איז אין דער הויך נישט צו זען. דער באַטאַליאָנער לאָזט קיינעם נישט אַרומדרייען זיך סתּם אין דער וועלט אַרײַן אונטער די פון צײַט צו צײַט דורכפלײַפנדיקע קוילן.

דער באַטאַליאָנער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן: האָט שוין באַקו־מען אַ קויל אין פוס און האָט אַפילו אין „פּערעוויאַזאָטשני” נישט געוואָלט גיין. עס רייצט אים, אַ פּנים, דער געדאַנק וועגן אַ „געאָרגי” אויף דער ברוסט.

ער לייגט אַוועק דאָס טעלעפאָן־רערל און קוקט דורך אַ בינאָקל. פּלוצ־לינג הייבט ער אָן כּמעט ווי שרײַען:

— העי, אַוּסטריאַקעס ברענען!

פון די אָקאָפּעס האָבן אַ סך אַרויסגעשטעקט די קעפּ און פאַרקוקט אין

דער ריכטונג פון דער ערשטער ליניע. אין דער ווײַטנס האָבן זיך גע־וויקלט וואָלקנס רויך אויסגעמישט מיט פלאַמען.

— העי, ס׳אַראַ פריילעכע אילומינאַציע אונדזער באַטאַרייע האָט אָנגע־מאַכט! בראַוואָ! בראַוואָ!

מ׳ליגט ווידער צונויפגעדריקט און מ׳רעדט וועגן דער העלדישקייט פון באַטאַליאָנעם.

— קיין טרוקענער וועט ער שוין נישט אַרויסגיין... — באַמערקט בריוסילאָוו.

און טימאָפייעוו האַלט אונטער:

— אַ משוגענער מענטש...

פלוצלינג ווערט פינצטער אין אונדזער אָקאָפּ: איבער דער גאַנצער איבערשטער עפענונג איז עמעץ האַסטיק אַ פאַל געטאָן, און ממש אויף אונדז אינעווייניק זיך אַ וואָרף געטאָן.

דאָס איז געווען דער אונטער־אָפיציר פיאָדאָראָוו, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט בלייכע אײַנגעפאַלענע באַקן. לכתחילה האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז ער אומגעפאַלן דורך אַ קויל, אָבער ער האָט זיך פשוט איבערגעשראָקן און צו אונדז אַרײַנגעפאַלן, און פון שרעק טאַקע איז ער אַזוי בלייך און אָטעמט אַזוי שנעל...

צוזאַמען מיטן אונטער־אָפיציר איז בײַ אונדז אין אָקאָפּ צוגעקומען אַ ריח־רע... מיר פאַרשטייען אַלע פון וואַנען עס שטאַמט: דער פחדן האָט, אַ פנים, שטענדיק מורא פון אָקאָפּ אַרויסגיין אויף אַ ווײַל...

דער עולם בײַ אונדז אין אָקאָפּ הייבט זיך אָן צו וויצלען אויף זײַן אַדרעס.

— אַ העלד איז געווען דמיטרי — רופט זיך אָן אַ בערדיקער פויער:
— האָט קיין מאָל נישט מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון אָקאָפּ. נעכטן בײַ נאַכט איז ער טאַקע געקומען צוריק צו לויפן מיט אַ קויל אין איין האַנט

און אין דער אַנדער האַנט האָט ער געהאַלטן די תחתונים... ס'האָט אים אין מיטן דערינען געטראָפן...

— און דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ פּראָסטער ריאַדאָוואָי — כאַפּט אונטער בריוסילאָוו: — פאַר אַן אונטער־אָפיציר פּאַסט אַוודאי נישט צו באַגיין זיך ווי אַ צוויי־יאָריק קינד...

— דאָ איז אַ שרעקלעכע ענגשאַפט! — שרײַט טימאָפייעוו.

— מײַנע פיס, איר זיצט אויף מײַנע פיס, גאָספּאָדין אונטער־אָפיציר!

ס'האָט אים יעדער געגעבן אַנצוהערעניש, אַז ער איז אַן איבעריקער. ער האָט געשוויגן ווי די וואַנט און מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן. לסוף הייבט ער זיך אויף, פּרוּווט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ און צוריק אַרײַנ־כאַפּן.

— דרײַסטער, דרײַסטער! — קאָמאַנדעוועט דער בערדיקער.

דער אונטער־אָפיציר כאַפּט זיך אַרויס און אַנטלויפט ווי אַ דערשראָ־קענער האָז...

בײַ אונדז ברעכט אויס אַ געלעכטער.

— אין קאַזאַרמע — דערציילט מײַן יידישער שכן — איז ער אַ גאַנ־צער העלד געווען. איין מאָל איז אים מײַן „פּאַיאָס" נישט געפעלן געוואָרן און ער האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ זעץ אין „בליאַכע", אַז כ'האָב געמוזט פון „סטראָי" אַרויסגיין. יאָ, יאָ, דאָרט איז ער אַ העלד געווען...

— וואָס לוינט אים טאַקע צו שטאַרבן? — פרעגט דער בערדיקער פויער — מסתּם וואַרט אויף אים אַ מיידל אין דאָרף.

— נו און פאָטערלאַנד?... — באַמערקט ווער.

דער בערדיקער פויער צינדט זיך אָן:

— „פאָטערלאַנד"!... אונדז, בהמות, שיקט מען צו דער שחיטה און די אַלטע, וואָס האַקן אַ טשײַניק: „פאָטערלאַנד", פרעסן ערגעץ און זויפן און לאָזן זיך וווילגיין אויף אונדזער חשבון... דאָס זענען הינטישע לעבערס!

דעם דריטן טאָג הערט מען פּלוצלינג דעם באַטאַליאָנעמס שטים:

— רייניקן די פּאַרראָסטע זאַטוואָרן! די שטיקעס!

און נאָך דעם איז אַ פאַרנאַכט אָנגעקומען — אַ גרויזאַמער, פול פּיַין און אימת־מוות. ווילד האָט אַרום דער טויט געהערשט. די שווערע גראַנאַטן האָבן ווי בלוטדאָרשטיקע שרעקלעכע חיות געוואָיעט און ווו נאָר זייער ווילדע קראַפט און צאָרן האָט געטראָפן, האָט זיך אַ גאַנצער ערדנעפּל אויף צענדליקער מעטער אין דער הייך געהויבן און די ברייטע טיפע גרוב, וואָס איז דערבייַ אויסגעגראָבן געוואָרן, איז מיט וואַסער פול געוואָרן...

אַזעלכע גריבער זענען אַרום אונדז אַ סך, אַ סך געוואָרן... מענטשן האָבן זיך אין זייערע גריבער פעסט, פעסט צו דער ערד געדריקט... נאָר יעדע ווייַלע האָט שרעקלעך אַ דונער געטאָן און די ערד אַליין האָט אויך אָנגעהויבן צו ציטערן פון אימה, און די הערצער, וואָס האָבן זיך קלאַפּנדיק געדריקט צו איר, האָבן נאָך שטאַרקער דערשפּירט די שוצלאָזיקייט, די הילפלאָזיקייט...

ביז רעכט פינצטער האָט עס געדויערט... דאַן איז די קאַנאָנאַדע אַנט־שטילט געוואָרן, און ווער ס׳האָט פון דער ערד דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט, האָט אָנטקעגן ברייטע, גרויסע פלאַמען געזען... אַנטקעגן... לינקס... רעכטס... ווי אימהדיק ס׳האָט אויסגעזען... ווי איינזאַם און ווי טרויעריק!... דאָס אָנגעשטרענגטע אויער האָט ווייַטע עלנטע קרעכצן פאַרנומען — —

ווער וויינט עס דאָרט אין פעלד?...

## 14

אין מיטן נאַכט.

ווי שטומע געשפּענסטער באַוועגן זיך מענטשן און טאַפּן שטילערהייט מיט די טריט אין דער פינצטערניש. אונטער די פיס — גריבער, טיפע און ברייטע גריבער פון גראַנאַטן, מיט וואַסער אָנגעפילט...

טאָלן, בערג, קאַנאַוועס.

עס פייַפן קוילן פאַרן אויער, און איטלעכער איז שטיל, שווייַגנדיק און אָנגעשטרענגט.

אָקאָפּעס.

איינציקע אָקאָפּעס, אָפּענע.

דאָ איז די צווייטע ליניע.

איך קריך אַרייַן אין אַ גרוב, מאַך זי טיפער און לענגער און צי זיך אויס. אויבן — אַ פינצטערער אומעטיקער הימל, אָן אַ שטערנדל. דאָס קוילן־פייַפעריי פון אויבן איז דאָ באַזונדערס אימהדיק.

איך באַטראַכט אין דער פינצטער מייַן פּירקאַנטיקע נאָרע — אַן אמתער קבר: לאַנג, שמאָל און פינצטער. אין קבר וועל איך אויך ליגן און אויך אַזוי פינצטער וועט דאָרט זייַן און פון אויבן וועלן קריכן ווערעם, בלינדע, דאָרשטיקע, עקלהאַפטע.

שלאָפן וועל איך שוין הייַנטיקע נאַכט, ווייַזט אויס, גאָרנישט — קאַלט. און טאָמער הייבן זיך אָן ווי עס איז צו שליסן די מידע ברעמען, ווערט באַלד דער דרימל ווי שפּינוועבס צעריסן: איבערן לייַב קריכט עפּעס מיאוסעס און איבלדיקס... בר־ר־ר!

עס בליצט־דורך — —

אַ יונגער־מאַן, מאָדיש געקליידט, ווײַסע, זײַבערע האַרטע וועש, הוט, הענטש...

בין איך עס דען געווען ?... אָט דער זעלבער, וואָס ליגט איצט אָט דאָ, אין דער פינצטערער גרוב, אין שמוץ און אין עקל ? איז מעגלעך אַזאַ פאַרוואַנדלונג ?...

אַ די פּאַראַזיטן ! — —

לאַנגזאַם איז דאָס פינצטערניש שיטערער געוואָרן און ס׳וועדט ליכטי־קער.

דער טײַוול עפנט זײַן מויל און באַגריסט דעם טויטן בלייכן פרימאָרגן. כ׳האָב פלוצלינג די אויגן געעפֿנט — —

אַך, חלומות ?... אָדער האַלוצינאַציעס פון מײַן קראַנקן אויסגעמאַטערטן מאַרך ?... ווי בין איך זיי אָבער דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זיי האָבן מיך כאָטש אויף מינוטן אָדער שעהען פון דאַנען אַוועקגעטראָגן...

קאַלט. ווען נישט די קעלט, וואָלט איך אפשר לענגער געשלאָפן. ווי גוט עס האָט זיך געפילט מײַן נשמה. וואָלטן זיי געקומען נאָך מער, די חלומות, ווי די יונגע זינגענדיקע שוואַלבן אין פרילינג... וואָלטן זיי אַ ביסל לענגער דאָס פאַרלוירענע געוויזן, דאָס פאַרשווונדענע אומגעקערט ! — —

געשלאָפן בין איך, ווײַזט אויס, אַ היפּשע צײַט ; די חלומות זענען אייבע נאָך די אַנדערע געקומען און אַלע געדענק איך אַזוי קלאָר ; אַלע האָבן זיך אין זכּרון אײַנגעשניטן...

דײַטלעך האָב איך געזען מײַן לעצטן צימער אויף דער פרײַהייט. די בלויע ווענט, די עטאַזשערקע מיט ביכער, די קונסטבילדער און באַזונדערס האָט איצט מײַן אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן „דער פישער־טרוים“. אַ יונגער פישער דרימלט אין אַ שיפל, וואָס טראָגט זיך אויף די וועלן פון

שטילן טײַך. פונעם וואַסער דערהייבן זיך וואַסער־פּייעס, ווײַסע שלאַנקע מאַרמאָרנע לײַבער און צעפּלאָסענע האָר. זיי רינגלען אַרום דאָס שיפל און מאַנכע קלעטערן אין דער הייך אויף די ראַנדן און רינגלען אַרום דעם טרוימענדיקן פישער...

נאָך דעם בין איך אין עפּעס אַ קרײַז פון אַ סך באַקאַנטע אַרײַנגע־פאַלן. פרײַנד, פרײַנד, פרײַנד... ליכטיק און פריילעך ברענט דער גאַז, היימיש און פרײַ זיצט מען אויף די פון אונטער די שוואַכע בעטלעך אַרויס־געקוקטע „קאָרזינקעס"... אַן אָוונט פון מוזיק... שטיל און פאַרחלומט גיסן זיך טענער פון אַ פידל...

— בראַוואָ!

— בראַוואָ!

— וויוואַט!...

באַוועגונג. יונגער געלעכטער. עקסטאַז!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

פון מיטן דער דאָזיקער היימישער אַטמאָספערע האָב איך מיך אין אַ נישט גרויסן אָנגענעמען צימערל דערזען... אָוונט. אַ טונקעלע ליכטיקייט פון אַ בלויען אַבאַזשור. אין אַלע ווינקעלעך איז די זאָרג פון אַ מיידלשן בליק קענטיק געווען. פאַרשידענע בילדער און סטאַטועטקעס. אַ פרישער לעבעדיקער בלומען־בוקעט האָט אַ פאַרשיכּורנדיקן אַראָמאַט אַרויסגעגעבן, און ס'האָט מיך דורכגעדרונגען אַ ווייכע, גלעטנדיקע בענקשאַפט... איך דערנענטער זיך צום דיוואַן — אַ פרויען־געשטאַלט. אַ נאָנטע און צו גלײַך אַ פרעמדע. איך האָב זי, דאַכט זיך, ווען שוין געזען און קאָן מיך נישט דערמאָנען ווען און ווו. אַלע אירע שטריכן זענען עפּעס אַזוי באַקאַנט, אַזוי ליב, און אָן שום קווענקלעניש בין איך צו איר צוגעגאַנגען און דרײַסט איבער איר זיך אַנידערגעשטעלט. מײַן לינקע האַנט האָב איך געהאַלטן אויף איר רעכטן אַקסל און די רעכטע האָט זיך געפּלאָנטערט אין אירע

ווייכע צעפלאָסענע האָר... און די אויגן... ס׳אַראַ סודותפולע אויגן! כ׳האָב נאָך אויף דער וואָר קיין מאָל אַזעלכע אויגן נישט געזען. אין זיי איז געווען אי ליבע, אי בענקשאַפט, אי אומעט, אי טרויער — אַ ספינקס! איך האָב שטום אַריינגעקוקט אין זייער אומענדלעכקייט און בין אין גאַנצן פאַר־שלונגען געוואָרן.

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זי זיך מיט אַ מאָל יונג פונאַנדערגעלאַכט און איר יונגער עלאַסטישער קערפּער האָט זיך גראַציעז אָנגעהויבן באַוועגן און די אַנטבלויזטע שוואַנען־ווייסע הענט האָבן זיך ווי צויבערלעכע שלאַנ־גען געבויגן...

— האַלט אָפן די אויגן! — האָבן מיינע ליפּן שטיל געשעפּטשעט.

— כאַ, כאַ, כאַ! ———

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָ בין איך ווידער ערגעץ פאַרוואַנדלט געוואָרן, ווייט, ווייט פונעם קליינעם כישופדיקן צימערל...

און ס׳טוט מיר איצט אמתדיק באַנג. פאַר וואָס האָב איך זי נישט געקושט? פאַר וואָס האָב איך נישט געקושט די אויגן, די ליפּן, די שמעקע־דיקע האָר? ——— ווער ווייס, אפשר האָב איך עס איצט אין חלום צום ל ע צ ט ן מאָל דעם געשפּענסט פון אַ פרוי געזען? ——— אפשר וועל איך שוין אויף דער וואָר נישט פילן מער נעבן זיך דאָס וועזן, וואָס גראָבט אין אונדז קוואַלן פון גרענעצלאָזן גליק און אומענדלעכעליידן? ———

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער גוטער סודותפולער מלאך פון חלומות האָט מיך אויף זיינע גרינגע פליגלפליגל אומבאַמערקט אויך אין שטעטל געבראַכט.

אַ שיינער זומערטאָג. פון בלויען אומענדלעכן הימל־ים האָבן זיך שטראָמען ליכטיקייט געגאָסן. די שטענדיק נידעריקע הילצערנע הייזלעך האָבן זיך ווי העכער צום הימל אויפגעהויבן. ווייס און וואַרעם זענען די

שטיינער געוועזן. שטאָלץ און נחתדיק זענען די גאַסן געלעגן צופרידענע, וואָס איבער זיי איז אַזאַ בלענדנדיקע העלקייט... און איך? איך בין דאָ פון ערגעץ ווײַט, ווײַט געקומען — איך ווייס נישט פון וואַנען — און גיי אַרום אָן ציל און אָן אויסרעכענונג, אַ גליקלעכער, אַ פריידיקער איבער דעם יום־טובדיקן שטעטל. פאַר די אויגן — אַזעלכע פריידיקע פּנימער, אַלע אַזעלכע נאָענטע, אַזעלכע מילדע, ווי פון איין גליקלעכער מאַמע, וואָס האָט איטלעכן מיט אַזוי פיל לעבנספרייד אויף דער וועלט געבוירן... און הינטער די הײַזער, אויפן פעלד — ס׳אַראַ ברייטקייט, ס׳אַראַ רחבות. אַ גרינער יום־טוב! עס ציט מיך, עס רייצט מיך, איך גיי איבער וועגן, איבער פעלדער און לאָנקעס. ווי ליכטיק, ווי העל, ווי גרין! אַפילו דער בית־עולם, דאָס אייביקע בערגל, וואָס ליגט אין דער זײַט, האָט אויך אַ מונטערן אויסזען באַקומען. ברייט און לאַנג שלענגלט זיך זײַן מיט גראָז באַוואַקסענער שטיינערנער פּאַרקאַן און דער גרויסער הילצערנער טויער זעט גאָר נישט אויס ווי אַ טויער, דורך וועלכן מען גייט שוין קיין מאָל צוריק נישט אַרויס... רויק און שווײַגנדיק האָבן די מצבות פון צווישן די געדיכטע שטרויכן אַרויסגעקוקט, און ליכטיקע נשמות פון דורות־לאַנג פאַרשטאָרבענע האָבן איבער זייערע פאַרזונקענע גרינע קברים אַרומגעשוועבט... און געפילט האָט זיך ווי אַלץ גרייט זיך צו תחית־המתים — —

ווי ליכטיק איז אַלץ, ווי העל, ווי גרין!... כ׳בין שיכור... איך שפּרייט מײַנע אָרעמס און וויל די גאַנצע וועלט אַרומנעמען — ווי ליב איך האָב זי, ווי ליב, ווי ליב! — —

נאָר אַנשטאָט די ברייטקייט פון דעם ליכטיקן טאָג האָבן מײַנע אויסגעשפּרייטע אָרעמס די פּײַכטע, קאַלטע ערד פון מײַן „אָקאָפּ" אַרומגענומען, און איך האָב די אויגן געעפנט...

גרויער ווערט אין דער הייך דער הימל. אײַנציקווײַז לעשן זיך די שטערן און פאַרגייען.

קאַלט... ווי אַלץ איז אומזיניק!

איך אַליין — דער ערדוואָרעם — דער הימל, די שטערן, די זשומערײַ פון די קוילן — אַלץ איז אומזיניק, אומזיניק...

אומזיניק, קאַלט און טויט...

אָבער אינעווייניק טיף, טיף אינעווייניק גראָבט זיך אַ הייסער, אַ ברענענדיקער פאַרלאַנג — —

לעבן!

אַך, עס ווילט זיך לעבן... צו ווייניק עס אויסגענוצט, צו ווייניק...

אַך, לעבן, לעבן!

עס בלייכט שוין דער אויסגעמוטשעטער הימל און ס'פאַרגייען שוין די לעצטע אויסגעמאַטערטע שטערן.

ביסלעכווײַז ווערט ליכטיקער און ליכטיקער און ס'באַווײַזט זיך אויך די זון, אַ קילע, אַ בלאַסע, מיט אָנמאַכטיקע שטראַלן. פאַר די זיבן טעג אָבער (ס'איז שוין דער זיבעטער טאָג!) איז נאָך אַזאַ אויך נישט געווען. און מערקווערדיק, קיין איינציקער שאָס, קיין איינציקער זשום, גלײַך ווי די גאַנצע זאַך וואָלט גאָר געווען אויסגעטראַכט פון משוגעים.

האָט עס נישט אַ מאָל דער פרימאָרגן געווירקט?...

פונעם שכנישן אָקאָפּ דערהערט זיך די גרילצנדיקע שטים פון מײַן „מוזיקאַלישן שכן:

— פוסקאַי מאָגילאַ מעניאַ נאַקאַזשעט *.

ווײַזט אויס, אַז די קאַרגע ליכטיקייט פון דער האַרבסטיקער זון האָט אים „סענטימענטאַל" געמאַכט...

מ'קריכט אַרויס אַ ביסל אין דער הייך, מ'גלײַכט אויס די ביינער און מ'קאָכט אַפילו טיי אויף קליינע שײַטערס אין די אָקאָפּעס.

---

* זאָל אַ קבר מיך באַשטראָפן.

איך פאַרבעט אײנעם צו מיר אין אָקאָפּ אויף טיי (בײַ מײַן שטענדיקן יידישן שכן האָט שוין אַ קויל דורכן האַלדז דורכגעשפּאַצירט).

מײַן „גאַסט" זעט אויס גאַנץ לעכערלעך. דאָס געזיכט פול בלאָטע, דאָס היטל צעקנייטשט; דער דאַשעק הענגט אויף עטלעכע נעט און די הענט, אין װעלכע ער האַלט דעם בלויען קוביק טיי, האָבן גאָרנישט קיין לײַבקאָליר. ער זופּט דאָרשטיק דעם טיי, סמאַקעװעט זיך און בײַ יעדן װאָרט דערמאָנט ער גאָט.

— גלייבט איר אין אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה?

ער קוקט מיך אָן תּמעװאַטע.

— גלייבט איר — פרעג איך קלאָרער — אַז װען דער מענטש שטאַרבט, בלײַבט זײַן נשמה לעבן?

מײַן גאַסט שאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך גלייב, איך גלייב אין גאָט.

— גלייבט איר — פרעג איך װײַטער — אַז נאָכן טויט, אין קבר, הייבט זיך אָן דאָס נײַע, דאָס א מ ת ע לעבן?

— איך גלייב, איך גלייב.

— טאָ פאַר װאָס שרעקט אײַך אַזוי דער טויט?... פאַר װאָס װען איר רעדט װעגן טויט, דערמאָנט איר מיט ציטער גאָטס נאָמען?

— אָבער דער גוף, דער גוף... — װיל ער מיר עפּעס ענטפערן און כאַפּט זיך באַלד צוריק — טרינקט טיי. ס'װערט דאָך קאַלט.

— כ'װעל טרינקען, כ'װעל טרינקען... זאָגט מיר דעם אמת, זענט איר זיכער?...

דער טײַװול כאַפּט זיך פלוצלינג װידער אויף.

מײַן שכן שפּרינגט אויף:

— איך לויף אין מײַן אָקאָפּ. מײַנער איז מיט אַ שטיקל צודעק.

די וואָס זענען אין דער הייך געשטאַנען, פליִען אײַלנדיק צוריק — —
צוריק, צוריק אין די קברים!
איך טראַכט: ווי גליקלעך דאַרפן זײַן די אמתע גלייביקע. ווי גוט,
ווי גוט עס איז ווען מ׳גלייבט, אַז טויט איז נישט אייביקע נאַכט,
פוילעניש, ווערעם! — —

# 15

ביי טאָג איז איבערגעגעבן געוואָרן מ׳זאָל זיין אָנגעטאָן און גרייט — ערב אַן אַטאַקע...

שנעלער, האַסטיקער האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן צו קלאַפּן. די באַוועגונגען אומרויִקע, נערוועזע. גיפּטיק און פּיינלעך האָט אַ פאָרגעפיל זיך געגראָבן אַלץ טיפער און טיפער...

ווידער איך גאַנצן ווזקס אַנטקעגן טויט.

איך בין דאָך געזונט. איך פיל ערגעץ קיין ווייטיק נישט. איך בין אפשר באַשאַפן געוואָרן צו אַ לאַנג לעבן — —

איך וויל נישט שטאַרבן!

...פאַרשטיינערט איז דאָס האַרץ. כ׳בין האַרט, דאַכט זיך, ווי שטאָל. — מיינע אויגן וואָלטן, דאַכט זיך, גלייכגילטיק געקוקט אויף אַלץ, אויף אַלץ, אַפילו אויף די מעשׂים פון די פאַרבאָרגענע אינקוויזיציע־היילן... נאָר דאָך ווער איך גערירט און דאָס האַרץ שמעלצט זיך, שמעלצט זיך און צעגייט פון די געדאַנקען, וואָס קומען ווי פון זיך אַליין, פון אַ פאַרבאָרגענעם קוואַל...

עס זעען די הפקר־פאַרקלערטע בליקן:

...אַ טויטער פאַרגליווערטער קערפּער אויפן פעלד... נאַכט... טאָג... ווינט... רעגן... באַמערקט עמעץ, קערט ער זיך אָפּ מיט עקל... און דאָרטן, דאָרטן אַזוי פיל נאָענטע... ביי זיי אין האַרצן טליִעט נאָך אַ האָפענונג:

ער לעבט... מיר וועלן אים זען... כאָטש אַ שטיקל בלײַ האָט שוין דאָ אויפֿן פעלד זייער האָפֿענונג צעריסן...

און ווען איטלעכער, איטלעכער, וואָס וואַלגערט זיך דאָ אונטערן פרײַען הימל, וואָלט צווישן זײַנע נאָנטע, אין אַ שטוב, אויף אַ ביסל שטרוי געלעגן... ימים טרערן וואָלטן איבער אים פֿאַרגאָסן ווערן, קעפּ וואָלטן טרויעריק צו דער ערד געזונקען, הענט וואָלטן זיך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און צער פֿאַרבראָכן און פרויענהאָר וואָלטן צעשויבערט און ווילד איבער זײַן שוואַרצן צודעק זיך געוויגט... ער וואָלט הייליק געווען... אַרום וואָלטן נשמה־ליכט געברענט און מענטשן וואָלטן מיט יִראת־הכּבֿוד אויף די שטומע סודותפֿולע באַלויכטענע פענצטער געקוקט און ערנסטער, פֿאַרטראַכטער, שווײַגנדיקער געוואָרן... און אַ לוויה... שוואַרץ וואָלט די גאַס פֿון מענטשן געווען... אַלע וואָלטן זיך פֿאַרטראַכט נאָך דער מיטה געצויגן און באַגלייט צו דער אייביקער רו... אויפֿן בית־עלמין וואָלט אַ מצבה געווען — אַ זכר אויף דורות...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ טויטער, פֿאַרגליווערטער קערפּער אויפֿן וויסטן פעלד...

...ווי אַ מתנה פֿינצטערע קראָען זענען זיי מײַן מוח באַפֿאַלן, די שוואַרצע געדאַנקען...

ווי אײַז אַנטקעגן זון שמעלצט זיך עס, דאָס האַרץ, נאָר דאָס אויג, דאָס אויג קאָן נישט פֿײַכט ווערן, אָנגעשטרענגט און ווי פֿאַרגליווערט איז דער בליק...

גיי איך נישט פֿון זינען אַראָפּ? ———

וואָס שווײַגסטו, קאַלטע, פֿײַכטע ערד? פֿאַר וואָס איז אַזוי שטום, קאַלט און טויט דײַן ברוסט? ענטפֿער, ענטפֿער וואָס וועט שפּעטער זײַן?

שפּעטער, שפּעטער מיט שעהען, מיט מינוטן?... אָדער אפשר וועל איך נאָך פריִער פון זינען אַראָפּ? — — —

אָ קאַלטע, קאַלטע ערד! צי וועל איך מאָרגן שוין נישט פילן דײַן קאַלטקייט? אָ האַרטער שטאָלענער הימל! צי וועל איך נאָך דער הײַנטיקער נאַכט שוין נישט זען דײַן גלײַכגילטיקע, שטומע פאַרב? — — —

...רויִק און גלײַכגילטיק, ווי אַ גזלן, האָט זיך דער טאָג אַלץ ווײַטער געררוקט, און דאָס גרויזאַמע איז אַלץ נענטער, נענטער געוואָרן און ווי אַ געשפּענסט בײַם צוקאָפּנס זיך געשטעלט...

אומבאַוווּסט נאָך וואָס, נעם איך אַרויס אַ קליין שטיקל שפּיגלגלאָז און קוק דערין אַרײַן. — איך דערשרעק מיך פאַר זיך אַליין: שמוציק, געל, פאַרוואַקסן! בין איך עס אָט דער זעלבער, וואָס טראַכט, פילט, פּײַניקט זיך? אָט דער דאָזיקער מיט די אײַנגעשרומפּענע שרעקלעכע אויגן — בין איך עס? אָט דער זעלבער — איך, איך! — וועט עס באַלד גיין מיט שאַרבן, ברוסט און אַלע גלידער אונטערן פּײַערדיקן מעטאַלענעם רעגן און מאָרגן... מאָרגן — אפשר ווי די אַלע פאַרגליווערטע, צעזייטע אויף די פעלדער? — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

...ס׳איז שוין פינצטערלעך. די שיסערײַ ווערט אָבער אַלץ שטאַרקער און פאַרביסענער. אַ מין פאַרצייכן... עס פאַלן גראַנאַטן גאָר נאָנט און הייבן אויף גאַנצע וואָלקנס ערד אין דער לופט. קוילן פליִען זאַלפּנווײַז און אונטן אין אָקאָפּ ווערט אַזוי פינצטער, אַזוי גרויזאַם... אָט שיט זיך אַרויף אויף מיר אַ היפש ביסל ערד פונעם „נאָסיפּ״ — דאָס האָט אַ שטיק מעטאַל אַ שמיץ געטאָן. אָבער איך לעב! אַ נישט קיין פעסטער קלאַפּ נאָר פון דער ערד.

זאָל איך גלייבן, האָפן?...

# 16

...אָנגעהויבן האָט עס זיך בײַ נאַכט. שטיל און אָן רעש איז מען פון די גריבער אַרויס און שטיל און אײַנגעבויגענערהייט האָט מען זיך צו „זיי" געלאָזט... און מערקווערדיק! ס׳איז לחלוטין שטיל געווען. קיין איינציקער ביקסנשאָס אַפילו.

אַ האַרטע שטים:

— פאָרויס!

ווי קאַלטער שטאָל האָט עס געקלונגען און דאָס בלוט געגליווערט. ס׳איז, דאַכט, די שטים פונעם פאַטאַלן, פונעם אומפאַרמײַדלעכן, וואָס מוז קומען...

אין איין האַנט, אין דער רעכטער, האַלט איך די ביקס, אין דער לינקער — דאָס רידעלע.

פאָרויס, פאָרויס...

די זײַטיקע פון מײַן „זוועגנאָ" זע איך נישט. איך הער נאָר זייער אומרויִק איבערלויפן.

שטיל. אַ פאַרדעכטיקע שטילקייט...

נענטער, נענטער...

ש־ש־ש...

און אין איין אויגנבליק האָט זיך אַנטקעגן ווי אַ גאַנצער ברייטער געדרייטער פאַס אין פײַערדיקע בליצן אָנגעצונדן און די פאַלשע שטילקייט איז ווי צעפּלאַצט געוואָרן — —

— טאַ־טאַ־טאַ־טאַ...

— טר־ר־ר־ר־ר...

און פון אויבן אין דער טונקלקייט...

— זו־זו־זו־זו־זו — —

די גאַנצע ערד, דער הימל, די נאַכט, די מענטשן — אַלץ, אַלץ איז פּלוצלינג פון זינען אַראָפּ, אַלץ איז אין ווילדן, טײַוולשן שפּיל אַרײַנגע־צויגן געוואָרן...

— זשיק! זשיק! זשיק!

עס מישט אין קאָפּ. אונטער די פיס פּלאָנטערט זיך עפּעס. איך פאַל און שטיי אויף און לויף ווײַטער, פאַל און שטיי אויף...

— זשיק! זשיק!

— זש־זש־זש־זשיק!!!

ס׳האָט עפּעס מײַן לײַב אַ ברען געטאָן. איך לויף משוגענערווײַז און פאַל — —

אָ, ווי עס ברענט מײַן לײַב!

עס גיסט זיך עפּעס אַ וואַרעמע, אַ רויטע פליסיקייט...

בלוט! בלוט! — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# 17

...אַ הייסער, ווילדער קאָשמאַר פון ווילד־פרעמדע מאוימדיקע קולות, גרילצן, קרעכצן אין פינצטערניש... עס שטיקט און עס מאַטערט און עס פּײַניקט... עס באַוועגן זיך מענטשן אַזעלכע משונהדיקע, אַזעלכע אומזיניקע, מיט אַזעלכע ווילדע, פלאַמיקע אויגן! און אַלע פּײַניקן זיי איינע די אַנדערע, און אַלע קריכן זיי און טרעטן איינע אויף די צווייטע ווי די בלינדע ווערעם... עס קראַמפּן זיך צייך, עס פאַרדריקן זיך ליפּן פון יסורים און פאַרביטערונג, און עס גיבן זיך אַרויס פאַרשטיקטע קלאַנגען פון פלוך און גאַל — — סקעלעטן און צעלעכערטע שאַרבנס...

אין דעם ווילדן מישמאַש, אין דער אומגעלומפּערטער טײַוולשער כוואַליע פלאָנטערן זיך סקעלעטן מיט פאַרטריקנטע, אויסגעדאַרטע שוואַרץ געוואָרענע ביינער... עס וואַלגערן זיך אומעטום גאַנצע קופּקעלעך צעלעכערטע, פּוסטע שאַרבנס. זייערע פינצטערע אויגנלעכער ווייען מיט שווידער־לעכן קעלט... דאָס קנאַקן פון ביינער ווערט אויסגעמישט מיט גסיסה־זיפצן... אונטער די ווילדע, צעמישטע טריט פון די לעבעדיקע קײַקלען זיך איינע נאָך די אַנדערע די צעלעכערטע שאַרבנס...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...עס רוישן און עס קלאַפּן אײַזערנע רעדער... עס טאַנצן און עס פליִען אין אומענדלעכן קרײַזביימער, פעלדער, הײַזער, בערג, טײַכן... פּײַנלעך מישט זיך און עס ברענט דער מאַרך, און ווי אַ שווערע בלײַענע מאַסע

דריקט עס דעם קאָפּ אויף עפּעס נידעריקס, אומברחמנותדיק־האַרטע און אַלץ וויגט זיך אין הייסן ברענענדיקן קאַשמאַר...

— — — — — — — — — — — — — — — —

וווּהין פליִען עס אַזוי משונהדיק די פעלדער, די בערג ?... וווּהין אַנטלויפן עס די ריזיקע וועלדער ?...

ווי זי אײַלט, ווי זי יאָגט זיך, די משוגע געוואָרענע ערד — —

אַך, איך ווייס שוין! כאַ־כאַ־כאַ, איך ווייס שוין! אַהין, אַהין צו די הימלברעגעס פליט זי עס, די משוגענע ערד. דאָרט וועט, מסתמא, אַן אָרגיע זײַן, אַ טײַוולשע אָרגיע צווישן ע ר ד און ה י מ ל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

...איך עפן אויף די אויגן און קוק מיט איבערראַשונג: איך ליג אין אַ בעטל — ווײַס, זויבער, ריין און ליכטיק. איבער מיר שטייט עפּעס אַ ווײַסער שאָטן פון אַ יונגפרוי. אין גאַנצן אין בלענדנדיקער ווײַסקייט, ווי אַ מלאך. אויף איר ברוסט אַ שאַרף־רויטער קרייץ. פון איר געזיכט קוקן אויף מיר גלײַך אַראָפּ צוויי בלויע, הימל־בלויע אויגן...

זי לייגט אַרויף איר קליין צאַרט הענטל אויף מײַן שטערן און רופט אויס ווי צו זיך אַליין.

— גאָט מײַנער, ס׳אַזאַ הייסער קאָפּ!

איך קוק אויף איר שטאַר און פאַרוווּנדערט:

— ווער ביסטו, זאָג, איך גלייב דיר נישט! — —

אַמדור, 1916

# 1

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— זש־זש־זש־י־ק! — —

ס׳האָט עפּעס האַסטיק אַ ברען געטאָן. דאָס רידעלע איז פון מײַן האַנט אַרויסגעשמיסן געוואָרן...

ווי עס ברענט!

עס גיסט זיך עפּעס אַ וואַרעמע, אַ רויטע פליסיקייט — —

אַ קויל — —

איך פאַל אינסטינקטיוו אויף די קני.

מײַן האַנט! אַן עלעקטרישער שטראָם איז איבער איר פּלוצלינג דורכגעגאַנגען און זי האָט זיך ווי אין אַ הייסער פלאַם אָנגעצונדן.

די גאַנצע האַנט איז שוואַרץ, פאַרגאָסן מיט אַ גלאַנציקער פליסיקייט...

וווּ האָט עס געטראָפן? איך ווייס נישט. די גאַנצע האַנט איז פאַרגאָסן, די גאַנצע האַנט איז עלעקטריזירט...

מײַן שטים האָט אין דער פינצטערניש אַרײַן געציטערט:

— סאַ־ני־טאַ־אַר!

אָבער אין גיהנום האָט קיינער נישט געהערט, און קיינער האָט זיך נישט געוויזן.

אַ געדאַנק האָט אין קאָפּ אַ בליץ געטאָן:

— צוריק!

איך בין שרעקלעך אויפגערעגט און צעמישט. ווילדערהייט בין איך איבער די פינצטערע פעלדער געלאָפן. לכתחילה האָב איך נאָך אין דער געזונטער האַנט די ביקס געשלעפּט, געדענקענדיק אַ שטרענגע פּאַראָרדע־נונג, אַז פאַרוווּנדעטע זאָלן די ביקסן אויף הפקר נישט איבערלאָזן. אָבער ווען דאָס ברענעניש אין האַנט איז שאַרפער געוואָרן און די נערוון זענען געוואָרן דערשיטערט, האָב איך די ביקס אַ הייב אויף געטאָן אין דער הייך און מיט צאָרן און קללה עס אין דער פינצטערניש אַ שלײַדער געטאָן — —

און ס׳האָט זיך מיר בעת־מעשׂה אויסגעוויזן, אַז דעם דאָזיקן שלײַדער האָב איך עס געטאָן אין פּנים אַרײַן דער פאַרקערפּערטער שלעכטס, דעם רויטן טײַוול, וואָס האָט אַזאַ גרויזאַמע, אַזאַ בלוטיקע שפּיל אויסגע־קלערט — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַך, ווי עס ברענט, ווי עס פּײַניקט דער ווייטיק!

— סאַ־ני־טאַ־ר!

קיין לעבעדיק וועזן.

פינצטער. חושך. וווּ קומט מען דאָ אַרויף אויף אַ וועג?

איך האָב קיין קראַפט שוין נישט צו לויפן. אין אַ קליין טאָלעכל לאָז איך זיך אַראָפּ אויף דער ערד.

דאָס בלוט הערט נישט אויף צו פליסן. מיט וואָס קאָן זיך עס באַלד ענדיקן?... אַ פינצטערער געדאַנק האָט אין מוח געלעכערט...

איך דערמאָן זיך, אַז אין אַ ספּעציעלער טאַש ליגט בײַ מיר אַ מאַרלע־בינט. איך באַקום עס ווי עס איז אַרויס, אָבער פונאַנדערנעמען מיט איין האַנט קאָן איך עס נישט: עס איז פעסט אַרומגענייט — אַ פאַרמאַכטער קנויל.

און דאָס בלוט פליסט... איך דערקען שוין ווו די וווּנד איז — אין סאַמע מיטן האַנטפלאַך.

ניין, איך טאָר דאָ נישט זיצן. מיט ציטערדיקע פיס ווײַטער געלאָפן. פעלד־אויס, פעלד־אײַן...

אַך, אָט, דאַכט, זיצט עמעצער נעבן בוים. אַ מענטש!

איך שטרעק אויס מײַן מאַרלעבינט פאָרויס און בעט זיך, דערפרייט מיט אַ שײַן פון האָפענונג:

— נאַ, רײַס אויף, ברודער, און ביגד אַרום!

איך גענען צו אים און טרעט צוריק מיט אַ טיפן שוידער: אַ שרעקלע־כער טעות — אַ דערהרגעטער גאַר... גלײַך ווי אַ לעבעדיקער איז ער געלעגן אָנגעלענט אָן בוים. דאָס האָט ער, אַ פּנים, אין די לעצטע יסורים זיך צום בוים געטוליעט, ווי צו אַ נאָענטן, ווי צו אַ מוטער און אַזוי איז ער פאַרגליווערט געוואָרן — —

צעגראָבענע שטרעקעס. די פיס טרעטן אַרויף און אַראָפּ. דאָ פאַרטשע־פּעט זיך דער פוס אָן אַ ביקס, דאָ אָן צעפליקטן שטעכיקן דראָט.

צווישן קליינע שטרויכן שטויס איך מיך אָן אויף עפּעס ווייכס.

בר־ר־ר־ר... אַ טויטער מענטשל'עכער קערפּער... די ציין דריקן זיך קראַמפּהאַפט צונויף בײַ מיר און איך לויף משוגענערווײַז...

וואָס וועט זײַן מיטן פליסנדיקן בלוט?...

— סאַ־ני־טאַ־ר!

אויסגעשטאָרבענע פעלדער. פינצטער. קיין שײַן. קיין לעבעדיק נפש נישט. בלויז פון הינטן יאָגן נאָך ביקסנקוילן — אַ סימן, ס'איז נאָך נישט זייער ווײַט פון דער ערשטער ליניע.

עטלעכע געבײַדעס שנײַדן זיך אַרויס אַנטקעגן מיר פון דער טונקל־קייט. אפשר וועל איך דאָ עמעצן באַגעגענען?

איך דריי זיך אַרום אַהין, אַהער, קוק זיך אַרום — צעשמעטערטע ווענט, פון גראַנאַטן, הורבעס שוואַרצע ציגל אויף חורבות. איין געבײַדע דערקען איך: מיט עטלעכע טעג צוריק זענען מיר דאָ געלעגן אונטער אַ גוואַלדיקער קאַנאָנאַדע. דעם שונאס באַטאַרייע האָט כסדר אַהער גע־

האָגלט מיט שווערע שטיקער מעטאַל און אונדז אין אַלע זײַטן צעזייט... געקומען זענען מיר אַהער דורך עפּעס אַ שמאָלן שטעג. ווו איז דאָ ערגעץ דער שטעג?

ענדלעך געפונען. פרײַער אָפּגעאָטעמט און זיך געלאָזט איבערן גראָזיקן שטעג.

— ווער איז עס?

אַך, אַ שטים, אַ מענטשלעכע שטים!

— אַ פאַרווונדעטער — ענטפער איך און זוך מיט די אויגן אין דער פינצטערניש.

האַרט בײַ דעם דיקן שטאַם פון אַ בוים האָב איך אין דער זײַט קוים באַמערקט אַ שאָטנפלעק פון אַ מענטשן. כ׳גענען — אַ סאָלדאַט מיט אַ טעלעפאָן.

— בינד אַרום, ברודער! — בעט איך זיך מיט אַ געבראָכענער שטים און דערלאַנג אים מײַן מאַרלעבינט.

— איך וועל דיר שלעכט אַרומבינדן. גלײַכער לויף צו אָט דאָ נישט ווײַט, לינקס. דאָרט ליגט אַ ראָטע אין רעזערוו. בעט דאָרט דעם סאַניטאַר.

— אַ דאַנק, ברודער!

און אַ ביסל דערמונטערט, לאָז איך זיך אַהין אַוועק.

אַ ליכטשײַן, וואָס האָט אַרויסגעדרונגען פון דער ערד, האָט מיך אָפּגעשטעלט.

טראַנשייען! דאָ איז עס.

כ׳גיי צו צום שײַן. דורך דער עפענונג פון „אָקאָפּ" זע איך, ווי עפּעס אַן אָפיציר ליגט אויסגעבעט אויף שטרוי און לייענט פאַר אַ ליכט אַ צײַטונג.

— סאַניטאַר!

פון אַן אַנדער „אָקאָפּ" האָט זיך אַרויסגערוקט אַ נידעריק סאָלדאַטל מיט אַ צלם אויפן אַרבל.

— ווער איז עס? — פרעגט ער שטיל.

— אַ פאַרוווּנדעטער.

— ווו איז דײַן מאַרלעבינט?

איך דערלאַנג אים.

ער נעמט זיך עס אויפרײַסן און איך לאָז מיך דערייַל אַראָפּ אויף די קני. דורך די ציטערדיקע ציין רײַסט זיך בײַ מיר פון זיך אַליין, צוזאַמען מיט מײַן אָטעם אַ שווער קרעכצן...

— ווו איז די ווונד? — פרעגט ער.

ער גיט אַ לײַכט מיט אַן עלעקטרישן טאַשן־לאַמטערן.

מײַן גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געטאָן: אַ רויטע האַנט! אין סאַמע מיטן האַנטפלאַך — אַ שוואַרצער, אַ געדיכטער פלעק פון קאַלטן פאַרגליווערטן בלוט...

— שנעל, פאַרוויקל, איך קאָן דערויף נישט קוקן..

דער סאַניטאַר האָט פאַמעלעך און פאָרזיכטיק גענומען די ווונד איבערבינדן.

— האָסט נאָך מזל! — טרייסט ער מיך דערבײַ — די קויל האָט אויך געקאָנט אַנדערש ווו טרעפן...

— יאָ, אַ גליק — זאָג איך: די האַנט דורכגעלעכערט...

דער סאַניטאַר האָט מיר ווי עס איז אין דער טונקלקייט די דורכגעלעכערטע האַנט איבערגעבונדן און מיר אין דער ווײַטנס אַ ווײַז געטאָן:

— זעסט דאָרט פון דער ווײַט אַ פײַערל, און נאָך ווײַטער אַ צווייטס

— אין יענער ריכטונג זאָלסטו גיין.

פון דער ווײַטנס האָב איך טאַקע באַמערקט צוויי קלייבינקע פײַערלעך, אויף אַ היפּשן שטח איינע פון די אַנדערע. דאָס זענען געווען נידעריקע פעלד־לאַמטערנס, וואָס האָבן געוויזן דעם וועג צווישן דער „פּאָזיציע" און די הינטערשטע טיילן.

דער סאַניטאַר איז צוריק אַרײַן אין דער טראַנשייע און איך האָב אַ

ביסל אָפּגערוט און בין צו זיך געקומען. דאָ איז שוין זיכערער. קיין ביקסנ־קוילן דערגרייכן שוין כמעט נישט אַהער. בלויז אַנדערע, וואָס ווערן אַרויס־געשאָסן דורך אַ באַזונדערס שטאַרקן פּולווער־אימפּעט, דערלויפן אַהער, אָבער דאָ זענען זיי שוין אָנמאַכטיק און פאַלן שוין אין גאַנצן אַראָפּ אויף דער ערד. פון דער ערשטער ליניע ביז דאַנען איז שוין ביז אַ דריי קילאָמעטער.

איך שטיי אויף די קני, קוק אויף מײַן אַרומגעבונדענער האַנט און טראַכט: וואָס איז דאָ אייגנטלעך פאָרגעקומען? גאַנצע טעג און וואָכן זיך געפּײַניקט מיטן געדאַנק: „וואָס וועט זײַן? מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן?״ אין חלום און אויף דער וואַך האָט עס מיר דעם מאַרך געלעכערט, נישט איין מאָל דעם אומרויִקן שלאָף אין די פעלדער, צי אין די שײַערן אומ־ברחמנותדיק צעריסן... תּמיד האָט געפּײַניקט דאָס אומבאַגרײַפלעכע, די קאָשמאַרפולע רעטעניש... און איצט... איצט האָט אַ קויל אין איין רגע, נאָך שנעלער פון יעדן געדאַנק, דעם פּתרון געגעבן... און ווי לײַכט האָט עס געקאָנט אַנדערש זײַן, אַנדערש, טרויעריקער... דער סאָלדאַט אין הימל־קאָלירטן שינעל אין שׂונאס טראַנשייע האָט געקאָנט בײַם שיסן די ביקס צופעליק אויף ל י נ ק ס אַ דריי טאָן און אַ ביסעלע העכער, אַקוראַט ווי ער האָט עס צופעליק ר ע כ ט ס געווענדט, און דאַן, דאַן וואָלט די קויל נישט אין האַנט געטראָפן, נאָר...

וואָס איז דאָ אייגנטלעך פאָרגעקומען?...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דער ריכטונג פון דער „פּאָזיציע״ האָט זיך דערטראָגן אַ ווײַטער ליאַרעם פון קולות.

שאַ, מען שרײַט „הוראַ״... עס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן די אמתע שפּיל... מ׳איז שוין דאָרט נאָענט איינע פון די אַנדערע... די קנאַקערײַ פון די ביקסן און פּולעמיאָטן איז געוואָרן אָפּטער און לײַדנשאַפטלעכער, און

אַט האָבן די באַטאַרייעס פון ביידע צדדים גענומען שיקן איינע צו די אַנדערע אין די רעזערוון שווערע גראַנאַטן. מיט אַ מאָדנעם מאוימדיקן וואָיען שניַידן זיי דורך די לופט און לויפן מיט אַזאַ גוואַלדיקן כּוח, ווי זיי וואָלטן וועלן די גאַנצע וועלט חרוב מאַכן — —

פון די טראַנשייען זענען אַ פּאָר אָפּיצירן אַרויסגעקראָכן, די „ווזוואָדנע" און אַנדערע נײַגעריקע סאָלדאַטן.

— עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

— איר הערט ?... „הוראַ", „הוראַ", שרײַט מען.

— ווער שרײַט עס: אונדזערע, צי ז י י ע ר ע ?...

און אַלע האָבן דאָס געהער אָנגעשטרענגט.

איך קוק אויף מײַן האַנט און קלער: ווען נישט די קויל, וואָלט איך דאָרט אויך צווישן אַלעמען געווען און אויך איבער מיר וואָלט עס גע־האָגלט, און אויך איך וואָלט געהערט די קאָמאַנדע: „מיט די באַגנעטן פאָרויס !..."

עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן גראַנאַטן גאָר נאָענט.

— אין די אָקאָפּעס !

אַלע זענען צוריק אין די טראַנשייען אַרײַן.

— און דו, פאַרוואונדעטער, לויף גלײַך צוריק ! — האָט מיך אַן אָפּיציר געוואָרנט.

איך האָב מיך אויפגעהויבן און שנעל גענומען שפּרײַזן.

אַהין, אַהין, צום פּײַערל.

גראַנאַטן, וואָיענדיקע אין דער לופט, האָבן ווי אונטערגעיאָגט: „שנע־לער, שנעלער..."

איך גיי נאָך אַלץ נישט אויף קיין וועג. פעלדער און לאָנקעס. צעגראָ־בענע, צעלעכערטע און צעפּליקטע.

איך בין שוין נעבן דעם ערשטן פעלד־לאַמטערן.

אַ ביסל ווײַטער דערהער איך אומגעהײַער שטאַרקע אַרטילעריע־שאָסן,

ווי מוֹראַדיקע דונערן. נאָך יעדן שאָס ציטערט ממש די ערד אונטער מיר. איך ווער ווי צעמישט. ווו בין איך דאָ אַרײַנגעפאַלן?

— ווער איז דאָ? — דערהער איך אַ שטים, אַ היימישע, אַ רוסישע שטים.

אַ באַטאַרייע איז דאָ אײַנגעגראָבן מיט אירע האַרמאַטן. יעדער האַרמאַט איז פון אַלע זײַטן קינסטלעך פאַרשטעלט מיט שטרויכן. יעדע פּאָר מינוט גיט עס אַכט דונערן אײנעם נאָך דעם אַנדערן, וואָס מאַכן פשוט טויב.

דער סאָלדאַט ווײַזט מיר, ווי אַזוי ווײַטער צו גיין.

איך בין שוין נעבן צווייטן לאַמטערן.

שפּעטער אַ ווײַלע — אַ טײַך. דער סאַן. אַ דריי זיך אַהער, אַהין — כ׳געפין אַ פּאָנטאָן־בריק.

איך לאָז מיך צו איר.

בײַם סאַמע ברעג אונטן — טראַנשייען. דאָ ליגן סאַפּיאָרן.

— ווו איז דער „פּערעוויאַזאַטשני״? — פרעג איך.

— נישט ווײַט, אויף יענער זײַט.

אויף דער בריק פאָרען זיך צוויי סאַפּיאָרן. דאָס מאַכן זיי צו רעכט אַן אָרט, ווו אַ גראַנאַט האָט געטראָפן און צעפליקט.

איך גיי איבער דעם פּאָנטאָן און קוק אין וואַסער אַראָפּ. — אַ שוואַרצער פאַנטאַסטישער שפּיגל. כוואַליעס רוקן זיך אויף כוואַליעס און עס טראָגט זיך פון דער טיף אַן אומפאַרשטענדלעכע ברומערײַ. ס׳איז ענלעך צו אַ שוידערײַ פון אַ גרויסן מעכטיקן ריז... וואָס פּײַניקט אים, דעם ריז? וואָס פּײַניקט זײַן ברוסט?... קאָן ער די טויטע קערפּערס נישט פאַרטראָגן אין זײַן טיף?... פּײַניקן אים די פאַרבלוטיקטע ברעגעס פון זײַן בעט?...

עס וויגט זיך כמעט דער פּאָנטאָן ווי פונעם שוידערן פונעם טײַך — —

פונעם שוידערן — איך פיל עס — —

כ׳קריך אַרויף אין דער הייך אויף יענער זײַט ברעג און גיי שוין מיט אַ וועג.

כ׳דעריאָג צוויי סילועטן, וואָס האָבן זיך פאָרויס באַוועגט. פאַרוווּנדעטע. איינער האַלט דעם צווייטן אונטערן אָרעם. איינער מיט אַן אַרומגעבונדע־נער האַנט, דער צווייטער מיט אַן אַרומגעבאַנדאַזשירטן קאָפּ. דער לעצטער וואַקלט זיך און מען מוז אים פירן. דאָס מויל בײַ אים איז האַלב־אָפן און דורך די ציין רײַסט זיך אַ קרעכצן...

— נעם אים, ברודער, אונטער דעם אַנדערן אָרעם — בעט מיך דער פאַרוווּנדעטער.

איך טו עס.

און אַזוי, זאַלבע דריט, ווי צונויפגעגאָסענע שאָטנס, לאָזן מיר זיך פּאַמעלעך קריכן אין דער טונקלקייט. געגאַנגען זענען מיר שווײַגנדיק. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט פון די ליפּן. פון פרעמדע געגנטן זענען מיר געווען. דאָך זענען מיר ווי אומגליקלעכע לײַבלעכע ברידער צונויפגעגאָסן געוואָרן... פון איין גיהנום גייען מיר... איבער יעדן פון אונדז האָט דער זעלבער טויט געפּאָכעט... און דער זעלבער האַרטער מעטאַל האָט יעדן פון אונדז דאָס לײַב געעפנט און מיטן אייגענעם וואַרע־מען בלוט פאַרגאָסן———

שטיל זענען מיר געגאַנגען פון פײַנלעך־ברענענדיקן ווייטיק פאַר־שטומט...

דער פאַרוווּנדעטער אין קאָפּ האָט אָנגעהויבן וואַקלען און פּלאָנטערן זיך אין גאַנג. דער איבערגעבונדענער קאָפּ האָט זיך גלײַך נישט געקאָנט האַלטן. מיר האָבן אים פעסטער אָנגענומען אונטער די אָרעמס און נאָך לאַנגזאַמער זיך געשלעפּט.

אַ שײַן פון פענצטער.
מיר דערנענטערן זיך — אַ באַוועגונג פון מענטשן.
דער „פּערעוויאַזאָטשני".

מיר גייען אַרײַן אינעווייניק — פול פאַרוווּנדעטע. אַנדערע וואַלגערן זיך אויף דער פּאַדלאָגע. סאַניטאַרן טראָגן אַרײַן אויף טראָגבעטלעך שווער פאַרוווּנדעטע. מ׳בינדט איבער די ווונדן. אין דער לופט טראָגט זיך אַ מוראדיקע קערכצערײַ און זיפצערײַ. פינצטערע אויסגעפּײַניקטע פּנימער. אין די קנייטשן באַהאַלט זיך אַ פאַרגליווערטע גרויל פון טויט... בײַ אַנדערע קראַמפּן זיך די ציין פון אומדערטרעגלעכן ווייטיק... עס בלאַנקען ווײַסע מאַרלעבינטן... בײַ אַנדערע זענען די מאַרלעבינטן רויט פאַרפלעקט: דאָס בלוט האָט דורכגענעצט...

צו מיר גייט צו אַ סאַניטאַר, באַקוקט מײַן האַנט און געפינט, אַז דער באַנדאַזש איז אַ גוטער. ער מאַכט מיר נאָר פון מאַרלע אַ הענגער, טוט עס מיר אָן אויפן האַלדז און איך הענג אָן דערויף די פאַרוווּנדעטע האַנט.

מען פאַרשרײַבט מיך און איך גיי אַרויס אין דרויסן.

מיך פּײַניקט אַ שרעקלעכער דאָרשט.

איך ווענד מיך צו אַ פאַרבײַיאַײַלנדיקער באַרעמהאַרציקער שוועסטער:

— אַ ביסל קיפּיאַטאָק!

זי רופט מיך מיט, פירט מיך אַרײַן אין עפּעס אַ שײַער, ווו עס זיצן עטלעכע סאַניטאַרן.

זי גיסט אָן פון אַ טשײַניק אַ ביסל לעבלעך וואַסער:

— טרינקט!

איך באַקום אַרויס פון מײַן אַמוניציע־זאַק צוקער — אַ שוואַרץ קײַלעכ־דיק באַל...

— צוקער פון פּאַזיציע?... צוזאַמען מיט מיר אין פּײַכטע גריבער געלעגן...

איך טו עס אַ שמיץ אַוועק... אַלע צעלאַכן זיך און די באַרעמהאַרציקע שוועסטער דערלאַנגט מיר מיט אַ פרײַנדלעך שמייכעלע אַן אַנדער שטיקל צוקער.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, שוועסטער!

די סאַניטאַרן העלפן מיר דאַן אַראָפּנעמען פון זיך דעם פּאַטראָנטאַש, דיביידע רימענע קוילנטאַשן מיט דער גאַנצער אַמוניציע.

עס ווערט מיר לײַכטער און איך גיי אַרויס צוריק אין דרויסן.

עס רינגלט מיך אַרום אַ גאַנץ רעדל: אָפיצירן, אונטער־אָפיצירן, דער מיליטערישער פּאָפּ מיט די גרויע לאָקן און צלם אויף דער ברוסט.

אַלע זענען בײַגעריק. מ׳פרעגט מיך אויס. מ׳נעמט אַרײַן אין מיטן נאָך אַ פּאָר פאַרווונדעטע.

— ווי גייט עס דאָרט צו?

יעדער פאַרוווּנדעטער דערציילט, וואָס ער ווייס, וואָס ער האָט איבער־געלעבט און ווי אַזוי ער האָט באַקומען די קויל.

איין אונטער־אָפיציר טרייסט מיך:

— נישקשה, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועט די האַנט פאַרהיילט ווערן און וועסט ווידער קאָנען גיין אויף דער פּאָזיציע.

„ראָזע האָפּענונגען...״ טראַכט איך בײַ זיך...

און די קאַוואַלעריי אויף יענער זײַט טײַך הערט נישט אויף. פון צײַט צו צײַט פלאַמט זי אויף מיט אַ פרישן אומגעהײַערן אימפּעט.

עס הייבן אָן פּלאַצן אין דער נאָנט פעלדגראַנאַטן און שיטן פון זיך שראַפּנעלן. איינס, אַ צווייטס, אַ דריטס. דער עולם איז געוואָרן אומרויִק. אין איין זײַט האָבן זיך פלאַמען אויפגעהויבן. אַ נאָנט דאָרף ברענט. אַן אימהדיק־פאַנטאַסטישע ליכטיקייט האָט זיך דאָרט צום הימל געריסן.

מ׳גיט איבער, אַז דער „פּערעוויאַזאָטשני״ זאָל זיך איבערטראָגן צוריק, אויף הינטער. דאָס זעלבע דער „אָבאָז״. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה. מען האָט גענומען שפּאַנען. פערד האָבן געהירזשעט. איין קאָמאַנדע שרײַט איבער די אַנדערע. מענטשן אײַלן און לויפן אין דער פינצטער פון איין אָרט אין אַנדערן. אַ מחנה רײַטערס, טשערקעסן מיט גרויסע פּאַפּאַכעס, האָבן ווי אויסטערלישע גײַסטערס פון ערגעץ ווו זיך באַוויזן און פאַרשווונדן געוואָרן מיט אַ האַסטיקן גאַלאָפּ אין דער נאַכט אַרײַן.

— שנעלער! שנעלער! — יאָגט מען איינע די אַנדערע און נאָך אָפּטער רײַסן זיך שראַפּנעלן אין דער הייך.

צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע פאַרוואונדעטע זענען מיר אויף עפּעס אַ וועג אַרויף און זיך אין דעם חושך געלאָזט. ערגעץ מיט אַ פינף־זעקס קילאָמעטערס ווײַטער, אין אַ דאָרף, דאַרף זײַן דער לאַזאַרעט פון אונדזער דיוויזיע. אַהין מוזן מיר זיך דערשלאָגן.

אַ שטומע פינצטערניש איז אויף די וויסטע פעלדער און וועגן געלעגן. אונדזער גאַנצע גרופּע פאַרוואונדעטע האָט לאַנגזאַם געשפּרײַזט און זיך צעזייט איבערן וועג. שווײַגנדיקע און אײַנגעהויקערטע האָט מען זיך געשלעפּט נאָכן וועגווײַזער — אַ „צלמל" * מיט אַ בערדאַנקע **. יעדער פון אונדז איז פון זײַן אייגענעם פּײַנלעכן וויטיק פאַרנומען געווען... פון צײַט צו צײַט פלעגן אַנדערע אַ קרעכץ אַרויסלאָזן; דער דאָזיקער קרעכץ פלעגט אַרויסרופן ווי אַן עכאָ בײַ אַן אַנדערן אַ קרעכץ, און די נאַכט האָט אַלץ אין זיך אײַנגעשלונגען...

— נאָך ווײַט? — פאַלט אַ פראַגע צום וועגווײַזער.

— נאָך אַ פּאָר קילאָמעטערס.

— ס'האַקאָם... * — גיט צו אַ סילועט מיט איראָניע.

און ווי פריִער — אַ שווײַגעניש. צו להכעיס ציט זיך דער שווערער בלאָטיקער וועג. בײַ דער זײַט פון וועג רוישן געהיימעניש־פול די ביימער און שטרויכן און שיידן זיך מיט די טויטע געלע בלעטער פון שפּעטן האַרבסט... און אפשר?... אפשר זענען עס זיפצן פון גוססע, פון שטאַרבנ־

---

* אַזוי האָט מען גערופן די לאַנד־שטורמיסטן.

** ביקס פון אַן אַלטן סיסטעם.

* מיט אַ שמיצל.

דיקע, וואָס האָבן דאָ אין די פעלדער די נשמה אויסגעהויכט?... און די דאָזיקע זיפצן בלאָנדזשען עס אום איבער די פעלדער און וועגן און אַ ווינטל וועט זיי אַוועקטראָגן אויף זײַנע גרינגע פליגל אין אַ שטאָט צי אין אַ דאָרף, צו נאָנטע און ליבע, וואָס גייען אויס פון בענקעניש און לעכצע־ניש און שיקן זייערע תפילות צום שטומען שווײַגנדיקן הימל?...

— — ווער ווייס!

פון דער ווײַטן בלאַנקען קליינינקע פײַערלעך. די בליקן קוקן אַהין מיט בענקשאַפט נאָך רו.

— שוין באַלד — זאָגט דער וועגווײַזער.

מען גייט מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג.

ענדלעך — אַ יישוב, אַ דאָרף. הײַזער אָן פענצטער. איך גיי האַרט פאַרבײַ און פיל, ווי עס אָטעמט פון אינעווייניק אַ פינצטערער גרויל ווי פון אָפענע קברים...

אַ שוואַרצער, דיקער פלעק סטאַרטשעט אין דער לופטן און טיילט זיך אויס אין דער טונקלקייט: אַ קוימען פון אַן אָפּגעברענט הויז. אַ פּנים, דער משחית איז שוין דאָ דורכגעגאַנגען...

מען פירט אונדז אַרויס אויף אַ פעלד בײַ דער זײַט פון דאָרף.

## 2

צוויי גרויסע לײַוונטענע שאַלאַשן — דער פעלד־לאַזאַרעט פון אונדזער דיוויזיע.

מיר גייען אַרײַן.

אין דער הייך הענגט אַ לאַמטערן און שלײַדערט גרויסע שוואַרצע שאָטנס. אויף דער ערד, אויסגעבעט אויף שטרוי, ליגן צעלייגט שורות פאַרוווּנדעטע. פון איטלעכן בלאַנקט אַ מאַרלעביִנט. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ קרעכצערײַ. אַנדערע שוידערן און וואַרפן זיך קאַנוווּלסיוו...

איך געפין אויס אַן אָרט צווישן אַ שורה און פאַל דאָרט אַנידער. איך לייג זיך אויפן רוקן, די פאַרוווּנדעטע האַנט אויף דער ברוסט, און פרווו צומאַכן די אויגן. אָבער ווײַט איז געווען די רו, ווײַט איז געווען דער שלאָף! ליגנדיק אויף אַן אָרט האָב איך ערשט דערפילט דעם אמתן ווייטיק פון דער וווּנד. עס האָט אַזוי געשטאָכן און געברענט, גלײַך ווי געפּיללאָזע פײַניקערס, מיט קאַלטע, שטאָלענע הערצער וואָלטן עס מיר אין אַן אינקוויזיציע־הייל צוגעטראַכט און ראַפינירטע יסורים אָנגעטאָן... די אויגן, האָב איך געפילט, זענען מיר אַזש אין שאַרבן געקראָכן, און פאַר פּײַן האָב איך די ליפּן געביסן...

ניין, אומזיסט האַלט איך די אויגן פאַרמאַכט. כ׳וועל דאָ בשום־אופן נישט אײַנשלאָפן.

איך פּרווו זיך אויפזעצן, ווידער לייגן, אויפן רוקן, עטוואָס אַן אַ זײַט — עס האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפן. — גלײַך ווי אַנדערע, ווי מײַנע

שכנים פון שורה, בין איך וואַך געווען; ווי זיי זיך געוואָרפן און דאָס האַלב־צעמישטע באַוווסטזיין האָט יעדן צוג פון די פלאַגן געמוזט נאָכ־שפירן...

וואָלט שוין אַ מאָל טאָג ווערן! וואָלט זיך שוין געעקט די פּײַנלעכע נאַכט!...

— סאַ־ני־טאַר!

עס שטעלט זיך איבער מיר אַ סאָלדאַט מיט אַ רויטן קרייץ אויפן אַרבל.

— אפשר קאָנסטו מיר מיט עפּעס פאַרלײַכטערן?

עס ענטפערט מיר אַ גלײַכגילטיקע שטים:

— זײַ נישט אַזוי אומגעדולדיק!

— אָבער עס מאַכט מיך משוגע...

די זעלבע קאַלטע שטים:

— אין דער פרי וועט מען דיר איבערבינדן.

אַך, ביז אינדערפרי! ווען וועט שוין זײַן אינדערפרי?

איך פרעג אים:

— ווי שפּעט איז?

נאָך קעלטער האָט זײַן שטים געענטפערט:

— איך האָב קיין זייגער נישט.

איך שליס ווידער צו די אויגן — אומזיסט!

כ'ווער אויסער זיך. צעטראָטענערהייט הייב איך זיך אויף און גיי אַרויס פון שאַלאַש.

אַ קילע, פינצטערע נאַכט. איך דריי זיך אום הין און צוריק און שטעל זיך נאָך דעם אָפּ נעבן צווייטן שאַלאַש. דאָ ליגן שווער־פאַרווונדעטע.

עפּעס אַ שוואַרצער מאַנטל זעט זיך דאָרט: אַ מיליטערישער פּאַפּ.

אַך, איך שטויס מיך שוין אָן: נעבן אַ שטאַרבנדיקן שטייט ער עס דאָ אויף די קני. דער גוסס ליגט אויף אַ טראָגבעטל און כאָרכלט שווער... די אויגן פאַרמאַכט... דער קאָפּ עטוואָס פאַרריסן... דער גײַסטלעכער לייגט

אַרויף זײַן גלאַנציקן קרייץ בײַם שטאַרבנדיקן אויף דער ברוסט, צלמט זיך און זאָגט עפּעס אין דער שטיל... אָן דער זײַט שטייען צווי סאַניטאַרן און קוקן זיך שווײַגנדיק צו...

איך שוידער און פאַרלאָז דאָס טרויעריקע אָרט.

וואָס עס פאַרדעקט אַלץ דײַנע פליגל, נאַכט! ——

איך בין צוריק אַרײַן אין מײַן שאַלאַש, נישט איין מאָל זיך געלייגט און אויפגעשטאַנען, געלייגט און אויפגעשטאַנען...

די פינצטערניש ווערט ביסלעכווײַז צעשוווּמען.

גרויער און גרויער.

אַ האַרבסטיקער קאַלטער באַגינען. אַ גלײַכגילטיקע געלע זון, וואָס פאַרמאָגט בלויז עטלעכע קורצע שווינדזוכטיקע שטראַלן.

און עטוואָס שוידערלעכס האָט די גרויע ליכטיקייט מיר אַנטפּלעקט: מײַן שינעל! פאַרנט איז ער דורך און דורך רויט... ווי אַ פאַן אין בלוט אײַנגעטונקט... אַזוי פיל בלוט האָט עס געכטן בײַ נאַכט פון האַנט גע־פלייצט, בעת איך בין לערך גאַנצע דרײַ קילאָמעטערס אָן אָן איבערבונד איבער די פעלדער געלאָפן... קיין איין גרויער פלעק נישט אַפילו. דורכויס רויט, פאַרפאַרבט... עס האָט מיך מאָדנע גערירט... כ׳האָב דערפילט ווי עס בריט מיך אין די אויגן ——

אַ טרער ——

און אין קאָפּ בליצט דורך:

ווען עמעץ פון די נאָנטע וואָלט מיך אַזוי פּלוצלינג דערזען!... דער צער וואָלט אים בלאָס ווי דער טויט געמאַכט!...

עס ווערט מאָדנע אומבאַקוועם דאָס דאָזיקע ווייך געפיל בעת דו ווילסט פעלדזן־שטאַרק זײַן און אַלץ, אַלץ, אַפילו דאָס ערגסטע און גרויזאַמסטע, גובר זײַן...

איך דריי מיך אום איבערן חרובן דאָרף. פוסטע, צעשטערטע הײַזער. קיין איין ציווילער ווײַזט זיך ערגעץ בישט — צעזייט און צעיאָגט. בלויז מענטשן אין גרויע שינעלן, ווער מיט, ווער אָן מאַרלעבינטן.

עפּעס איין געביידע ציט צו באַזונדערס מײַן אויפמערקזאַמקייט. אַ הילצערנע אידילישע הויז מיט אַ שיין גערטל אַרום.

איך גיי אַהין אַרײַן — קיין נפש. אויף דער ערד אָנגעוואָרפענע שטי־קער פון מעבל, פּאַפּירן און ביכער. איך קוק נאָך — אותיות מרובעות. יידישע ספרים. אַ דיקער סידור. אַן אַלטער משניות. אַ הגדה של פּסח מיט בילדער פון יציאת־מצרים, קריעת־ים־סוף און אַנדערע... פון צווישן די פּאַפּירן האָב איך עפּעס אַ צעריסענעם בריוו גענומען אין האַנט. דײַטשע שריפט. איך הייב אָן צו לייענען: „מײַנע טרויע!". עס רעדט זיך וועגן „זעהנזוכט" און „ריקזיכטסלאָזען שיקזאַל". ווײַטער דערקען איך, אַז דאָס איז פון דער „קעמפּפענדער אַרמיי"... מסתמא פון אַ חתן, צי געליבטן.

אין דעם דאָזיקן הויז האָט אַוודאי געוווינט עפּעס אַ יידישער אַרענ־דאַר, צי אַ תבואה־סוחר. ווו זענען זיי איצט ?...

אין איין ווינקל וואַלגערט זיך אַ צעבראָכענער שפּיגל. איך הייב אויף און קוק אַרײַן אַהין:

אַ פינצטערער ליידנדיקער פּנים מיט אַן אמתן איוב־אויסדרוק אין די פון יסורים עטוואָס אײַנגעזונקענע אויגן...

איך וואַרף צוריק אַראָפּ דאָס שטיקל שפּיגל אויף דער פּאָדלאָגע. איך לאָז זיך ווײַטער איבערן וויסטן דאָרף.

הינטער אַ שטוב, אויף אַ גאָרטן מיט אַ צעריסענעם צאָם, פּאָרען זיך סאָלדאַטן. דאָס גראָבט מען קברים...

איך גיי צו און פּאַרקוק אין די אָפענע, אַרויסגעשלאָגענע פענצטער. אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אויסגעלייגט אַ שורה סאָלדאַטן איבערגעדעקט

מיט פּאַלאַטקעס: טויטע, וואָס מען ברענגט אַרײַן פון די שאַלאַשן. די נעזער פון די פּיס, נאָך אין די שטיוול, וואָס שטעקן אַרויס פון אונטער דער פּאַלאַטקע, זענען הפקרדיק אָנגעבויגן אויף ביידע זײַטן און דערציילן פון גלײַכגילטיקייט — —

עס טראָגט מיך פון דאָרט אַוועק.

אַך, ווען וועלן שוין די אויגן נישט זען די דאָזיקע בילדער? — —

# 3

צוריק! צוריק פון „פּאָזיציע".

פּאַרטיעסווײַז האָבן מיר זיך געשלעפּט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט. מערסטן טייל פאַרוווּנדעטע אין די הענט, אין די פינגער, אין אָוונט פלעגן מיר אָנקומען אין אַ וואַנדער־שפּיטאָל, איבערנעכטיקן, די וווּנדן איבערבינדן, און אַ וועגווײַזער פלעגט אונדז אָוועקפירן ווײַטער אין וועג אַרײַן, ביז אַ דאָרף אָדער שטעטל, וווּ ס'האָט זיך אַן אַנדער שפּיטאָל געפונען.

דער עולם האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער אַכילה.

איצט פעלט שוין קיין עסן נישט. אין יעדן שפּיטאָל, וואָס מיר פלעגן דורכגיין, פלעגט ווערן צוגעגרייט ניטאָגן, טיי, און ברויט פלעגט מען אויך געבן איבער גענוג. און נאָר מחמת דעם פריִערדיקן הונגערן איז בײַ אַ סך דער אַפּעטיט געווען אַ קרענקלעכער און מ'פלעגט אויף אַלערליי אופנים אַרײַנבאַקומען אין אַמוניציע־זאַק וואָס מער פּאָרציעס ברויט...

אַחוץ דעם, וואָס מ'פלעגט באַקומען אין די שפּיטאָלן, פלעגן נאָך די אײַנוווינערס פון די דערפער מכבד זײַן. פויערטעס פלעגן אויף אונדז קוקן מיט פײַכטע אויגן, האָבן זיך געצלמט און מיט אַ געפיל פון מיטלייד און רחמנות דערלאַנגט אונדז נאָך אַ שטיקל ברויט, אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל מילך:

— טרינקט, טרינקט, אומגליקלעכע...

וואָס ווײַטער פון פּאָזיציע, האָט מען זיך געפילט אַלץ בעסער. דער

ווייטיק איז אויך געוואָרן אַ ביסל שוואַכער און אפשר איז מען צו אים סתּם צוגעוווינט געוואָרן; און ביי נאַכט פלעגט מען אין די פּוסטע הייזער אָדער שייַערן שוין קאָנען כאַפּן אַ דרימל און זיך אויסרוען אַ ביסל. „סצע־נעס" פלעגן זיך אָפּשפּילן אין שפּיטאָל בייַם באַנדאַזשירן.

אויך דאָ פלעגט מען מוזן שטיין „וו׳זאַטילאָק". אַקוראַט ווי מיט די קעסעלעך ביי דער פעלדקיך בייַם באַקומען דעם „אָביעד", אַזוי האָט מען דאָ געוואַרט מיט די ווונדן. דער חילוק איז נאָר געווען, וואָס בייַם אָפּנעמען דעם מיטאָג פלעגט זיך בייַם עולם דער הונגער צעשפּילן און מיט דער גרעסטער אומגעדולד פלעגט יעדער וואַרטן ביז עס וועט שוין סוף־כּל־סוף דערגיין צו אים און דער קאַשעוואַר וועט אָנשעפּן פון גרויסן קעסל אַ פולן שעפּלעפל, אים אין קעסעלע אַרייַנגיסן און אַ ליבער וואַרעמער דאַמף וועט אין פּנים אַ הויך טאָן... און דאָ בייַם איבערבאַנדאַזשירן איז געווען פּונקט פאַרקערט: וואָס ווייַטער, פלעגט זיך וועלן, אַז די ריי זאָל גאָר קיין מאָל נישט דערגיין, און בעת מען פלעגט זיך אָפּפּאַרטיקן מיט איינעם, פלעגט אין האַרץ זיך עפּעס אָפּרייַסן...

דאָס איבערבינדן איז געווען דאָס ערגסטע. די מאַרלעבינטן פלעגן זיך צוקלעפּן צו דער ווונד און די סאַניטאַרן פלעגן עס דאַרפן אַראָפּרייַסן. יעדער איינער פלעגט זיך דרייען קאָנוווּלסיוו ווי אַ שלאַנג אין אַלע זייַטן, אַראָפּ און אַרויף און מאַכן משונהדיק־ווילדע העוויות.

מיר גייען דורך ליובאַטשאָוו, אָלעסיצע, צעבראַכענע, חרובע הייַזער. די שטעטלעך זענען פול מיט מיליטער. אין יעדער שטוב — אַן אַנדער קאָמאַנדע, אַן אַנדער אָפּטיילונג. ווו נישט ווו לויפט דורך אין דער זייַט גאַס אַ דערשלאָגענער ייִד, מיט אַ פינצטערן דערשראָקענעם פּנים. איך גיי אַרייַן אין אַנדערע הייַזער, פּרוּוו פאַרפירן עפּעס אַ געשפּרעך, אָבער איך זע, אַז זיי האָבן מורא פאַר מייַנע מיליטערישע קליידער, כאָטש כ׳האָב צו זיי גערעדט פּשוט מאַמע־לשון. ביי אַנדערע געלינגט מיר פאָרט צו געווינען זייער צוטרוי, און זיי דערציילן מיר מיט טרערן אין די אויגן, וואָס זיי

האָבן איבערגעלעבט אין דער צײַט פון דער שלאַכט אַרום זייער שטעטל.

— זאָגט מיר דעם אמת — פרעגט מיך אַ יידישע פרוי, — אײַך איז אויסגעקומען אין פעלד צו הרגענען מענטשן?...

איך האָב זי פאַרשטאַנען.

— דאָס פרעגט איר קוקנדיק אויף מײַן רויטן שינעל? — האָב איך אַ ווײַז געטאָן אויף די רויטע פלעקן.

— איך פרעג... — האָט זי גענומען שטאַמלען — איך זע, איר קומט פון דער אמתער שחיטה...

— גלייבט מיר, פרוי, דאָ איז קיין אין איינציק טראָפן פרעמד בלוט נישטאָ — אַלץ אייגנס...

זי האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן און אויפגעשווידערט.

— מסתּמא איז אײַערער אַ זון אין דער עסטרײַכישער אַרמיי? — פרעג איך.

— יאָ — ענטפערט זי.

— קאָן זײַן — זאָג איך אין שפּאַס — אַז דאָס איז פון אײַער זונס אַ קויל...

— מײַן זון — פאַרענטפערט זיך די פרוי — האָט קיין פליג אויף דער וואַנט קיין מאָל נישט אָנגערירט...

— פאַרענטפערט זיך נישט, פרוי. אײַער זון איז אַזוי פיל שולדיק, וויפל — איך...

איין טאָג האָבן מיר זיך געלאָזט צו ראַוואַ־רוסקאַ. ס'איז געווען אַ קאַלטער, טריבער טאָג. אַ שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזן און געשלײַדערט די פאָלעס פון שינעל. די ווונד איז פון ווינט געוואָרן שטאַרק אָנגעגריפן און האָט טיף גענאָגט.

אין ראַוואַ־רוסקאַ דאַרפן מיר שוין אײַנשטײַגן אין אַ צוג, וואָס גייט קיין רוסלאַנד. אַ סוף צו דער בלאָנקעניש!

אין אַ דאָרף, עטלעכע קילאָמעטערס פון שטאָט, גיי איך אַרײַן אין

אַ ייִדיש הויז, זיך אָנוואַרעמען. כ׳וועל געוווּר, אַז היינט איז שבת. אַ פאַמיליע זיצט ביי אַ געדעקטן טיש און עס טראָגט זיך אַ ריח פון טשאָלנט...

— גוט־שבת! — זאָג איך מיט אַ געמאַכטן בנעימותדיקן טאָן.

אַלע ענטפערן מיר און איינער אַ יונגער־מאַן צעשמייכלט זיך.

דער בעל־הבית, אַ ייִד מיט פּיאות, אין אַ יאַרמלקע, שטרעקט מיר אויס די האַנט:

— שלום־עליכם!

— עליכם־שלום! — ענטפער איך — די קויל האָט געטראָפן, ווי איר זעט, אין דער לינקער האַנט, אַ פּנים, כּדי איך זאָל קאָנען ענטפערן אַ ייִדן „עליכם־שלום״...

— אויב איך ליגט נאָך אין זינען צו זאָגן אַ ווערטל, איז אַ סימן, אַז ס׳איז מיט אייער האַנט נישט אַזוי שרעקלעך.

— נו, יאָ — ענטפער איך — ס׳האָט געקאָנט זיין ערגער...

— השגחת־הבורא! — רופט אויס דער בעל־הבית.

די בעל־הביתטע קוקט מיך באַזונדערס אָן און פלוצלינג באַהאַלט זי די אויגן אין פאַרטעך — זיך צעכליפּעט.

— וויינט נישט — זאָג איך — איר זעט דאָך, אַז איך אַליין וויין אויך נישט...

דער יונגער־מאַן דערציילט מיר, אַז דער ברודער איז אויפן סערבישן פראָנט, און דעריבער איז די מוטער זייער לייכט אויף טרערן. „נאָר אייער שינעל — גיט ער צו — קאָן רירן די שטאַרקסטע נערוון... ווען איר וואָלט נישט געשפּאַסט אַ ביסל, וואָלט איר אויסגעוויזן זייער טראַגיש...״

דער יונגער־מאַן, ווייזט זיך אַרויס אין אונדזער שמועס, איז אַ יוריסט, האָט שטענדיק געוווינט אין ווין, און פאַרן אָנהייב פון מלחמה איז ער געקומען אַהער פאַרברענגען אַ קורצע צייט „ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן״, און אַזוי איז ער דאָ געבליבן שטעקן.

מען שטייט צו מיר צו, איך זאָל זיך דווקא זעצן צום טיש מיט זיי מיטעסן.

— איך האָב גאָרנישט בדעה אײַך אָפּצוזאָגן — ענטפער איך אויף זייער אײַנלאַדונג.

און זיצנדיק בײַם טיש, בײַ אַ ייִדישער געמיטלעכער פאַמיליע, נאָך אַזוי פיל נע ונד זײַן און עינוים, גײַסטיקע און פיזישע, איז די בעסטע שטימונג געבוירן געוואָרן.

— איר ווייסט — האָב איך זיך געוואָנדן צו דער בעל־הביתטע — אײַער קוגל האַלט אויס יעדע קריטיק... איך מוז אומבאַדינגט שרײַבן אַהיים, אַז שבת, פּרשת... (דאָ האָט מיר דער בעל־הבית געמוזט אונטער־זאָגן) האָב איך, צוריקגייענדיק מיט דער ווונד פון דער פּאָזיציע, אין אַ דאָרף נעבן ראַווא־רוסקאַ, געגעסן אין אַ ייִדישן גאַסטפרײַנדלעכן הויז קוגל — און דווקא אַ פעטן... כּדת וכדין...

אַנגעוואַרעמט זיך, דאָס האַרץ אונטערגעלענט, האָב איך געדאַנקט, זיך פרײַנדלעך געזעגנט מיט דער פאַמיליע און — צו דער שטאָט.

די פעלדער זענען דאָ און דאָרט צעגראָבן פון אָקאָפּעס. אומעטום וואַלגערן זיך שפּורן פון דער שלאַכט. ערטערווײַז בײַם וועג פריש אָנגע־שאָטענע בערגלעך מיט אַרײַנגעשטעקטע בעריאָזקע־קרייצן: ברידער־קברים.

די שטאָט אַליין איז נאָך האַלב־וויסט. אַ סך הײַזער שטייען נאָך גאָר פּוסט.

בײַם וואָקזאַל שטײַגן מיר אײַן אין פראַכטוואַגאָנעס, צעלייגן זיך ווי שאָף און פאַרנאַכטלעך הייבט אָן דער צוג פּאַמעלעך, פּאַמעלעך צו קריכן, ווי נישט זיכער, איבער די רעלסן. — דער ווינט האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט און מסופּנדיק געוואָיעט איבער די וויסטע האַרבסטיקע פעלדער, און אין די אויערן האָט געקלונגען:

„צוריק! צוריק צו דער ,מאַמע־רוסלאַנד׳ !...״

פאַרשלאָפענערהייט האָט דער קורצער פראַכט־עשאַלאָן געמיטן אין דער טונקלקייט סטאַנציע נאָך סטאַנציע. אויפן באַגינען האָט ער זיך דורכגערוקט דורכן דעבאַרקאַדער פון לעמבערגער „דוואָזשעץ".

עס דערמאָנט זיך מיר מײַן אומוואָגלען דאָ מיט וואָכן צוריק צווישן די שינעס און עשאַלאָנען; די נעכט אויפן פאָסטן בײַם טונעל... די רעדלעך הונגעריקע אַרום באַנהויף... די אויסגעבלייכטע פראַגטן... זייער שטענדיקן פרעגן: „ברויט..."

זײַ געגריסט, לעמבערג! דו געוועזענער אָאַזיס!...

בײַ טאָג שטעלט זיך דער צוג אָפּ בײַ בראָדי. דאָ דאַרפן מיר זיך איבערזעצן. כ'באַקוק די גאַסן און הײַזער פון דער אַלטפרענקישער ייִדישער שטאָט.

בײַ נאַכט זיצן מיר שוין אין אַ רוסישן צוג פערטער קלאַס און מיר פאָרן באַלד אַרויף אויף דער היימישער ערד. באַקאַנטע רוסישע סטאַנציעס. גרויסע רוסישע בוכשטאַבן אויף פאַרשלאָפענע וואָקזאַל־געבײַדעס.

צו מאָרגנס רוקט זיך צו דער צוג צו דעם אַלטערטימלעכן קיִעוו. פון דער ווײַטנס בלאַנקט אַ נעץ פון הויכע טורעמס מיט קופּאָלן, ווײַסע קירכנ־ווענט מיט אומצאָליקע פענצטער אין ביזאַנטישן סטיל.

# 4

אין קִיעוו שטײַגן מיר אײַן אין אַ סאַניטאַר־צוג.

איך גיי אַרײַן אין וואַגאָן — אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט, און פאַר די אויגן בלענדט אַ ווײַסקייט:

ווײַסע, אויסגעבעטע געלעגערס, זויבער און ריין. דער גאַנצער וואַגאָן באַשטייט פון געלעגערס.

— פאַר וועמען איז עס צוגעגרייט דאָס רחבות?... — פרעגט ווער, נישט גלייבנדיק זײַנע אויגן.

— זענען מיר נישט על־פּי טעות אַרײַן אין אַ פרעמדן וואַגאָן? — באַמערקט אַ צווייטער.

עס האָט זיך קיינעם נישט געגלייבט.

באַלד אָבער קומען אַרײַן סאַניטאַרן מיט זעק אין די הענט און הייסן זיך אַלעמען אויסטאָן מוטער־נאַקעט.

אַלעמענס פּנימער האָבן געגומען שײַנען פאַר שׂימחה. ווי שטאַרק ס'האָט זיך שוין געוואָלט פרײַ ווערן פון די זאַכן און וועש, וואָס ליגן שוין אויפן קערפּער וואָכן לאַנג!...

דער עולם איז אַרײַן אין בעסטן הומאָר.

— נידער מיט די פּאַרטיזאַנען!... — רופט אויס אַ יִידישער סאָלדאַט, שנעל זיך אויסטועענדיק.

— ווי „רעוואָלוציאָנעריש געשטימט" איר זײַט! — האַלט איך אונטער זײַן הומאָר.

— נידער מיט די וואַמפּירן און בלוטזויגערס! — פאַרשטאַרקט ער זײַנע „רעוואָלוציאָנערע״ לאָזונגען...

און איינער אַ גרוזין ווענדט זיך צום סאַניטאַר:

— העי, ברודער, נעם אַ גאַנצע פײַנטלעכע דיוויזיע אין געפאַנגענ־שאַפט...

יעדער איינער שמײַסט אַרײַן זײַנע שמוציקע זאַכן אין אַ באַזונדער זאַק אַרײַן.

— ברוך שפּטרני! — מאַכט דער „רעוואָלוציאָנער״ אַ ברכה בקול רם, אַנטוענדיק די ריינע, פרישע שפּיטאָלוועש.

יעדער ציט זיך אויס מיט אַ באַזונדער ברייטקייט אויפן געלעגער.

איך פאַרלייג די הענט אונטערן קאָפּ און טראַכט וועגן דער פאַרוואַנד־לונג: פון היימלאָזע, פאַרוואָגלטע הינט אין מענטשן... עס האָט זיך שוין געגלייבט, אַז מענטשן קאָנען נאָר ש ל ע כ ט ס טאָן, קאָנען נאָר פּײַניקן איינע די אַנדערע; אָבער — ניין, זיי קאָנען אויך ג ו ט ס טאָן; זיי קאָנען דערשלאָגענע, פאַרמרה־שחורהטע אויפמונטערן און אַ פרייד אין זיי אויפ־וועקן... געזיכטער, אויף וועלכע דער פּחד פון טויט האָט זיך אײַנגעגעסן, קאָנען זיי צו אַ פריידיקן שמייכל ברענגען — —

עס פײַפט אונדזער לאָקאָמאָטיוו און דער צוג הייבט זיך אָן רירן. ביסלעכווײַז דערווײַטערט זיך די קירכן־פּולע שטאָט. האַסטיקער רוישן די רעדער פון אונדזער צוג, און געשווינד דרייען זיך די פעלדער בײַ דער זײַט אין אַ מין קאַראַהאָד. עס פליִען טעלעגראַפן־סלופּעס און געדיכטע דראָטן הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.

— אוקראַיִנאַ!

רויִק ליגן זיך אויסגעשפּרייט די דערפער דאָ און דאָרט, די טונקעלע וועלדער אונטערן פאַרכמאַרעטן האַרבסטיקן הימל און וועבן זיך זייער אַלטע, אוראַלטע, אייביקע מחשבה...

אַ זקן מיט אַ ברייטן קאַפּעליוש, אין אַ לאַנגן אוקראַיִנישן כאַלאַט,

אויבן אויפגעצויגן, אונטן ברייט, אין פֿאַלדן — טוט אַ שווינדל פֿאַרבײַ און פֿאַרשווינדט פון אויג. ער האָט זיך עס, אַ פּנים, אָפּגעשטעלט באַקוקן אונדזער סאַניטאַר־צוג, און געוויס האָט ער אים מיט אַ זיפֿץ באַגלייט.

אַנטקעגן מיר ליגט גראָד אַ ייִד.

— האָט איר געגלייבט — פֿרעג איך אים — אַז אײַך וועט נאָך אויס־קומען צו ליגן ערגעץ אַזוי רויִק, ווי איצט?

יענער האָט טריב אַ שמייכל געטאָן:

— גלייבט מיר, אַז איך ווייס נאָך נישט, וואָס מיט מיר איז. צי ליג איך נישט אין אָקאָפּ און דאָס אַלץ דאַכט זיך מיר גאָר?...

— מסתמא האַלט איר פֿאַרמאַכט די אויגן.

— אמת, אמת, ווי נאָר איך פֿאַרמאַך די אויגן, איז — טאַ־טאַ־טאַ, ב־ב־בוך... ב־ב־ב־בוך!...

זײַן געזיכט האָט זיך שרעקלעך אויסגעקרימט און זײַנע גרויס געוואַ־רענע אויגן האָבן באַקומען אַ קרענקלעך פֿיבערדיקן פֿלעמל...

„עס געוועלטיקט נאָך שטאַרק איבער אים דער קאָשמאַר" — טראַכט איך און זאָג אים:

— מײַן עצה: האַלט אָפֿן די אויגן און קוקט זיך צו נאָר צו דער ווירקלעכקייט...

— איך הער זיך אײַן — זאָגט ער אין אַ ווײַלע אַרום — ווי דער צוג קלאַפּט: „טאַ־טאַ־טאַ־טאַ", מיין איך, אַז עס זענען קוילן, און עס גלוסט זיך מיר אַראָפּצובייגן... נו, וואָס פֿאַר אַן עצה וועט איר מיר איצט געבן — איך זאָל פֿאַרשטאָפּן די אויערן?...

— אַז מען מוז — טוט מען...

— נו — פֿרעגט ער ווײַטער מיט אַ נערוועזן קול — און אַז עס רוישט מיר אין קאָפּ און דער ווייטיק מאַכט מיך משוגע — זאָל איך דעם קאָפּ אונטער די צוגרעדער אונטערלייגן?...

— דאָס טוט מען אויך אַ מאָל — ענטפער איך, אַריַינקומענדיק פון זיַינע רייד אין אַ דעמאָנישער שטימונג...

איך פאַרקוק זיך אין פענצטער אויף די זיך שלענגלענדיקע פעלדער און פאַרטראַכט זיך. עס ריַיסט מיר אָבער באַלד איבער די אומגעלומפערטע שטים פון מיַין וויז־אַ־ווי.

— טראַ־טאַ־טאַ־טאַ, וו־וו־וו־ב־ב־בוך־בוך!... — האָט ער זיך אויפגעזעצט און נאָכגעמאַכט די קוילן און שראַפּנעלן... זיַין פּנים האָט זיך אין אַ ווילדער גרימאַסע אויסגעקרימט. זיַין אויפגעפלאַמטער בליק האָט מיך געשראָקן — אַזוי פיל אומזין, אַזוי פיל שיגעון איז אין אים געווען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט באַלד טאַנצט ער אַראָפּ פון זיַין געלעגער און שפּרינגט אַרויס דורכן פענצטער...

דער צוג שטעלט זיך אָפּ ביַי אַ סטאַנציע און דאָס צעשטריַיט אַלעמען. אויף דער פּלאַטפאָרעם זענען פאַראַן פיל ניַיגעריקע. די פאַרוווּנדעטע עפענען די וואַגאָן־פענצטער און רעדן אַרויס. עס גייען אום מיידלעך מיט פולע קוישן און מען טיילט פון זיי די פאַרוווּנדעטע געבעקס, פּאַפּיראָסן, ציַיטונגען. איינע גייט אַרום מיט אַ קאַן מילך און גיסט פון דעם כּסדר גלאָז נאָך גלאָז פאַר אונדז, „טאַפּפערע העלדן"...

— ליטעראַטור! — ווענד איך זיך דורכן פענצטער צום מיידל און שטרעק אויס די האַנט.

זי דערלאַנגט מיר אַ ציַיטונג און אַ פּאָר ביכלעך: היַינעס „פלאָרענטישע נעכט" און — אַ סמיכת־הפּרשה! — נאָט פינקערטאָנס עפּעס אַ „בלאָף"...

אַזעלכע ענלעכע קבלת־פּנימס זענען געווען כּמעט אויף יעדער גרעסערער סטאַנציע. דער עולם האָט זיך גענומען צום רייכערן. אויך צו דעם איז דער הונגער געוואָרן אויף דער פּאָזיציע אַ ליידנשאַפטלעכער. די לופט אין וואַגאָן איז פול געוואָרן מיט וואָלקנס רויך.

פּאָר נאַכט. דרויסן ווערט טונקעלער. די וואַגאָנשויבן באַקומען אַן אומעטיקן שײַן.

ס׳איז נאַכט געוואָרן.

אַ סאַניטאַר האָט דעם איבערשטן לאַמטערן אָנגעצונדן און די פענצטער זענען שוואַרץ געוואָרן.

דער עולם האָט זיך צעלייגט אויף די געלעגערס.

נישט אַלע זענען אָבער געשלאָפן. אַ סך זענען אין אַטאַקעס געגאַנגען, געשריִען פון שלאָף „הוראַ" און צעמישטערהייט זיך אויפגעכאַפּט...

באַגינען זענען אַלע איבערראַשט געוואָרן: אַ שניי, ווײַסע פעלדער, אַ ווײַסע וועלט!

אַ פרייִקער, אַ סוף־אָקטאָבער־שניי.

אין דער פרי שטעלט זיך דער צוג אָפּ בײַ קורסק.

סאַניטאַרן טראָגן אַרײַן די זעק מיט די זאַכן און הייסן צוריק אַראָפּ־וואַרפן די שפּיטאָלוועש...

יעדער פון אונדז האָט אַ מאָדנע זויערע מינע געמאַכט.

— מיר וועלן בעסער אַרויסגיין נאַקעטע — באַמערקט איינער.

איינער פּרוווט מאַכן אַ „קאָמבינאַציע":

— מײַן אייגן העמד האָב איך דורכן פענצטער אַרויסגעשלײַדערט...

און דער גרוזין מישט זיך אַרײַן:

— און מײַנע איז אַליין אַוועק אין געפאַנגענשאַפט...

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

— ניע פּאַלאַהאַיעטסיאַ — ענטפערט דער סאַניטאַר.

מ׳האָט נעבעך געמוזט אָנטאָן די אַלטע, די צעפליקטע און שמוציקע.

— בר־ר־ר־ר!...

— דיוויזיאַ, סמירנאַ! ביע שעוועליס! — האָט געקאָמאַנדעוועט דער גרוזין, אָנטוענדיק זײַנע וועש מיטן ערדקאָליר...

ס׳האָט זיך מיט יאַטשערקעס געלאַכט...

אַרויס פון די וואַגאָנעס אין דערבייַיקן באַראַק און דאַן איבער דער שטאָט צו אַ שפּיטאָל.

מיר צעשפּרייטן זיך איבער דער גאַס. איטלעכער ווערט אַרומגערינגלט פון נייַגעריקע. יעדער פאַרבייַגייער שטעלט זיך אָפּ קוקן, אַנדערע קערן זיך אום און גייען מיט, פאַרשיטנדיק מיט פראַגעס.

צו מיר גייט צו אַ פּאַניע מיט אַ רויטער באָרד און אין אַ רויט פּעלצל, און שטרעקט מיר אויס אַ זילבערנע צוואַנציק־קאָפּיקענע מטבע.

— וואַזמי, זעמליאַטשאָק, דזווגריוועניק! — זאָגט ער צו מיר מיט אַ ווייכן פּאָטערלעכן טאָן — נאַ בולאָטשקו בודיעט...

אָרעמער, פּאָטערלעך־גוטמוטיקער פּאַניע!...

5

קורסק איז אָבער נאָך אַלץ נישט דאָס ענדציל. מיר פֿאַרבלײַבן דאָ נאָר אויף דערווײַל, נאָר אויף עטלעכע טעג.

אין עוואַקואַציע־שפּיטאָל איז אַ גאַנצער מישמאַש. דאָ זענען אַפֿילו פֿאַראַן עסטרײַכישע פֿאַרוווּנדעטע אויך. יעדער איז נאָך אין זײַנע זאַכן... און קיינער קאָן נאָך רויִק נישט שטיין... איטלעכער צוקט נאָך מיט די אַקסלען. דאָ איז גאַנץ טומלדיק. ווער עס קרעכצט און ווער עס זינגט. איינער אַן עסטרײַכער אויף קוליעס אָנגעלענט, נאָר זייער אַ פֿריילעכער יונג, האָט געוויזן אַקראָבאַטישע שטיק, און האָט שטענדיק אַרום זיך אַ רעדל געהאַט. עס פֿלעגן אַהערקומען אויך זײַטיקע באַזוכערס פֿון שטאָט, פֿאַרשיידענע דאַמען־פּאַטראָנעסעס. עפּעס איינע אַ גראַפֿין מיט אַ מאָנאָקל פֿלעגט אַלע טאָג קומען צו גיין, און פֿלעגט באַזונדערס פֿרײַנדלעך שמייכלען צו די פֿאַרוווּנדעטע. אַ מאָל פֿלעגט זי זיך אַנידערזעצן נעבן איינעמס אַ בעטל און אַ געשפּרעך פֿאַרפֿירן.

מיט יעדן טאָג איז דאָ געוואָרן ענגער: פֿון די פּאָזיציעס פֿלעגן יעדן טאָג אָנקומען עשאַלאָנען פֿאַרוווּנדעטע.

גרופּעסווײַז זיצט מען און מען רעדט וועגן די ווונדן.

איינער, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ „ידען" אין די ענינים, גיט וועגן יעדערן אָפּ אַ מיינונג.

— וואָס זאָגסטו וועגן מײַן פינגער? כ'וועל גיין אַהיים? — פרעגט אַן עלטערער, זאַפּאַסנער, אונטעררוקנדיק זײַן פאַרוויקלטע האַנט.

— דער ווײַזפינגער? יאָ, פריִער פלעגט מען אַהיימלאָזן; איצט אָבער איז מען חושד, אַז ס'איז אייגענע „מלאָכה"... בײַ אַ סך זענען די פינגער שוואַרץ און פאַרברענט פון פּולווער־רויך און פלאַם...

— און מײַן האַנט? — ווײַזט איינער אַ צעבראָכענע האַנט, אײַנגעקלאַמערט אין שינעס — אַט דאָ איז דער ביין צעבראָכן.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך! — רופט אויס דער „ידען" — אַזאַ האַנט מעג מען מקנא זײַן: וועסט גיין זיכער אַהיים. דאָס ווײַב וועט דיך אָבער אַרויסטרײַבן. זי וועט נישט וועלן האָבן קיין אינוואַליד אין שטוב און זי זאָל פאַר דיר אַקערן... מיט איין האַנט וועסטו קאָנען נאָר קינדער וויגן...

— איך האָב קיין ווײַב נישט און כ'האָב קיין ערד נישט — ענטפערט יענער.

— אויב אַזוי וועסטו פון דער מלוכה־פּענסיע די ציין אויף די פּאָליצעס לייגן...

— און איך, און איך? — פרעגט אַ בערדיק ייִדל.

— וואָס איז בײַ דיר?

— מיר האָט געטראָפן אין זײַט, אָט דאָ. איך קאָן זיך נישט אַ דריי טאָן.

— אויך מיר אַ וווּנד! בלאָטע... — זאָגט אים אָפּ דער „ידען".

— סטײַטש — בעט זיך דאָס ייִדל — ס'האָט מיר די לונגען אָנגעגריפן. איך שפּײַ מיט בלוט...

— אויב דו שפּײַסט מיט בלוט, האָסטו נאָך אַ שטיקל מזל. וועסט אַוודאי האָבן אורלויב.

איין סאָלדאַט — אַ הויכער, אַ דיקער, ווי אַ דעמב, מיט אַ רויט פרישטשעוואַט פּנים, רוקט אונטער דאָס מינדסט פינגערל אין מאַרלע פאַרוויקלט.

— און איך וועל גיין אַהיים? — פרעגט ער.

דער עולם פּלאַצט אויס אין אַ געלעכטער.

— מיט איין האַנט — זאָגט דער „ידען" — וואָלסטו אויך געקאָנט איינוואַרפן אַ מויער...

און אַ צווייטער האַלט אונטער:

— דאָס איז טאַקע אַ חולה־מסוכן. מען דאַרף אים קאָרמענען מיט בוליאָן...

— און מיט אַ באַק קאַפּוסטע אַלס קאָמפּאָט... — גיט ווער צו.

דער „ידען" אַליין איז פאַרווונדעט אין איבערשטן טייל פון דער האַנט.

— און דו וועסט גיין אַהיים? — פרעגט מען אים.

— כ'וועל גיכער גיין אין דער „מאַרשעראָוואַיאַ ראָטאַ". ווען ס'וואָלט מיך געטראָפן אָט דאָ אין ברוסט, וואָלט איך זיכער געווען אַ באַפרייטער... אַ געלעכטער.

און אַזוי זיצט מען אָפּ גאַנצענע שעהען און מען רעדט מיט בליש־טשענדיקע אויגן וועגן די ווונדן, ווי פרויען וועגן קליידער...

אויפן פערטן טאָג — ווידער אין וועג אַריין.

— קיין וואָראָנעזש!

ווו וועט שוין זיין אַ ביסל רו?

ווידער אַ סאַניטאַר־צוג, און ווידער אַ גאַנצער מעת־לעת פאָרעניש. עס האָט שוין דערעסן דער מאָנאָטאָנער ריטעם פון די צוגרעדער: „טאַ־טאַ, טאַ־טאַ"...

אָוונט, אין וואָראָנעזש ביים וואָקזאַל — אַ סורפּריז: אויטאָמאָבילן!

— מאַכט מען עס בישט חוזק פון אונדז?...

איך שטייג אַריין אין אַן אויטאָמאָביל צוזאַמען מיט עפּעס אַ פיר פאַר־ווונדעטע, פרימיטיווע פויערים.

די אויטאָמאָבילן לאָזן זיך אַוועק מיט אַ טיַיוולאָנישער שנעלקייט איבער די לאַנגע האַלב־ליידיקע אָוונטגאַסן פון שטאָט. עס מאַכט אָן אַ ווינט און די פויערים שטיקן זיך פון געלעכטער.

— העי פּאַנטאָמאָביל! — שריַיט איינער און לאַכט.

— מיר האָט זיך עס קיין מאָל גאָרנישט געחלומט — זאָגט אַ צווייטער.

— וואַ־מאַ־ני־ע, סמירנאָ! — שריַיט אַ דריטער און בלאָזט זיך רחבות־דיק.

— גאַספּאַדאַ אַפּיצערי!... — כאַפּט אונטער דער פּערטער.

און די אויטאָמאָבילן מיט די פאַרוווּנדעטע פליִען איינע נאָך די אַנדערע מיט אַ היץ און רוישעריַי, און ענדלעך שטעלן זיי זיך אָפּ ביַי אַ העל־באַלויכטענער געביַידע פון אַ הויפּטגאַס: דאָ איז דער שפּיטאָל.

ביַים אַריַינגאַנג שטייט אַ מאַסע מענטשן, על־פּי רוב פון דער לער־יוגנט: סטודענטישע בלויע היטלען, יונגע בליִענדיקע גימנאַזיסטינס, באַ־לויכטענע פון אַ העלער ליכטיקייט.

די סטודענטן העלפן געשיקט אַראָפּנעמען די פאַרוווּנדעטע פון די אויטאָמאָבילן און אַריַינפירן אינעווייניק אין שפּיטאָל.

ביַי מיַין אויסשטיַיגן לויפט צו צו מיר אַ סטודענט און כאַפּט מיך אונטערן האַנט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — זאָג איך גערירט — מיַינע פיס זענען גאַנץ...

עס העלפט אָבער נישט: ער באַגלייט מיך אַזוי ביז אויף די טרעפּ אַרויף...

ווער ווייס: אפשר איז עס ביַי אים אַגב געווען אַ „זשעסט" פאַר עפּעס אַ בליִענדיקער, מיט ליכט באַגאָסענער, יונג מיידל, וואָס איז דערנעבן געשטאַנען?...

# 6

איך ליג אין אַ ווײַס, זויבער בעטל און קוק מיט אָפענע אויגן צום סופיט. אַלץ איז זויבער און ריין — די ווענט, דער סופיט, די שכנישע בעטלעך און אַפילו די פּאָדלאָגע גלאַנצט און שפּיגלט זיך.

עס מישט און טומלט אין קאָפּ. איך בין שוואַך ווי אַ קינד. עס איז מיר שווער מיט אַן אָבר אַ ריר צו טאָן. פאַרקעלטערט, צעבראָכן פון דעם וואָגלעניש. עס פיבערט מיך.

עס פלאָנטערן זיך די געדאַנקען און אומבאַמערקט שליסן זיך די אויגן צו. דאָס איז אָבער נישט קיין שלאָף, וואָס גיט רו; מאָדנע קאָשמאַרן פאַנגען דאָס גאַנצע וועזן און פלאָגן, און פּײַניקן...

...אַ געדיכטער רויטער נעפּל שפּרייט זיך אַרום און אַרום און פאַרדעקט אַלץ אין זײַנע פליגל — באַרג און טאָל, לאָנקע און וואַלד... פאַרפאַלן איז געוואָרן די בלויקייט פונעם הימל — אַלץ רויט, בלוטיק רויט... און דורכן נעפּל רײַסן זיך פאַרשטיקטע קולות און פאַרצווייפלטע קללות... עס האָבן זיך דונערן צעווילדעוועט און פאַרטויבן די קולות, און שטײַגן איבער די קללות... און מענטשן אין גרויע שינעלן — וואַנזיניקע, צעמישטע — פליִען אום ווי בלוטדאָרשטיקע פאַנטערעס, און פליקן איינע די אַנדערע, ווי געטריבן פון אַ שרעקלעכן גרויזאַמען האַר פון נקמה... און עס שטיקט מיך דער געדיכטער רויטער נעפּל, כ'קאָן נישט אָטעמען, און עס פאַרטויבן מיך די אומגעלומפּערטע ווילדע קולות, און הענט מיט חיהשע נעגל שטרעקן זיך צו מיר, צו מײַן האַלדז...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— אַך, ווער ביסטו?...

איבער מיר איז געשטאַנען עטוואָס אָנגעבויגן עפּעס אַ ווייַסער שאָטן פון אַ יונגפרוי. אין גאַנצן אין בלענדנדיקער ווייַסקייט, ווי אַ מלאך. איר האַרץ האָט דורכגעשניטן אַ רויטער דיקער קרייץ. פון איר געזיכט האָבן גלייַך אויף מיר אַראָפּגעקוקט צוויי בלויע אויגן. אויף מייַן שטערן איז איר הענטל געלעגן. עס האָט מאָדנע צאַרט געקילט.

— באַרויִקט זיך — האָבן אירע ליפּן שטיל געמורמלט.

— ווו בין איך?

דאָס הענטל האָט נאָך מייַן שטערן געגלעט:

— ווי הייס!

— וואָס איז מיט מיר, שוועסטער?

אירע אויגן האָבן מוטערלעך געטרייסט.

— גאָרנישט, גאָרנישט, פאַרקעלטערט... היץ.

זי שטעקט מיר אַ טערמאָמעטער אונטערן אָרעם.

איך קוק זיך אַרום, ווי וועלנדיק זיך איבערצייַגן, ווו איך געפין זיך דאָ.

כ׳האָב די בעטלעך מיט די קראַנקע דערזען.

— אַך, ווי עס פּייַניקט מיך, שוועסטער! זעצט זיך אָט דאָ אויפן ראַנד פונעם בעטל.

זי טוט מיר געדולדיק צו ליב.

שווער און קאָשמאַרפול האָבן זיך געצויגן די ערשטע טעג אין שפּיטאָל. די נעכט זענען געווען אומזיניקע, משוגענע... אין קראַנקן דמיון האָט אַלץ אַזוי בולט צוריק אויפגעלעבט... שליסן זיך קוים די ברעמען צו — אַזוי עפנט זיך דער גיהנום אויף...

איך מאַטער זיך ביַי נאַכט מיט גוואַלד די אויגן צו האַלטן אָפן.
עפּעס איינער בלאָנדזשעט אום איבער דער פּאַלאַטקע ווי אַ שאָטן.
— פאַר וואָס שלאָפסטו נישט ?
ער שטעלט זיך אַ וויַילע אָפּ און קוקט מיך אָן מיט משונהדיקע אויגן.
— עס מאַכן מיך משוגע די חלומות.
אָ, ווען איך וואָלט שוין געקאָנט אַרומגיין! כ׳וואָלט אין די גאַסן געלאָפן! כ׳וואָלט זיך אין העל־באַלויכטענע זאַלן באַהאַלטן!... צווישן טאַנצנ־דיקע וואָלט איך זיך אַריַינגעפּלאָנטערט...
כ׳בין נאָך שוואַך. פאַר די אויגן שווינדלט. דער שטערן איז נאָך הייס...

אַ גרויער פאַרנאַכט.
דורכן פענצטער זעט זיך אַ וויַיסער דאַך און אַ שטיקל פאַרכמאַרעטער הימל. ס׳איז שוין ווינטער געוואָרן. נישט באַמערקט גוט דעם איבערגאַנג פון דער ציַיט.
אויפן ראַנד פון מיַין בעטל זיצט די באַרעמהאַרציקע שוועסטער מיט אירע טרייסטנדיקע אויגן.
מיר איז שוין אַ סך, אַ סך גרינגער. זי פאַרזיכערט מיר, אַז די היץ איז שוין כמעט געפאַלן. בלויז איין ביסעלע געבליבן צוליב דער וווּנד.
פון דער שכנישער פּאַלאַטקע דערטראָגט זיך עפּעס אַ גראָב זינגען.
„שומיעל, גאָריעל פּאָזשאַר מאָסקאָווסקי...״ *
— עס מאַכט מיך נערוועז, שוועסטער.
זי האָט אַ שמייכל געטאָן.
— דאָס זענען קולות פון פאָלק...
— ווי מגושמדיק איז די קאַזאַרמע!

* ס׳האָט גערוישט און געפלאַקערט דער פּאָזשאַר דער מאָסקוּוער.

— דאָס רויִע, דאָס ווילדע קאָן נישט זײַן סובטעל...

איך דערשפּיר אינסטינקטיוו איר פילבאַרע נשמה. אָך, עס גלוסט זיך מיר רעדן מיט איר נישט וועגן קראַנקהייט און שפּיטאָל, נאָר אַנדערש, אַנדערש, ווי מיט אַ פרײַנד, אַ נאָענטן פרײַנד.

— שוועסטער, איך האָב שוין לאַנג מיט קיין מענטשן פון דער פרײַ, פון ד ע ר זײַט, נישט גערעדט. דער שינעל האָט שוין חדשים לאַנג אַ גרענעץ געמאַכט צווישן מיר און דער וועלט...

זי האָט מיך פאַרשטאַנען.

— הייסט עס — האָט זי געשמייכלט — אַז איך בין די ערשטע, וואָס איר באַגעגנט איצט אויף דער גרענעץ פון ד ע ר ז ײַ ט...

— יאָ, שוועסטער, איר זענט די ערשטע...

איך קוק זי אָן. זי איז נאָך יונג. אַ מיידל פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק. אַ פרישע געזיכט, זאַפטיקע, צאַרטע ליפּן. נאָר די ווײַסע „קאָסינקע" גיט איר צו דאָס אויסזען פון אַ מאַדאָנע.

— זענט איר שוין לאַנג אַ שוועסטער?

— ניין, נישט לאַנג, איך בין אַ פרײַוויליקע.

— האָט איר געדולד צו די קאַפּריזן פון די קראַנקע?

זי דערציילט מיר, אַז אַ מאָדנעם געפיל פון כבוד האָט זי צו די, וואָס קומען פון טויטס אָרעמס... „מיר דאַכט, זאָגט זי, כ'וואָלט צוויי לעבנס אָפּגעלעבט און אַזעלכע מינוטן נישט געהאַט"... און דערפאַר גיט זי אַוועק די פאַרווונדעטע אָוונט נאָך אָוונט, כאָטש זי וואָלט דעמאָלט געקאָנט שפּאַצירן און זיך ערגעץ ווו פאַרווײַלן...

— איר וועט מיר זאָגן דעם אמת, וועל איך אײַך עפּעס פרעגן? — ווענדט זי זיך צו מיר.

— איך זאָג אײַך צו, שוועסטער!

— וויפל מענטשלעכע לעבנס — פרעגט זי — האָט איר אויף אײַער געוויסן?...

עס האָט מיך איבערראַשט. כ׳האָב עס פון איר נישט דערוואַרט.

— קיין איין בלוטפלעק, שוועסטער! — ענטפער איך מיט אַ באַטאָנונג

— כ׳בין אפשר דערפאַר קיין „געאָרגי״ נישט ווערט, נאָר דאָס אַרט מיך גראָד ווייניק... איין קרייץ האָב איך יאָ געקאָנט באַקומען אויפן פעלד...

— פאַר וואָס? — רײַסט זי נײַגעריק איבער.

— אַ קרייץ, אָבער אַ הילצערנער: איבער אַ ברודער־קבר...

זי האָט אַ שוידער געטאָן...

— איר ווייסט, שוועסטער — רעד איך ווײַטער — איין מאָל אויף דער פּאָזיציע איז אויף מיר אַ הונט אָנגעפאַלן, אַ בייזער, אַ בלוטדאָרשטי־קער, וואָס האָט זיך נאָר צו מיר געריסן מיטן אָפענעם מויל און שאַרפע ציין. איך האָב אים אָנגעשטעלט אַנטקעגן דעם שפּיז, נאָר ער איז אַלץ ווילדער און בייזער געוואָרן. „דערשיסן״ — האָט מיר אַ בליץ געטאָן אין מוח. כ׳האָב שנעל אַן עפן געטאָן דעם „זאַטוואָר״ (פאַררוקער), אַרײַנגעלייגט אַ פּאַטראָן און... דאָ האָט זיך מיר די האַנט אַראָפּגעלאָזט... ס׳האָט מיר אין קאָפּ דורכגעבליצט: אַ שרעקלעכע יאָמערײַ... אַ שטראָם פון הייס קאָכע־דיק בלוט... אַ נבלה פון אַ הונט מיט הפקרדיק צעשפּרייטע פיסלעך אויף אַ פּוסטן פעלד...

— און איר האָט אים נישט דערשאָסן?

— ניין, שוועסטער, איך האָב אים נישט דערשאָסן. איך בין נישט געװען „טאַפּפער״ געווען...

— נישט „טאַפּפער״ — לאַכט זי — און איך וואָלט אײַך גראָד דער־פאַר אַן אויסצייכענונג געגעבן...

— ראַד סטאַראַטסיאַ!...*

— מײַן גאָט! — פאַרברעכט זי די הענט — וויפל פאַרפלעקטע גע־וויסנס דאַרפן זײַן!

---

* צום באַפעל!...

— יאָ, יאָ — דערציייל איך ווייַטער — געזען האָב איך אַ סך, אַ סך. פֿאַר מייַנע אויגן האָט מען מענטשלעכע לעבנס אין איין מינוט איבער־געריסן... פֿאַר מייַנע אויגן האָט איינער עפּעס אַן אידיאָט מיטן גאַנצן אימפּעט דעם שפּיז אין אַ טויטן קערפּער אַרייַנגעשטעקט... בר־ר־ר! האָבן די ביינער אַ טרעשטשע געטאָן, אָבער רויִק איז דער קערפּער געלעגן, ווי נאָר רויִק עס קאָן זייַן דער טויט... וואָס, איר שוידערט, שוועסטער?

— דערציילט, דערציילט — בעט זי — כאָטש ס'איז שרעקלעך.

— אָט דער פֿאַל מיטן טויטן פֿאַרפֿאָלגט מיך עד־היום. עס דאַכט זיך מיר, אַז דער טויט, דער אומבאַזיגלעכער טויט לאַכט מעפיסטאָפעליש און נעמט נקמה אַן ל ע ב ן...

— אַך, מייַן גאָט! — כאַפּט זיך פּלוצלינג די שוועסטער — איר טאָרט נישט רעדן וועגן דעם. עס רעגט אייַך אויף. שווייַגט בעסער, שווייַגט!

און איר צאַרט ווייַס הענטל האָט מיך בייַם פּולס געצומען.

ס'איז שוין אָונט געווען. דאָס פֿענצטער איז שוין שוואַרץ געוואָרן.

אין דער שכנישער פּאַלאַטקע זענען שוין די געזאַנגען פֿאַרשטומט.

— עס רוקט זיך שוין אָן אַ לאַנגע, אַ שלאָפלאָזע נאַכט...

אַ העלער ווינטערטאָג האָט אַרייַנגעקוקט אין פֿענצטער. אַנטקעגן איז דער שניידאַך געווען באַגאָסן מיט אַ ליכטיקייט, וואָס די קילע ווינטערזון האָט פֿון ערגעץ ווו געגאָסן.

איך פֿיל זיך מונטערער, קרעפֿטיקער. עס ווילט זיך מיר פּרוּוון גיין שפּאַצירן אין קאָרידאָר.

איך זיץ אויפֿן בעטל און ניי צו אַ קנעפּל, וואָס האָט געפֿעלט אין קאָלנער פֿון העמד.

עס קומט אַרייַן די שוועסטער.

— לאָזט מיך — נעמט זי צו בײַ מיר די נאָדל־פּאָדעם, זעצט זיך אויפן בעטל און אירע צאַרטע הענטעלעך נעמען זיך פּאָרן בײַ מײַן האַלדז...

דערבײַ האָט זי מיר אַלע ווײַלע אין די אויגן פאַרקוקט, ווי אַ גוטע, געטרײַע מאַמע...

— איר ווייסט, שוועסטער — קום איך אַרײַן אין אַ שפּאַסיקן פּאַטאָס — כ׳וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט א י י ב י ק, א י י ב י ק מיר נייען דאָס דאָזיקע קנעפּל!...

זי האָט זיך מאָדנע צעלאַכט. אַ פרײַ און ווילד געלעכטער, וואָס קלינגט נאָר אין די ברייטע רוסישע סטעפּעס...

— איר מאַכט מיך פאַרגעסן פון מײַן פליכט — האָט זי האַלב קאָקע־טירט — אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער טאָר נישט לאַכן אַזוי...

— עס שאַדט נישט — פאַרטיידיק איך זי — איר זיצט נישט נעבן אַלטע חולאים, וואָס וואַרטן שוין אויפן קבר... אַדרבה, אײַער לאַכן איז אַ סימבאָל פון ל ע ב ן, וואָס וואַרט נאָך אָפּ, אפשר, ווער ווייס, מיט אָפענע אָרעמס... איבעריקנס...

— וואָס „איבעריקנס”?

— אפשר איז פּונקט פאַרקערט: נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש — און ווידער: „טראַ־טאַ־טאַ־טאַ”...

— איר וועט זיכער באַקומען אורלויב — טרייסט זי מיך.

איך באַמערק, אַז עס דויערט עפּעס צו פיל דאָס נייען...

איך קוק זי שטום אָן. איר געזיכט האָט סעמיטישע שטריכן. זאָל זי זײַן אַ ייִדין? איך וויל אָבער וועגן דעם נישט פרעגן און זוך דורך אַן אַנדער אויסוועג דאָס צו דערגיין.

— איר זענט אַ גלייביקע? — פרעג איך.

— ניין! — ענטפערט זי אַנטשלאָסן — איך גיי נישט אין קירך און טראָג אַפילו נישט קיין צלם אויפן האַלדז.

נישט קיין ייִדין, הייסט עס...

ענדלעך איז שוין דאָס קנעפּל צוגענייט און זי אַליין שפּילעט מיר צו דעם קאָלנער.

איך באַדאַנק איר מיט אַ קוש אין איר צאַרט הענטל.

— איצט האָב איך די ערע אײַך אײַנצולאַדן שפּאַצירן, אַ ביסל אין קאָרידאָר.

כ׳טו אָן דעם שפּיטאָל־כאַלאַט און זי באַגלייט מיך אַרויס.

אין קאָרידאָר דרייען זיך שפּאַצירנדיקע. אַנדערע גייען אין דער באַ־גלייטונג פון באַרעמהאַרציקע שוועסטער.

— אָן אמתע ליבע־אַלייע... — באַמערקט זי.

— כ׳האָב אײַך פריִער געזאָגט, אַז דאָ מעג מען לאַכן...

פון גאַס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער: דאָס שפּילט מען לכּבֿוד אַ נצחון אויף די קאַרפּאַטן... אַ פּנים, אַז „דאָרט" גייט עס נאָך אַלץ מיטן זעלבן טעמפּאָ...

כ׳האָב אינסטינקטיוו אַ שוידער געטאָן.

אַזוי זענען געקראָכן די לאַנגזאַמע שפּיטאָלטעג מיט די פּאַמעלעכע, מיינסטנס שלאָפלאָזע נעכט. איין וואָך, אַ צווייטע, אַ דריטע. ווען נישט די ווײַסע שוועסטער, וואָלט עס אַ תּפֿיסה געווען... ווען נאָר זי פלעגט האָבן אַ פרײַע שעה, פלעגט זי צו מיר אַרײַנקומען, אויף מײַן בעטל זיך זעצן, און ס׳פלעגט זיך קיין מאָל בײַ אונדז קיין רייד נישט אויסנעמען. ס׳איז שוין ענדלעך געוואָרן אויף אַ לײַכטע „אינטריגעלע"... איר שמייכל צו מיר איז וואָס אַ טאָג אַלץ ליבער, אַלץ פרײַנדלעכער געוואָרן. אַ מאָל פלעגט זי צוגיין צו מיר מיט אַ קאָקעטיש־שטיפעריש מינעלע און מיך פאַר דער האַנט נעמען:

— גייען מיר אין דער „ליבע־אַלייע" ?...

איין טאָג קומט זי אַרײַן מיט אַן אומעטיקן שמייכל און זאָגט:

— איר ווייסט, איר פאָרט הײַנט אַוועק.

— וווהין? נאָך הײַנט?

— קיין סאַראַטאָוו.

— פאַר וואָס עפּעס?

— מ׳האָט געבראַכט זייער פיל פרישע פאַרוווּנדעטע.

— עס ווילט זיך נישט פאָרן, שוועסטער...

עס האָט זיך מיר באמת נישט געגלוסט. פאָר און פאָר. מ׳קאָן אַזוי אָנשפּאַרן אַזש קיין סיביר, צי גאָר הינטער די הרי חושך... און אַחוץ דעם, אפשר אַ ביסל צוליב דער ווײַסער שוועסטער אויך...

באַלד טאַקע האָט מען די הכנות גענומען מאַכן. מ׳האָט די צוגענומענע זאַכן אַרויסגעגעבן, און כ׳בין שוין ווידער געווען אין מײַן רויט־געפלעקטן שינעל...

די שוועסטער איז זיך געקומען געזעגענען מיט מיר.

— מײַן גאָט, ס׳אַראַ רויטער שינעל בײַ אײַך! — האָט זי די הענט פאַרבראָכן.

איך האָב איר פעסט און האַרציק דאָס ווײַסע הענטל געדריקט.

— קערט זיך אום צום ל ע ב ן! — ווינטשט זי מיר.

— איר זײַט די ע ר ש ט ע געווען, שוועסטער!... — די ערשטע שוואַלב פון פרילינג...

אין קליינעם אויבערטעשל פון איר שוועסטער־שירץ האָבן עטלעכע אימאָרטעלן געשטעקט.

— גיט מיר עס מיט, ווײַסע שוועסטער!

כ׳האָב עס ווי אַ מין הייליקייט גענומען...

# 7

איבער די ווינטערדיקע שנייִיקע גאַסן פֿון סאַראַטאָוו האָב איך זיך אומגעדרייט גאַנצע טעג. אין מוח האָט ווי מיט גלאָקן געקלונגען די פֿרײַ־הייט, וואָס אַ פּאָר קאָמיסיע־דאָקטוירים האָבן פֿלעגמאַטיש אַרויסגערעדט און גלײַכגילטיק פֿאַרנאָטירט...

איך וואָגל איבער דער שטאָט מיט אַ מאָדנעם געפֿיל. ווי משונהדיק האָט אויסגעוויזן אַלץ, וואָס מיט מיר איז פֿאָרגעקומען. ווי אַזוי? ווי אַזוי האָט עס אַלץ געקאָנט געשען?...

כ'האָב מיך געשפּירט ווי אַן אָפּגעגאַרטער, ווי אַ באַליידיקטער... אַ פֿאַרביטערטן גײַסט, אַ בייזן דעמאָן, וואָס האָט קיין רו און קיין תּיקון נישט אין די תּוהו־ובוהודיקע ספֿערן, האָט זיך פֿאַרגלוסט מיט מיר אַ שפּאַס צו מאַכן, אַ גרויזאַמען שפּאַס... געהאָגלט מיט מעטאַל און — מײַן שאַרבן נישט דורכגעלעכערט... געהאַלטן מיך אויפֿן ראַנד פֿון שוואַרצן, פֿינצטערן תּהום און — נישט אַרײַנגעשטויסן... געפּײַניקט מיט הונגער, דאָרשט, מיט אַ ברענענדיקער זון אויף טיפֿע זאַמדיקע וועגן, מיט האַרבס־טיקע רעגנדיקע נעכט און נאַסע ווערעמפּולע גריבער און — דאָס האַרץ און די לונגען זענען גאַנץ געבליבן... געפּליקט און געצופּט דעם מאַרך מיט פֿאַרסמטע געדאַנקען, מיט גרויל און פּחד, מיט צעבלוטיקטע מענטש־לעכע קערפּערס, מיט פֿאַרגליווערטע ברוין־בלויע געזיכטער און אויסגע־קערטע פֿאַרלאָפֿענע אויגן און — פֿון זינען נישט אַראָפּגעפֿירט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַן אָפּגעגנאַרטער, אַ באַליידיקטער האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבער די ווײַסע גאַסן פון דער וואָלגאַ־שטאָט... אַ שפּענדל, וואָס מאַכטיקע ים־כוואַליעס האָבן עס אומגעשלײַדערט אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און איצט — צוריק אויפן ברעג אויסגעשפּיגן — —

אויף די טראָטואַרן דרייען זיך מענטשן, יונג און אַלט... אויך פֿריִער, ווען כ׳בין נאָך געווען „דאָרט", האָבן זיך דאָ מענטשן אַזוי רויִק באַוועגט... די זעלבע דאַמעס אין די עלעגאַנטע טואַלעטן זענען זיך אויך אַזוי אומגע־גאַנגען מיט דראָבנע טריטעלעך און קאָקעטירנדיק געשמייכלט, און קלינ־געוודיק געלאַכט...

איך גיי נאָך אין די קריגסקליידער. דער זעלבער רויט־פּאַרפלעקטער שינעל... די האַנט הענגט נאָך אויף אַ מאַרלע־הענגער אויפן האַלדז. בליקן שטעלן זיך אָפּ אויף מיר. „אַ קרבן"... קלערט אַוודאי איטלעכער און בעת־מעשׂה טוט אים הנאה, וואָס ער איז טרוקן און גאַנץ...

עפּעס אַ דאַמע מיט אַ קוישל אין דער האַנט שטעלט מיך אָפּ און מיט אַ מאָדנעם רחמנות־טאָן לייגט זי מיר פּאַר אַ „פּיראָג", וואָס זי ציט אַרויס פונעם קוישל...

אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך שוין זײַן אין ציוויל־קליידער און קיינער וועט מיך שוין נישט באַמערקן. איך וועל גלײַך ווי אַלע גיין אויף די טראָטואַרן און אויך אַזוי פֿאַרבײַגיין אַ פֿאַרוווּנדעטן, וואָס וועט מיר אַנטקעגנקומען מיט אַ מאַרלעבינט... „גלײַך ווי אַלע" — ניין, ניין, אַ טעות. אַ גאַנצער תּהום וועט זיך עפענען! — —

עס מאַרשירן פֿאַרבײַ רעקרוטן: יונגע, פרישע, געזונטע פּנימער, בראַווע טריט, שטאָלצע שטימען. אַלע נאָך אין ציוויל־קליידער. איינער אַ סטודענט טראָגט נאָך אַ בלוי היטל און קאַמאַשן. זיי מאַרשירן און זינגען מיט אַ מין התמדה.

— שפּילט אײַך, שפּילט אײַך, קינדערלעך, עס וואַרט אויף אײַך אַ גוטע זאַך...

איך זיץ אין אַ גרעסערן טראַקטיר בײַ אַ טײטישל.

אַ פולער עולם. יעדער טישל איז אַרומגערינגלט פון טײטרינקערס. לאַנגהאַריקע, בערדיקע פּאַניעס מיט פולע יאַדערדיקע ווײַבער און קינדער. אויף יעדן טישל שטייען צווײ ווײַסע פּאָרצעלײַענע טשײַניקעס, אײנער אויפן אַנדערן, אַ קלײנער אויף אַ גרויסן, און ס׳זעט אויס, ווי אַן אומגע־לומפּערטער מאַנעקען מיט אַ גרויסן אָנגעבלאָזענעם בויך און אַ לעכערלעך קליין קעפּל...

דער עולם שמועסט, היצט זיך און זופּט דעם „טשאַיאָק״ פון די שעלכלעך און פון שטערן קאַפּען טראָפּנס שווייס גלײַך אין שעלכל אַראָפּ...

מ׳רעדט וועגן דער מלחמה און וועגן „צאַר־באַטיושקאַ״, וואָס איז דורכגעפאַלן דורך דער שטאָט.

נעבן אײן טישל זיצט אַ גאָראָדאָוואָי.

— צו וואָס האָט איר עס באַדאַרפט אַזאַ שחיטה? — ווענדט זיך צו אים אַ פּאַניע, גלײַך ווי דער גאָראָדאָוואָי וואָלט געהאַט אַ שײַכות צו דעם מלחמה־אויסבראָך...

דער גאָראָדאָוואָי פאַרענטפערט זיך טאַקע ווי אַ שולדיקער:

— מיר וועלן דען לאָזן די שוואַבן געוועלטיקן איבער אונדז?...

— איר וועט אונדזער „מאַטושקאַ־ראָסיאַ״ אומברענגען! — קומט אַרײַן דער פּאַניע אין אַ העכערן טאָן — אָט זע, וואָס איר האָט אויפגעטאָן!

— גיט ער פּלוצלינג אַ ווײַז אויף מיר — זע, וויפל מענטשן ווערט איר אַזוי צעשחטן און מאַכן פאַר קאַליקעס.

עס ווערט מיר אומבאַקוועם, וואָס ער האָט אויך מיך אַרײַנגעצויגן אין מיטן...

דער גאָראָדאָוואָי שטעלט זיך אויף פון אָרט, טוט אָן דאָס היטל, טוט

זיך אַ טאָפּ פּאַר דער שווערד און רעדט מיט אַן ערנסטן טאָן פון אַן אָרדענונגס־היטער:

— איוואַן איוואַנאָוויטש! האָסט פאַרגעסן, אַז דו ביסט אין אַן „אָב־שטשעסטווענעם" (געזעלשאַפטלעכן) אָרט און דו שטערסט די אָרדענונג!

דער פּאָניע קומט אַרײַן אין צאָרן:

— וועסט מיר אפשר אַרעסטירן, כאַבאַרניק דו?...

עס ווערט אַ סקאַנדאַל. דער גאָראָדאָוואָי פײַפט. דעם פּאָניעס ווײַב פאַרענטפערט דעם מאַן און שרײַט:

— ער איז שיכּור! ער איז שיכּור!

איך פאַרלאָז דאָס טומלדיקע אָרט.

איך לאָז מיך אַראָפּ צו דער וואָלגאַ. עס דערמאָנט זיך מיר דער ניעמאַן מיט זײַנע גרין־פאַרוואַקסענע אידיליש־שטילע הויכע ברעגעס, וווהין אַ צוג וועט מיך אין עטלעכע טעג אַרום אַוועקטראָגן... עך ווײַטע, אָרעמע ליטע!

איך שטיי און קוק.

ווי אַ פאַרשלאָפענער ריז ליגט דער טײַך אין זײַן ברייטן־ברייטן און טיפן בעט. וואָס חלומט אים, דעם רוסישן גרויסן ריז אין זײַן ווינטער־שלאָף? פּלאָנטערן זיך אין זײַן חלום די סטענקאַ ראַזינס, די יערמאַקס?... אָדער טרוימט ער פון אַ פרילינג, ווען ער וועט זיך פון די ברעגעס אַרויסרײַסן, און ווי אַ געפאַנגענער די אָרעמס צעשפרייטן?

— ווער ווייס?...

אין מוח קלינגט אָפּ אַ ליד:

„וואָלגאַ, וואָלגאַ, מאַט' ראָדנאַיאַ..." *

---

* וואָלגאַ, וואָלגאַ, ליבלעכע מוטער...

ס׳איז מיר פרעמד דאָס ליד, דאָך נ אָ נ ט... פון די ווײַטע רוסישע צפון־שטעט האָט עס צו אונדזער געטאָ דערגרייכט און פאַרקלונגען...
„וואָלגאַ, וואָלגאַ...״

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פון ערגעץ קלינגען קירכנגלאָקן.
גלין־גלאָן! גלין־גלאָן!
צי איז עס אַ יובל פון אַ פרישן בלוט־נצחון? אָדער — באַהאַלט זיך דערין עפּעס אַנדערש, אַנדערש, וואָס דאַרף נאָך געבוירן ווערן?...
די וואָלגאַ ליגט אין איר ווינטערשלאָף און פאַרנעמט שטום דעם ווײַטן גלין־גלאָן...
עס גייען פאַרבײַ צוויי סטודענטן און שטעלן זיך אָפּ נישט ווײַט פון מיר.
איך באַמערק, ווי איינער טוט אַ ווײַז אויף מײַן שינעל און איך הער:
— זעסט דאָס רויטע? דאָס איז אַ האָפענונג... אַ ר ו י ט ע האָפענונג...
צ ו ס י מ אַ האָט דעם גולם אויפגעוועקט. ער איז נאָך אָבער בלינד געווען.
און אָט דאָס רויטע — ער האָט ווידער אַ ווײַז געטאָן אויף מײַן שינעל
— וועט זײַן פאַקל זײַן, וואָס וועט די בלינדע הײַטלעך פון זײַנע אויגן דורכרײַסן...
— אַ רויטער פאַקל! — האָט דער צווייטער מיט אויפגעשטראַלטע אויגן אויסגערופן.
אוןביידע פילן נישט בעת־מעשׂה, אַז איך פאַרשטיי זייער נביאות און אַז אויך מײַן האַרץ האָט טיף אַ צאַפּל געטאָן...
דאָס נביאות, וואָס איז טאַקע לסוף מקוים־געוואָרן...

1

# אין פּאָלק אַרײַן

דער לעצטער האַרבסט פֿאַר דער וועלט־שׂרפֿה.

כ׳האָב זיך געמוזט צושטעלן צו „דערפֿילן דעם חוב״ אַלס בירגער פֿון דער בריטער רוסישער אימפּעריע.

נאָך אַ צען מאָל אויסטאָן זיך פֿאַר פֿלערליי מיליטערישע מעדיציניִשע קאָמיסיעס האָט מען געפֿונען, אַז — „גאָדיען!״... כ׳בין, הייסט עס, ראוי צו באַשיצן דאָס „פֿאָטערלאַנד״ און דעם „צאַר באַטיושקאַ״... טאָמער האָט איינער אַ מיליטער־דאָקטער געפֿונען עפּעס אַ שטיקל חשש צוליב בלאָס־קייט, צי כּדומה, האָט אַ צווייטער אין אַ „קנעפּל״ איבערהאַקט:

— ניטשעוואָ, קאַשאַ פּאָפּראַוויט![1]

ס׳העלפֿט נישט. האָב איך געמוזט זיך פֿאַרשאַפֿן אַ הילצערן ברוין־געפֿאַרבט קעסטל, אָנגעשריבן דערויף מײַן נאָמען און פֿאַמיליע — ווי אַלע רעקרוטן טוען — און זיך געשטעלט צום באַשטימטן טאָג אין „סבאָרני פּונקט״.

אַ ריזיקע ווײַסע געבײַדע. אַ הויף, אַ יריד פֿון יונגע חברה־לײַט. „נאָוואָבראַנצעס״ האַלב־שיכּורע, אין גלאַנציקע שטיוועלעך, מיט גלאַט אָפּ־געשוירענע קעפּ. אַ געמיש פֿון דאָרפֿפּויערים און ייִדישע פּנימער. עפּעס אַ פּאָר „נאָוואָבראַנצעס״ טראָגן שוין אַפֿילו קאַזיאָנע היטלען. מ׳פּילדערט, מ׳שטעלט אויס אויפֿן הויף, מ׳גרופּירט.

1 נישקשה, די קאַשע וועט אים פֿאַרבעסערן.

לסוף פאַל איך אַרײַן אין אַ גרופּע פון אַ צוואַנציק מאַן, וועלכע מ׳טיילט אויס באַזונדער: מיר זענען באַשטימט געוואָרן קיין זשיטאָמיר אין אַ פּיעכאָטע־פּאָלק.

אַ סאָלדאַט פירט אונדז אַוועק צו דער באַן.

אין אָפּגעזונדערטן קופּע פון לעצטן וואַגאָן, ווו מ׳האָט אונדז אַרײַנגעפּאַקט, ווער איך געוווּיר, אַז צווישן אונדז זענען פאַראַן בלויז אַ דרײַ ייִדלעך. אַלע דרײַ האַלטן זיך גוט־ברודעריש צווישן זיך. אַ פּנים, חברים פון דער היים. ווי נאָר דער צוג האָט גענומען רירן, האָט איינער פון זיי אַראָפּגענומען פון אויבן זײַן קעסטל — גראָד אַ געניצטע, אַן „אויסגעדינטע", מסתמא אויפן „טאָלקוטש" געקויפט — אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פלאַש „פּערציקער" און מ׳האָט זיך גענומען זופּן פון העלדזל... מ׳האָט מיר אויך אונטערגערוקט אַ פלאַש. כ׳האָב באַדאַנקט און דערקלערט, אַז כ׳טרינק נישט. מײַן דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער בײַ זיי.

— אַ שיינער סאָלדאַט! — האָט איינער אויסגערופן — אַז מ׳גייט חתונה האָבן מיט „פּאָניען", מוז מען קאָנען די מלאָכה...

— פון פלעשל אין העלדזל!... — רופט אויס אַ צווייטער און טוט זיך דערבײַ אַ פּיק מיט די פינגער אין גרגרת אַרײַן.

כ׳האָב מיך באַלד פון דער ערשטער רגע אָן דאָ דערפילט ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. וויפל כ׳האָב זיך נישט באַמיט צו ווערן היימישער מיט מײַנע חברים „גאָוואָבראַנצעס", איז מיר נישט געלונגען. שוין מײַנע קליידער האָבן מיך שטאַרק אונטערשיידט פון זיי אַלעמען. ערשטנס בין איך געפאָרן אין שיך, נישט אין שטיוול; צווייטנס — און דאָס איז געווען דאָס ערגסטע! — האָב איך געטראָגן לאַנגע האָר, אַ שוואַרצע בינדע און אַ רעמבראַנדט־הוט (די ראָמאַנטישע צײַטן!...), גלײַך ווי אַקערשט פון רעדאַקציע אַרויס... און די דאָזיקע הלבשה מײַנע האָט מיך שטאַרק אָפּגעפרעמדט פון אַלעמען אין וואַגאָן.

אַז מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ געוויסע שטרעקע, האָט מיר איינער פון

די דרײַ ייִדלעך געגומען זאָגן „מוסר“, אַז נישט אַזוי פּאַרט מען אין אַ קאַזאַרמע. דער עיקר האָבן אים געאַרט מײַנע האָר.

— דו פּאַרסט אין ראָטע ווי אַן אמתער פּאַפּ! נאַ, זע! — טוט ער מיר אַ ווײַז אויף זײַן נאַקעטן קאָפּ: — אַז איך וועל נאָר אָנטאָן אַ מונדיר, בין איך אַ פּאַרטיקער סאָלדאַט, און דו?...

כ׳האָב דערשפּירט אַן אומהיימלעכן געפיל: מען איז שוין מיט מיר באַצײַטנס פּער „דו“...

— נישקשה — מישט זיך אַרײַן אַן אַנדערער — אין קאַזאַרמע וועט מען אים מאַכן פאַר אַ מענטש. מ׳וועט אים די קודלעס אַראָפּנעמען ווי בײַ אַ שעפּס.

דער ערשטער איז נישט געווען פויל און האָט מיר עקסטרע אויפגע־עפנט זײַן קעסטל און געוויזן, וואָס ער פירט אַלץ מיט. אין קעסטל בײַ אים איז טאַקע געווען אַלצדינג, אין וואָס אַ סאָלדאַט קאָן זיך נייטיקן, אַפילו געלער וואַקס צום פוצן די מעשענע קנעפּ פון מונדיר און שינעל...

— מאָלאָדיעץ! — טו איך אים אַ קלאַפּ אין פּלייצע, וועלנדיק ווערן אַ ביסל היימישער צווישן די דאָזיקע חברה־לײַט — איר וועט אַוודאי זײַן דער ערשטער אין ראָטע.

— און וואָס פירסטו דאָרט אין קעסטל? — פרעגט ער מיך מיט אַ באַהאַלטענער איראָניע.

— ווייס איך וואָס... קלייניקייטן... אַ פּאָר ביכער... — האָב איך גע־נומען שטאַמלען און זיך פאַרשעמט פאַר לערמאָנטאָוון, וואָס איז גראָד געלעגן אין צוויי געזאַמלטע בענד אין מײַן קעסטל.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן אַלע אויסגעפּלאַצט אין אַ מגושמדיק געלעכ־טער — ביכער גאָר! וואַרף עס בעסער אַרויס דורכן פענצטער!...

דער צוג שנײַדט זיך דערווײַל אַלץ ווײַטער און ווײַטער אין מרחקים. עס בײַטן זיך סטאַנציעס נאָך סטאַנציעס. אונדזער גופע איז פול מיט אַ געדיכטן רויכנעפּל פון ביליקער מאַכאָרקע, וואָס אונדזערע „חברים“, די

פויערים, פירן מיט פון דאָרף. מען טרינקט ווידער פון פלעשל. יעדעס מאָל נעמט אַן אַנדערער אַרויס פון זײַן קעסטל און מ׳איז איינע די אַנדערע מכבד. דער עולם ווערט בגילופינדיק. עס דערהערן זיך טענער. פריִער זינגען די פויערים. גראָבע, משונהדיקע קולות צעטראָגן זיך און מישן זיך אויס מיטן רוישן פון די צוגרעדער.

אוי דאַנאַ־דאַ־נאַ, אוי דאַ־נאַ, דאַנאַ, או־כאַ!

אוי דאַנאַ־דאַנאַ...

אין מיטן הייבן אויך אָן די ייִדן צו זינגען — גראָד עפּעס אַ רעקרוטן־ליד, וואָס כ׳האָב עס שוין ערגעץ ווו געהערט. אַלע ווײַלע פאַרגייען זיך אַלע אין רעפריין:

אוי פאָניע, פאָניע גנב,

פאָניע, פאָניע ג־נב — — —

מ׳ווינקט צו מיר, כ׳זאָל אויך זינגען. כ׳צווינג זיך צו האַלטן היימישער און נעם אויך שאָקלען פון יוצא ווענן מיט די ליפּן...

אויפן האַרצן איז מיר אָבער געווען היפּש קאַלעמוטנע. וווהין פאָר איך עס? און מיט וועמען? כ׳קוק אויף די דרײַ זינגענדיקע ייִדלעך: צוויי זענען פון דער היים פורמאַנעס און איינער איז אַ דאַמען־שנײַדער. און נאָך מער: אַלע דרײַ קוקן אויף מיר פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף עפּעס אַ שלימזל...

אַ געדאַנק האָט מיר אַ בליץ געטאָן:

„אפשר זאָל איך בײַ דער ערשטער בעסטער סטאַנציע אַראָפּגיין און — היידאַ אויף יענער זײַט גרענעץ?...״

ס׳האָט מיך אָבער אָפּגעהאַלטן די האָפענונג, צוליב וועלכער איך פאָר, אייגנטלעך, אין פאָלק אַרײַן: באַפרײַט ווערן אַלס „ערשטער לגאָטניק״. וואָרעם ווען נישט די דאָזיקע האָפענונג, וואָלט איך גאָר באַלד דעם „דישעל״ ערגעץ אַנדערש אויסגעדרייט... כ׳האָב אַפילו גאָרנישט בדעה געהאַט אָפּצו־געבן „פאָניען״ דרײַ בעסטע יונגע יאָרן פון מײַן לעבן. פאַר וועלכע מעשׂים־

טובים קומט עס „אים״ ?... פאַר זייַנע שיינע אויגן ?... זאָל איך „אים״ דאַנ־
קען פאַר מייַן רעכטלאָזיקייט ?... בפרט, אַז כ׳בין אַ כּשרער „ערשטער
לגאָטניק״ און ביי נישט־יידן קריגט אַזאַ איינער דעם „בלויען בילעט״
אין שטוב אַרייַן !

אַזוי האָב איך געטראַכט און באַרעכטיקט מייַן ווידערווילן צו דער
איצטיקער נסיעה מייַנער.

דער צוג האָט זיך אַלץ דערווייַטערט פון דער היימישער ליטווישער
ערד. די פרעמדע שטעט און דערפער האָבן זיך געטוישט ווי אויפן עקראַן.
וועלדער האָבן געפינצטערט און פעלדער האָבן זיך געצויגן אין האַרבסטי־
קער וויסטקייט און פאַרלאָזנקייט... דער שלאַנגענדיקער רעלסנוועג האָט זיך
געוויקלט אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג...

— טראַ־טאַ ! טראַ־טאַ ! טראַ־טאַ !——

אַ טאָג, אַ נאַכט, און ווידער אַ טאָג און ווידער אַן אָוונט.
מיר זענען לסוף אָנגעקומען אין דער וואָלינער רעזידענץ.

2

## דער ערשטער טאָג

ס׳איז געווען אַ ווינטיק־קאַלטער, פּרעסטלדיקער נאָוועמבער־טאָג.

מיר האָבן זיך געלאָזט מיט די קלומיקעס אויף די פּלייצעס איבער די גאַסן פון דער פרעמדער שטאָט. מיר האָבן געזוכט אַ נאַכטלעגער און זיך לסוף אָפּגעשטעלט אין עפּעס אַ בירשענק. קיין בעטלעך זענען דאָ נישט געווען, בלויז לאַנגע, ברייטע בענק אַרום דער וואַנט.

כ׳בין געלעגן אויף אַ האַרטער באַנק, נישט אויסגעטועטערהייט, איבער־געדעקט איבערן קאָפּ מיט מײַן מאַנטל, און אַ גאַנצע נאַכט נישט צוגע־מאַכט מיט קיין אויג... זשיטאָמיר! בײַ מיר האָט דאָס דאָזיקע וואָרט אַן אַנדער קלאַנג. דאָ איז דאָך אַ מאָל געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער ייִדי־שער השׂכּלה... און איך בין גאָר געקומען אַהער אין פאָלק אַרײַן...

מײַנע „חברים” זענען שוין דערפאַר פאַר מיר אויך געשלאָפן... קעגן איבער מיר איז געלעגן אויסגעצויגן איינער פון די צוויי פורמאַנעס מיט אַן אָפן פינצטער מויל, ווי אַ שוואַרצע נאָרע, און געכראָפּעט אויף אַ משונה־דיקן אופן, גלײַך ווי עמעצער וואָלט אים כּסדר געהאַלטן אין ווערגן... איין מגושמדיקע האַנט איז אים אַראָפּגעהאַנגען אונטער דער באַנק ווי אַ פרעמ־דע, ווי אַ טויטע, און אין דער דאָזיקער פּאָזע איז ער אַזוי אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי האָט ער דורכגעשווענקט דעם האַלדז מיט אַ „כּוסה” און ס׳איז גאָרנישט קענטיק געווען, אַז דער דאָזיקער פאַרשוין איז אַזאַ „בעל־תּוקע” מיטן גאָרגל...

— העי, זעמליאַק! — ווענדט ער זיך צו מיר בײַם פרישטיק — זײַ נישט אַזוי פאַרדאגהט! נאַ, מאַך אַ שנאַפּס, אַז דער רוח זאָל עס נעמען!...

— אויפן ניכטערן האַרצן טרינק איך אַוודאי נישט... — ענטפער איך.

— אַ שנאַפּס איז שטענדיק גוט, אַפילו אין מיטן נאַכט...

— ס׳האָט זיך אײַך, אַ פּנים, געחלומט שנאַפּס די נאַכט: איר האָט זייער געשמאַק געכראַפּעט...

— מיר האָט זיך גאָר געחלומט, אַז איך פּאָר גאַלאָפּ רײַטנדיק אויף מײַן פערדל. זאָל זיך אים גרינג שלוקעכצן דאָרט אין שטאַל...

דער פרישטיקטיש אין שענק איז געווען פול אויסגעלייגט: ברויט, הערינג, ווורשט, ביר, בראָנפן. עולם האָט געקײַט אויף אַלע באַקציין.

— דער לעצטער פרישטיק פון אייגענער פראַצע... — וויצלט זיך דער דאַמען־שנײַדער — מאָרגן עסן מיר שוין פון פאַניעס „קעסט״...

און ווידער געטרונקען.

— לחיים!

— לחיים!

איך בין געזעסן אָן אַ זײַט און געזופּט מײַן בלאַס גלעזל טײ...

זייגער 8 זענען מיר אַוועק מיט די קעסטלעך אויף די פּלייצעס אין די קאַזאַרמעס פון 17טן אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי פּיעכאָטע־פּאָלק אויף מאָסקאָוו־סקאַיאַ.

ברררר... קאַלט אין די ביינער. נישט אויסגעשלאָפן. עס איבלט עפּעס פון אַלץ און פון אַלעמען...

געקומען.

מיר בלײַבן אויפן הויף פון די קאַזאַרמעס. עס נעמען זיך פאָרען אַרום אונדז סאָלדאַטן — קאַנצעלאַריע־שרײַבערלעך. מ׳מאַכט די „ראַזביווקאַ״ [2]. מ׳שטעלט אונדז אויס אין באַזונדערע שורות לויט דער הייך. מ׳שרײַבט אָן

2 פונאַנדערטיילונג אין די ראָטעס.

מיט קרײַד בײַ יעדערן אויף דער פּלײצע אַ ציפער — צו װעלכער ראָטע. אויף מײַן פּלײצע שרײַבט מען אָן אַ 9 — נײַנטע ראָטע. עס פרײט מיך זײער און זײער! מיט מיר צוזאַמען פאַלט אַרײַן אין דער זעלבער ראָטע בלויז אײן ײדל פון די דרײַ, אַ פורמאַן — פּאַיאַס הײסט ער — טאַקע דער זעלבער, װאָס האָט שוין מיטגעפירט געלן װאַקס צום פּוצן די קנעפּ. בײַם דורכפירן פאַרשײדענע פאָרמאַליטעטן הער איך, אַז מײַן לאַנדסמאַן איז אַפילו נישט קײן „גראַמאָטנער"...

מיר זענען אַרײַן אין אַ קאַזאַרמע. אין די לאַנגע ריזיקע חדרים איז פּוסט. אַ פּנים, דער עולם איז אַװעק אויף „זאַניאַטיעס" [3]. כ'הײב מיר אָן אַרומדרײען איבער די גרויסע אומגעלומפּערט אויסגעצויגענע רוימען. עס קומט מיר אַנטקעגן דער „ראָטני" — אַ קאַפּיטאַן לויטן ראַנג — צוזאַמען מיט אַ געל־װאָנסיקן „װאָלני־אָפּרעדיעליאַיושטשיסיאַ" [4]. מ'נעמט מיך אויס־פרעגן — אַ פּנים, מײַן באַזונדערער הילוך האָט זײ פאַראינטערעסירט.

— טשעם זאַנימאַליס? [5] — פרעגט מיך דער „ראָטני" גראַד נישט אויף „דו"...

— אין אַ רעדאַקציע.

— אַ זשורנאַליסט? — צעשמײכלט ער זיך פאַרװוּנדערט.

— יאָ.

— אויב אַזוי, װעלן מיר דאָ קענען אַרויסגעבן אַ צײַטונג... — זאָגט ער צום פרײַװוּיליקן אין שפּאַס.

— יאָ — רוף איך זיך אָן צום „ראָטני" — אויב איר װעט זײַן רעדאַקטאָר, װעל איך זײַן מיטאַרבעטער...

אַ געלעכטער.

דער „ראָטני" און זײַן באַגלײטער האָבן מיך נאָך עפּעס אויסגעפרעגט

---

3 איבונגען.
4 פרײַװוּיליקער.
5 מיט װאָס האָט איר זיך באַשעפטיקט?

און — אַ מאָדנע זאַך! — מײַן שטימונג איז געוואָרן אַ ביסל אויפגעהײַ־טערט. נישקשה, נישט אַזוי שרעקלעך!

די ראָטע איז אָנגעקומען פון גאַס — מ׳איז עס געווען אויף „פּראָגול־קאַ״ [6], און עולם סאָלדאַטן איז געווען פאַררויטיקט און דערהיצט. ס׳איז געוואָרן אַ גוואַלדיקער טומל, אַ יריד. ס׳האָט זיך צעטראָגן אַ באַזונדערער ריח. ס׳האָט געשמעקט מיט אמתער „סאָלדאַטשינאַ״...

דער „ראָטני״ איז פון מיר אַוועק און צוזאַמען מיט אים די קורצע, אַזוי וויניק דויערנדיקע ערשטע גוטמוטיקייט, וועלכע כ׳האָב שוין מער אין ראָטע קיין מאָל נישט אָנגעזען...

מיך מיט מײַן „זעמליאַק״ און נאָך אַ פּאָר אַנדערע פריש אָנגעקומענע האָט מען באַלד אַרײַנגעפירט צום קאַפּטינאַרמוס אין שפּײַכלער. דער קאַפּ־טינאַרמוס — אַ פעט אויסגעפּאַשעטער, אָן אָנגעפּרעסענער, מיט קליינע פאַרגאָסענע אייגעלעך און גראָבע, פעטע באַקן — אַלץ אויפן חשבון פון דער ראָטע... — האָט אונדז אַרויסגעגעבן קאַזיאָנע מלבושים. כ׳קוק אָן די זאַכן, ווערט מיר קאַלט אין אַלע אֵברים: עפּעס אַן אַלט־פאַרלאַטעטער מונ־דיר, און שטיוול — שרעקלעך גרויסע, מיט אומגעלומפּערט ברייטע כאַלע־וועס. כ׳טו אַ מעסט אָן — זיי פאַלן פּשוט פון די פיס אַראָפּ. בעט איך אַנדערע, קלענערע, גיט ער מיר אַזעלכע קליינע, אַזעלכע שמאָלע — ממש קינדערישע, וואָס הייבן גאָר נישט אָן צו קריכן אויפן פוס.

— די זענען שוין צו קליין — זאָג איך.

דער קאַפּטינאַרמוס צינדט זיך אָן ווי אַ פײַער. די קליינע אייגעלעך ווערן אים נאָך מער פאַרלאָפן פון רויטקייט און ער צעבייזערט זיך:

— קיין זאַך טויג אים נישט! די — צו קליין, יענע — צו גרויס. נאַ, אָט האָסטו דיר!

---

6 שפּאַציר.

און ער טוט מיר ווידער אַ שמיץ די ערשטע, די וויאָרסטיקע שטיוואַ־לעס.

— אָבער ווי וועל איך זיי קאָנען טראָגן? — פּרוון איך זיך ווײַטער.

— שווײַג, דו סעריאַק[7] איינער! — טוט ער אַ דונער מיט זײַן באַס־קול: — אין קאַזאַרמע זענען נישטאָ קיין „חיהקעס". פּראַנטעווען ביסטו אַהער געקומען?

נאָך דעם האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַרײַן. איטלעכער האָט געטראָגן זײַן פּעקל קאַזיאָנע מלבושים און אין באָד האָט מען זיך שוין געדאַרפט אָנטאָן מעשׂה סאָלדאַט. בײַ דער באָד האָב איך, אַגב, געהאַט די געלעגנהייט זיך אַרײַנצוכאַפּן אין אַ פּריוואַטע פּאַריקמאַכערײַ און זיך לאָזן אָפּשערן מיט אַ מאַשינקע. שנעל, שנעל זענען געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע פּאַסמעס פון מײַנע לאַנג נישט געשוירענע „ליטעראַרישע" האָר...

כ'האָב בעת־מעשׂה געלאַכט פון זיך אַליין אין געדאַנק:

„אַ חסידישע כּלה טוט עס נאָך דער חופּה, און איך בײַ דער „פּאַר־קנסונג" מיט „פּאַניען"...

אַז כ'האָב שפּעטער אָנגעטאָן מײַנע „קאַזיאָנע" מלבושים און אַ קוק געטאָן אין אַ שפּיגל, האָב איך זיך נישט דערקענט: מײַן גאַנצע מענטש־לעכע פיזיאָנאָמיע איז פון מיר פאַרשווונדן געוואָרן. די רויטע „אָקאָלאָזש־קע" פון מײַן „פוראַזשקע"[8] איז געווען אַ שאַרפע סתּירה צום בלאַסן פּנים, וואָס איז נאָך בלאַסער און קרענקלעכער געוואָרן אין די לעצטע טעג. הײַנט דער צעקנייטשטער, לאַנג „אויסגעדינטער" מונדיר מיט די לאַטעס! די בריי־טע גרינלעכע, געלאַטענע הויזן! הײַנט די שטיול! טאַטע דערבאַרעמדי־קער, ס'אַראַ שטיוואַלעס! כאָטש נעם צו אַ שכן... אפשר אַ פּוד וועגן זיי. פון וואַנען נעמט מען עס אַזאַ גראָבן, האַרטן לעדער — ממש בלעך! אַחוץ

---

7 גרויער, פּריץ.

8 היטל.

אַלעמען האָט זיך פֿון זיי געשפּירט אַ שאַרפֿער, ביטערלעך־זויערער ריח — אַן אמתער „פּאַניע״־ריח... בלויז מײַן שינעל — כאָטש אַ צו ברייטער, נישט אויסגעפּאַסטער, מיט אַ מאַסע פּאַלדן פֿון הינטן — איז געווען אַ שפּאָגל נײַער, מיט פּלאַמיק־רויטע שליפֿעס אויף די אַקסלען און אַ גאָלדיק־געלן בולטן „17״ דערויף.

3

## קאַזאַרמע־גיהנום

עס האָט זיך געשטעלט אַ קאַלטער, אומהיימלעכער ווינטער מיט שאַר־פע, שנייַדיקע ווינטן, מיט טיפע שנייען און שטאַרקע פרעסט.

אין קאַזאַרמע האָט מען די יונגע סאָלדאַטן — אָדער די „סעריאַקי", ווי די אַלטע פלעגן זיי רופן — פעסט גענומען אין דער אַרבעט. מ'האָט כסדר געלערנט און דרעסירט, געלערנט און דרעסירט אָן סוף און אָן אויפהער.

וועקן פלעגט מען נאָך אַ שטיק אין דער נאַכט, זייגער פיר, ווען הענער אַפילו שלאָפן נאָך מיט אַראָפּגעלאָזטע קאָמען אין די וואַרעמע ווינקעלעך.

— ווסטאַ־אַ־אַט! — פלעגט זיך דערהערן אַ גראָבער קול פון „דניע־וואַלני". און דער שלאָפנדיקער עולם פלעגט זיך באַלד מוזן מיט גוואַלד אויפטרייסלען.

אין צען־פופצן מינוט פלעגט מען זיך מוזן אָנטאָן, איינוואַשן זיך און שטעלן זיך צום „סמאָטר" — יעדער איינער אין זייַן „וזוואָד". בייַם „סמאָטר" פלעגט מען איטלעכן בודק זייַן און גוט אַרומקוקן, צי אַלץ איז „פאָ אוסטאַוווּ": צי דער מונדיר און הויזן זענען גאַנץ, צי די מעשענע קנעפּ גלאַנצן, צי די קוילן־טעשלעך זענען נישט צעריסן, צי די „פּאָרטיאַנקעס" [9] אויף די פיס זענען נישט שמוציק (פון אַ מענטשן, וואָס טראָגט שקאַרפּעטן,

9 אָניצעס אויף די פיס.

האָט מען נישט געהאַלטן...), צי אין די אויערן איז נישטאָ קיין בלאָטע, צי אין די קעסטלעך הערשט אָרדענונג, צי די ביקסן זשאַווערן נישט, וכדומה.

אַ מאָל פלעגט דער „וווזוואָדני" אַ קאָמאַנדעווע טאָן:

— שטאַני דאַלאָי... [10]

ס'האָט געהייסן, אַז מ'מוז תּיכּף פונאַנדערקנעפּלען און אַראָפּלאָזן די הויזן און דער „אָטדיעלאָני" פלעגט זוכן און גראַבלען אין די פעלדעלעך און אין די נעט, צי איז דאָרט נישט אָנגעקליבן קיין שמוץ...

און איז וואָס ביי עמעצן נישט געווען ווי עס געהער צו זיין, האָט יענער געקריגן, אַלס פּסק, „נאַריאַדן" [11]: שטיין ביי נאַכט נאָך די „זאַניאַטיעס" אַלס „נאָטשנאָי", אָדער צוויי שעה אונטער דער ביקס, צי גאָר ווערן אויסער דער ריי אַן „אָטשערעדנאָי" — ס'הייסט די „דינסטמויד" פון ראָטע...

היינט ווי איז דען מעגלעך געווען צו זאָרגן, אַז אַלצדינג זאָל זיין אין אָרדענונג, בעת ס'האָט קיין מאָל קיין צייט נישט געקלעקט צו כאַפּן דעם אָטעם אין די שווערע, פייַנלעכע טעג פון כּסדרדיקער אַרבעט און איבונג. פלעג איך טאַקע כאַפּן אָפטע „נאַריאַדן". מילא, זיין אַ „נאָטשנאָי" ביי נאַכט איז נישט געווען פון די שרעקלעכע זאַכן. מ'דרייט זיך אַרום מיטן „שטיק" [12] ביים זייט צווישן כראָפּענדיקן עולם און מ'טוט גאָרנישט. בלויז וואָס מ'שלאָפט נישט אַ נאַכט... שטיין ווידער אונטערן ביקס איז אויך נישט געפערלעך. מ'שטייט איבער ווי עס איז די צוויי שעה. אמת, די קני ברעכן זיך פון שטיין ווי אַ סטרונע אין איין פּאָזיציע; אָבער פאַראַן נאָך ערגערע זאַכן... דאָס ערגסטע איז צו זיין אַן „אָטשערעדנאָי" — די „דינסטמויד" פון ראָטע... פון „זאַניאַטיעס" באַפרייַט עס נישט, און יעדע פרייַע

10 די הויזן אַראָפּ!...
11 שטראָפן, פליכטן.
12 קינזשאַל.

רגע — אַפילו די צוויי פרײַע מיטאָג־שעהען — מוז מען אַוועקגעבן אויף וואַשן, רייניקן, שײַערן, טראָגן די „פּאַראַשאַ" [13] אַ מאָל 10 אַ טאָג, וכדומה.

באַלד נאָכן „סמאָטר" איז געגעבן געוואָרן אַ 15 מינוט צײַט אויף „קיפּיאַטאָק". מ'האָט געברענגט פון קיך ריזיקע טשײַניקעס טיי, פונאַנדער־געטיילט צו „סקיבקעס" קאַזיאָנעם שוואַרץ ברויט, און זיצנדיק אויף די אַרויסגערוקטע קעסטלעך פון אונטער די נאַרעס, האָט מען געביסן און גע־זופּט, געביסן און געזופּט פון פאַרביקע, עמאַלירטע טעפּעלעך.

נאָכן דאָזיקן „פרישטיק" פלעגט זיך דערהערן די קאָמאַנדע: „סטראָיט־סיאַ!" מ'האָט זיך תיכּף אויסגעשטעלט, פלינק געדרייט מיט די קעפּ אויף „פּערווי — װטאָראָי! פּערווי — װטאָראָי!" — און אַרויס אויף „פּראָגולקאַ", אויפן ערשטן „שפּאַציר" הייסט עס...

אין גאַס איז נאָך חושך, שטאָק פינצטער. קיין סימן נישט פון טאָג אויפן הימל. פון צווישן די וואָלקנס ווינקען נאָך ווו נישט ווו קאַלטע, מאַטע שטערן. מ'קריכט דורך נאַכטיקע גאַסן און מ'טרעט אויס די ערשטע טריט־צייכנס אויפן שניי. מ'קומט אויפן „זשיטני באַזאַר" און אַ לאַנגע צײַט שטייט מען און מען וואַרט, עס זאָל נעמען עטוואָס ליכטיקער ווערן. דער פראָסט כאַפּט פאַר די פיס און דער שטייענדיקער עולם צעטאַנצט זיך אויף די ערטער פון איין פוס אויפן אַנדערן.

און פלעגט נאָר נעמען טאָג ווערן, פלעגט מען זיך באַלד נעמען צו אונדז.

מײַן לערער, וועלכער האָט מיך געלערנט מאַרשירן, איז געווען אַ גרוזינער, אַ צוויי־בענדלדיקער, אַן אונטער־אָפיציר. ער איז געווען זייער אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ לענגלעך רויט און צעפּאָקט פּנים און שוואַרצע, אייביק בייזע, גלי̇ענדיקע אויגן. דער דאָזיקער גרוזין פלעגט נעמען אין זײַן רשות מײַן „וזוואָד" און ס'פלעגט אַוועקגיין אַ מאַטערניש,

---

13 צעבער צו שמוץ.

אַ יאָגעניש און אַ פּלאָגעניש. נישט קוקנדיק אויף דער קעלט, פּלעגט מען זייער גיך זיך באַגיסן מיט שוויס איבערן גאַנצן קערפּער... און וואָס מער פאַרמאַטערט מען איז געווען, אַלץ אָפטער האָט ער געקאָמאַנדעוועט: „ביעגאָם!" און געטריבן דאָס יונגוואַרג ווי די רוחות. איז נאָך ווייניק געווען דאָס לויפן הין און צוריק, האָט ער באַפוילן צו דרייען זיך, לויפנדיק, אין אַ קרײַז — אַזוי אַז עס האָט פשוט פאַרפעלט אָטעם. איין מאָל בין איך בײַ אַזאַ געדריי פשוט אומגעפאַלן פון גליטשיקייט — האָט מיר מער נישט געפעלט!

— סלוזיט ניע כאָצעס אָטעצעסטווו? — איז ער צו מיר צוגעלאָפן און געדונערט אויף זײַן גרוזינישן אַקצענט. — יאַ טעבע פּאָקאַזו![14]

און מיט אמתן סאַדיזם האָט ער מיך גענומען יאָגן נאָך אין אַ פיל קלענערן קרײַז, געיאָגט און געטריבן: „ביעגאָם! ביעגאָם!" אָן אויפהער, אָן סוף — אַזוי אַז כ׳בין ווידער אומגעפאַלן... און ווידער דאָס אייגענע יאָגעניש אינעם קרײַז. דאָס יאָגעניש האָט גאָר קיין ברעג נישט געהאַט, פונקט ווי דער קרײַז גופא...

דער דאָזיקער גרוזין האָט געהאַט אַ באַזונדער שוואַכקייט צו פּײַניקן ייִדן, און די פּאָר ייִדן, וואָס זענען צו אים אַרײַנגעפאַלן בײַם מאַרשירן, האָבן פון אים שטענדיק געהאַט געבערענטע צרות. איין מאָל אין אַ זונטיק־טאָג, אַ שטייגער, קומט ער צו צו מיר כלומרשט „אין גוטן מוט" און פרעגט:

— סקאַזי, פּאַצעמו טוואָי פּרעדקי אובילי כריסטאַ?...[15]

— כ׳בין דערבײַ נישט געווען... — ענטפער איך אין שפּאַס.

— עך, ווי זידי! — טוט ער מיר אַ רוק אונטער אַ געבײַלטע פויסט.

---

14 ווילסט נישט דינען דעם פאָטערלאַנד? איך וועל דיר ווײַזן!

15 זאָג, פאַר וואָס האָבן דײַנע אָבות געהרגעט קריסטוסן?

דאָס שטענדיק רויטע פּנים זײַנס איז נאָך מער צעצונדן געווען פון זונטיק־דיקן בראָנפן און רציחה.

כ׳וואָלט בעת־מעשה געשווירן, אַז בײַ זיך אויף קאַווקאַז, בײַם קאַזבעק דאָרט, האָט ער שוין אין זײַן לעבן נישט איין מענטשן אַדורכגעשטאָכן די ברוסט מיטן קינזשאַל. כ׳האָב עס געזען אין דעם ווילדן פײַערל פון זײַנע גיהנומדיקע אויגן...

און ווײַל כ׳פלעג אים אַ מאָל ענטפערן — נישט בײַ „זאַניאַטיעס״, חלילה — מיט אַ מענטשלעך לשון, אַ ביסל שטאָלצער ווי אַנדערע — פלעגט ער מיר דערפאַר בײַם מאַרשירן שענקען מער „אויפמערקזאַמקייט״ ווי אַלע־מען אין „ווזוואָד״, און מײַן גייך, מײַן שטייך, מײַן לויפן — אַלע מײַנע באַוועגונגען בײַם מאַרשירן האָבן געמוזט זײַן אַזוי רייך, אַזוי גענוי — ממש מוסטערהאַפט! אַזוי האָט ער געוואָלט, מײַן לערער! אַלע ווײַלע פלעגט ער עפּעס אַ זאָג טאָן אויף מײַן אַדרעס — אַ זידלוואָרט, צי סתם אַ געשריי:

— זורנאַליסט, וויסע נאָגו!!

— זורנאַליסט, רוקי נאַ ביעג!

— זורנאַליסט, רוזיאַ!

— זורנאַליסט, דוראַקאַ וואַליאַעס!...

אַ מאָל פלעגט ער נאָך דערבײַ ווײַזן כלומרשט אַ פריילעך פּנים, אָבער דאָס איז מער געווען פון הנאה וועגן, וואָס בײַ זײַנע קרבנות פליִען אַזש פונקען פון די אויגן...

דאָס פלעגט אַלץ געשען אויפן „זשיטני באַזאַר״, אויף „פּראָגולקאַ״ — טאָג־אײַן, טאָג־אויס. דעם דאָזיקן „באַזאַר״ מיט זײַנע הײַזער, שורות קראָ־מען און מאַרקבײַדלעך האָב איך פײַנט געקריגן ווי אַ קללה... אַלץ איז דאָ געווען ווי אויף צו להכעיס.

געקומען פון „פּראָגולקאַ״ — ווידער צו דער זאַך: ביקס־איבונגען. דאָ איז שוין געווען אַן אַנדער לערער: אַ רוס, אַן אמתער קאַצאַפּ פון טולאַ,

אַ יעפּרייטאָר. דער דאָזיקער לערער איז שוין געווען אַ סך מילדערער ווי דער גרוזין, כאָטש פון צײַט צו צײַט פלעגט ער אויך אַרײַנפאַלן אין אַן אמתער פּוריע, אין אַ תאווה צו פּײַניקן די קרבנות זײַנע — די „סעריאַ־קעס״... ווער ווייסט, אפשר איז עס דאָ בײַ די אַלע „אַלטע״ געווען אַ מין נקמה דערפאַר, וואָס מ׳האָט זיי דאָ אויך אַ מאָל געפּײַניקט?... פון דעסט־וועגן פלעג איך אַ מאָל פאַר אַ פּאַפּיראָס, אַ מאָל פאַר אַ קליין הלוואהלע קויפן זײַן גוטמוטיקייט; אָבער איין חסרון האָט ער געהאַט: ער פלעגט תיכּף פאַרגעסן... כאָטש האַלט אַ גאַנצן טאָג אין איין געבן...

אויך די ביקס־איבונגען פלעגן קיין נחת נישט פאַרשאַפן. די הענט פלעגן ממש פאַרחלשט ווערן פון די כּלערליי איבונגען. דאָס ערגסטע איז געווען, אַז מ׳פלעגט נעמען „נאַ קאָלקו טשוטשעלאַ״ [16]. צו אַ געשטעל אַזאַ איז געווען צוגעשלאָגן אַן אָנגעשטאָפּטער זאַק מיט היי און קעגן דעם פלעגט מען עס דאַרפן פעכטן. די דאָזיקע פעכטערײַ קעגן היי־זאַק איז, אַ פּנים, געווען שווערער ווי קעגן אַ לעבעדיקן שונא... ווײַל קעגן אַ לעבעדיקן שונא דאַרף מען דאָך נישט האַלטן די ביקס אין אַלערליי פּעדאַנטישע פּאָזיציעס, אויסגעמאָסטן ווי מיט אַ פאָדעם. דאָס פעכטן אַ 15־20 מינוט איז געגנוג געווען, אַז עס זאָל הייס ווערן ווי אין גיהנום און אויפן שטערן זאָלן אַרויסשלאָגן אָנגסטן, ווי אַ מינוט פאַרן שטאַרבן... הײַנט ווער שמועסט נאָך, אַז דער „גאָספּאָדין אוטשיטיעל״ איז דעמאָלט גראָד געווען צו דיר נישט גוט אויפגעלייגט, איז די דאָזיקע פעכטערײַ פאַרלענגערט געוואָרן און זײַן קאָמאַנדע איז געווען קאָמפּליצירטער, אַ שטייגער:

— ס׳פּראַוואַ קאָלי, ס׳לעוואַ קאָלי, ווּפּעריאָד קאָלי, נאַזאַד קאָלי, ס׳ווער־כו פּריקלאַדאָם בעי!!!...

אוי, ווי הייס! ווי הייס!... אַ קאַלכאַויוון!...

געענדיקט מיט מזל מיט דער ביקס — נעמט מען זיך צו גימנאַסטיק:

---

16 פעכטערײַ.

אַ ביסל לײַכטע באַוועגונגען, אָדער לײַכט־אַטלעטיק — עפּעס אַ סאָקאָלסקי־סיסטעם — מילא, אַדרבה, אַ ספּאָרט־ענין. פּאַר וואָס נישט? אָבער די דאָזיקע מענטשלעכע גימנאַסטיק פלעגט לאַנג נישט דויערן — מ׳פלעגט זיך נעמען צו מאַשינען! עפּעס פלערליי משונהדיקע כּלים, ווי פּאַר צירק־אַקראָבאַטן: פּאַראַלעל־„ברוסיעס" — אַזאַ מין געשטעל, אויף וואָס מ׳שטעלט זיך אויף די הענט; רינגען אויף שטריק צום הייבן זיך; אַ לייטער צום קריכן מיט די הענט פון הינטן אויף די שטאַפּלען אַרויף; אַ „טורניק"[17] אויף צו דרייען זיך איבער דעם און מאַכן דערבײַ פלערליי גיהנומשע ווילדע קונצן (נישט איינער האָט שוין דערבײַ דעם קאָפּ צעשפּאָלטן...); אַ הויך פאַרלייגטער שנור צום שפּרינגען איבער דעם; אַ העכער צוויי־מעטער־לאַנגע, הויכע, הילצערנע „קאָבילע"[18] אויף איבערצוטאַנצן לענג־אויס פון הינטן אַזש איבער איר קאָפּ אַריבער... און נאָך אַזעלכע מיני מכשירים.

דרײַ זאַכן האָב איך בשום־אופן נישט געקאָנט מאַכן: אַליין זיך אַ שטעל טאָן אויף די הענט אויף די פּאַראַלעל־„ברוסיעס" און שטיין בלײַבן אין דער דאָזיקער פּאָזע אַ געוויסע צײַט; דאָס צווייטע — איבערשפּרינגען איבער דער גאַנצער „קאָבילע"; דאָס דריטע — „סאַלטאָ מאָרטאַלע" איבערן „טורניק"... אויף די „ברוסיעס" פלעגט מען מיך מוזן אונטערשטופּן און צוהאַלטן; אָבער מיט אַ כּיוון, כּלומרשט אין שפּאַס, פלעגט מען מיך שוין האַלטן אַזוי לאַנג מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַז כ׳האָב איבערגעלעבט בעת־מעשׂה איובֿס יסורים... אויף דער „קאָבילע" ווידער פלעגט מען מיך כּסדר יאָגן און יאָגן, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל; אָבער אומזיסט, כ׳פלעג העכסטנס בלײַבן זיצן רײַטנדיק אויפן מיטן רוקן — און ווידער דאָס אייגענע, פון ס׳נײַ געלאָפן... בײַ דעם „סאַלטאָ מאָרטאַלע" פלעגט זיך אויך מיט מיר

17 אײַזערנער דראַנג.
18 קליאַטשע.

אַפּטאָן חושך... גיי באַווייַז אַזאַ מין אַקראָבאַט־שטיק ווי אַנידערזעצן זיך אין דער הייך אויפן „טורניק", פאַרלייגן די הענט אויף דער ברוסט און אַ וואָרף טאָן זיך אויף הינטן מיטן קאָפּ אַראָפּ און אונטן שטיין בלייַבן אויף די פיס!... פלעגט מען מיך פשוט מיט גוואַלד פון הינטן אַ שלעפּ טאָן פאַרן מונדיר און כ'פלעג דערבייַ שיער נישט געניזוקט ווערן...

אין גרונט בין איך בייַ דער „קאָבילע" אפשר נישט אַזוי שטאַרק שול־דיק געווען ווי מייַנע משונהדיקע שטיוואַלעס! ווי הויך איך פלעג זיך נישט פאַרמעסטן, ווי שטאַרק איך פלעג נישט מאַכן דעם „טאָלטשאָק"[19], פלעגן מיך מייַנע אומגעלומפּערטע שטיוול אַראָפּשלעפּן, ווי שווערע גע־וויכטער אויף אַ שאַנקזייגער... נאָר גיי דערצייל „נאַטשאַלסטוואָ"! גיי טענה זיך אויס, אַז מען טאָר גאָר קיין מויל נישט עפענען, ווי אַ שטומער אויטאָ־מאַט... נישט איין מאָל האָב איך שוין געהאַט באַשלאָסן צו קויפן אַ פּאָר אייגענע, לייַכטערע, שטיוול און ווערן „לייַטן גלייַך"; אָבער דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך אָפּגעטריבן: סטייַטש, גיין זיך „אייַנפונדעווען" אין קאַזאַרמע? ווערן דאָ אַ היימישער? צו וואָס און צו ווען! איך בין דאָך נאָר אַהערגעקומען אויף אַהיימצוגיין אַלס „ערשטער לגאָטניק"... איז מילא, וועל איך נישט נושא־חן זייַן אַלס סאָלדאַט; זאָלן זייַן נישט קיין שטיוול, נאָר שטיוואַלעס — די קאַזאַרמע וועט מיר שוין נישט ליבער ווערן...

נאָך גימנאַסטיק פלעגט קומען „סלאָוועסנאָסט". דאָס איז געווען די איינציקע זאַך, ווו א י ך בין געווען „אויפן פערדל". דאָ האָט זיך קיינער נישט געקאָנט פאַרגלייַכן מיט מיר; דאָ האָב איך אָן אַלעמען נקמה גענו־מען... בייַ אַנדערע פלעגט בעת מעשה קאַפּען ממש אַ שווייס איבערן שטערן, פּונקט ווי בייַ מיר בייַ דער „קאָבילע"... קיינער אין מייַן גרופּע האָט אַזוי שנעל און גענוי נישט געענטפערט ווי איך.

19 שטויס מיטן פוס.

דער לערער שטעלט פראַגע נאָך פראַגע. אַ שטייגער:

— טשטאָ טאַקאָיע זנאַמיאַ? [20]

— טשטאָ טאַקאָיע פריסיאַגאַ? [21]

— טשטאָ טאַקאָיע סאָלדאַט?

און נאָך און נאָך אַזעלכע שאלות פון אַ מיליטער־בראַשור.

פלעגט ער אַ ווינק טאָן צו אַ פויער, למשל — אַפילו צום גרעסטן בריה בײַם לויפן און טאַנצן — פלעגט זיך יענער אויפשטעלן ווי אַ לעמע־לע, הילפלאָז, הכנעהדיק און פלעגט נעמען שטאַמלען, ווי איינער, וואָס פאַרגעסט דאָס לשון. כ'פלעג בעת־מעשׂה קוקן מיט טריומף און אויסהערן, ווי דער לערער שיט מיט זילזולים — וואָס עס קומט אים נאָר אויף דער צונג:

— באָלוואַן! דײַן קאָפּ איז אָנגעפּילט מיט מיסט! אַזאַ הילצערנעם קאָפּ לוינט דאָך נישט צו טראָגן אויף די אַקסלען... מער ווי קאַשע פרעסן קאָנסטו דאָך נישט... באָלוואַן!

און אַ ווינק טוענדיק צו מיר, פלעגט דער לערער אַ זאָג טאָן:

— סקאַזשי יעמו, עטאָמו באָלוואַנו! [22]

פלעג איך זיך פלינק אַ הייב טאָן פון מײַן אָרט און אָפּזאָגן מעכאַניש די תּשובה ווי אַ ייִד, אַ שטייגער, „אשרי"...

און איז מען געקומען אין „סלאָוועסנאָסט" צו די כּללים פון פעלד־דינסט, האָב איך די „תּורה" באַלד תּופס געווען ווי אַן אמתער פעלדמאַר־שאַל... איך האָב אַלצדינג געדענקט אויסנווייניק, נאָך בעסער פון „גאָספּאָ־דין אוטשיטיעל", וועלכער פלעגט בײַם אונטערריכט אַרײַנקוקן כּסדר אין דער מיליטערישער בראָשור.

---

20 וואָס איז אַזוינס אַ פאָן?

21 וואָס איז אַזוינס אַ שבועה?

22 זאָג אים, דעם דאָזיקן גולם.

אָבער די „סלאָוועסנאָסט״ פלעגט לאַנג נישט דויערן און מײַן „העל־דישקייט״ פלעגט תיכּף פון אַלעמען פאַרגעסן ווערן אין די כּלערליי עינוּיים פונעם גאַנצן טאָג...

4

## „נאַ שטיקי" מיט די גלאַנציקע לעפל...

זייגער 1 דערהערט זיך דער סיגנאַל צום „אָביעד" [23]

צוויי פרײַע שעהען האָבן מיר, יונגע סאָלדאַטן — גאַנצע צוויי שעה.

עס ווערט אַ גערודער. עולם לאָזט זיך אַוועק אין דער באַזונדערער עסשטוב — אַ לאַנגע געבײַדע, אינעווייניק אָן אויוונס, אָן אַ הילצערנער פּאָדלאָגע, קאַלט, חושכדיק — אַזוי אַז מ'מוז דאָרט טראָגן אויף זיך אָנגע־וואָרפן די שינעלן. מ'טיילט די „פּאָרציעס" — שטיקלעך פלייש, אויסגע־טאָפּטע, אויסגעקילטע, פּיצלעכווײַז אַרויפגעשטאָכענע אויף הילצערנע שטע־קעלעך...

אָפּגעגעסן דאָס פלייש ציט מען אַרויס פון די כאָליעוועס די קורצע אָבער ברייטע, פּאָליטורטע, קאָלירטע, גלאַנציקע לעפּעלעך און מען וואַרט דערמיט ווי מיט די שטיקעס פאַר אַן „אַטאַקע"... אַז מ'ברענגט די קופּערנע בעקנס מיטן „באָרשטש" („באָרשטש" האָט געהייסן נישט נאָר קאַפּוסטע, נאָר אַפילו לאָקשן און רײַז, ווײַל אַלץ האָט אין זיך געהאַט אַ געוויסע זויערקייט) — פאַלט מען צו צו דעם ווי די הונגעריקע וועלף. מען עסט שטייענדיקערהייט, זאַלבע זיבן־אַכט פון אַ בעקן. אַ געיעג, אַ כאַפּערײַ. ווער ס'איז מער בריה, מאַניפּולירט פלינקער מיטן לעפל. ס'ווערט אַ כליוסקערײַ, ווי אין אַ חזירים־שטאַל... נאָכן „באָרשטש" ברענגט מען קאַשע. קאַשע —

---

23 מיטאָג.

דאָס איז אין קאַזאַרמע אַ זאַך פון באַזונדערן רייץ. די שוואַרצע גרעטשענע קאַשע פלעגט גוט געשמאַלצן ווערן און איז באמת געווען גאַנץ נישקשה־דיק. ווערן בײַ אַלעמען די נעזער אויסגעשפּיצט, די אויגן צעגלאַנצן זיך ווי בײַ ראָמאַנסירנדיקע קעץ... צו קאַשע עסן דאַרף מען שוין זײַן אַן אמתער ספּעציאַליסט. דער יונגער, דער „סעריאַק", וועלכער ווייסט נישט, שטעקט אַרײַן זײַן לעפל און שעפּט אָן וואָס פולער, מיינענדיק, אַז דער־מיט באַוואָרנט ער זיך... דערפאַר אָבער, איידער ער עסט אויף דעם פולן לעפל, איז שוין דער בעקן אויסגעליידיקט. דער אמתער קאַשע־עסער — דער „אַלטער" — כאַפּט פריִער צוויי־דרײַ מאָל (ס'ווענדט זיך ווי גרויס דער אַרומיקער „שונא" איז...) צו ביסלעך, טוט שנעל אַ שלינג אײַן, גאָר־נישט קײַענדיק קיין סך, און דאַן באַווײַזט ער נאָך אַרײַנצושטעקן דאָס לעפל, און ערשט איצט טוט ער אַ נעם־אָן פול מיטן אויג... האָט ער אַ קיימאַ־לן אַ צוויי־דרײַ ביסלעך מיט אַ פולן לעפל, נישט ווי דער „סעריאַק", דער שלימזל, וואָס קען נישט די „מלאָכה"...

וועגן קאַשע גייען אום אין ראָטע פאַרשיידענע ווערטלעך.

— וואָס טוט אַ סאָלדאַט נאָך קאַשע? — פרעגט איינער.

— ער לעקט אָפּ דאָס לעפל — ענטפערט אַ צווייטער.

— בראַוואָ! מאָלאָדיעץ! — הילכט אַרום טיש.

— וואָס טוט אַ סאָלדאַט אַז ער איז הונגעריק נאָכן „אָביעד"?

— קײַט ער די ערד... — קומט אָן ענטפער.

— בראַוואָ! בראַוואָ!

דאָס חכמהט מען זיך, פאַרשטייט זיך, נאָכן עסן, בעת די בעקנס שטייען שוין ליידיק און מ'קאָן זיך שוין פאַרגינען אַ וואָרט אויסרעדן.

נאָכן „אָביעד" זופּט מען ווידער „קיפּיאַטאָק" און ווער עס האָט אַ פּאָר גראָשן, פונדעוועט זיך אַ שטיקל „דאַרע קישקע" אָדער „סאַלאָ" פון דער סאָלדאַטישער „טשאַינאַיאַ לאַוואָטשקאַ" און דערכאַפּט זיך ערשט דאָס האַרץ נאָך דער בהלה בײַם „אָביעד".

אין די זעלבע צווײ פּרײַע שעה מוז מען אויך לאַטען די צעריסענע מלבושים, רייניקן די ביקס, פּוצן די מעשענע קנעפּ און נאָך אַזעלכע מלאָכות, כּדי באַגינען בײַם „סמאָטר" נישט צו כאַפּן אויפן ניכטערן האַרצן קיין „עליה"...

מען באַווײַזט נישט אויסצוגלײַכן די גלידער און שוין ווידער — אַ קאָמאַנדע:

— סטראָיִטסיאַ!

ווידער די ביקס, ווידער אַלערליי איבונגען. דאָ שטיי, דאָ פּאַל! און ווידער „פּראָגולקאַ". געגאַנגען, געלאָפן. אַזוי ביז זייגער 7 אין אָוונט. דעמאָלט רופט דער סיגנאַל צו „וויעטשערע" — צו אַ שיטערן קרופּניק (אויך אַזאַ מין „באַרשטש") פון די רויטע קופּערנע בעקנס. פאַרשטייט זיך, אַז דעם הונגער קאָן עס נישט שטילן, און ווער עס קאָן זיך נאָר דערלויבן, דער לויפט אין סאָלדאַטישן געוועלבל נאָך אַ פונטל „קאַלאַטש"[24] און דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ.

בכלל איז דער סאָלדאַט תּמיד הונגעריק. דאָס אַרבעטן אָן אַ שיעור אויף אַלע כּלים, דאָס לויפעניש און יאָגעניש אין דרויסן בײַ דער „פּראָגולקאַ" רייצט דעם אַפּעטיט און דערפאַר טאַקע האָט ער אַ קישקע אָן אַ דעק און הערט אויף צו עסן נאָר דעמאָלט, ווען ס'איז שוין נישטאָ... ער איז אַזוי ווי אַ פערד, וואָס עסט פון אַ טאָרבע און הערט קיין מאָל נישט אויף צו קײַען כּל־זמן זײַנע נאַזלעכער שפּירן אונטן דעם „אָבראָק"... און די אַלע — אייגנטלעך דאָס רוֹב — וועלכע באַקומען נישט פון דער היים קיין פּאָר רובל, געפינען זיך טאַקע אין אַ מצב פון כראָנישן הונגער, ווײַל די קאַזיאָנע פּענסיע פון אַ גאַנצן חודש קאָן קוים קלעקן אויף איין שנאַפּס מיט „דאַרע קישקע" צום פאַרבײַסן...

---

24 ווײַס ברויט.

5
## מען זינגט לידער...

נאָך דער וויעטשערע הייבט זיך אָן אַ סדרה פון זינגען. דעם גאַנצן יונגן עולם — די „סעריאַקעס" — קלײַבט מען צונויף אין אַ קופּע אין מיטן קאַזאַרמע. אַן אונטער־אָפיציר גיט אַ קאָמאַנדע: „טאָפּטשיס נאַ מיעס־טיע — מאַרש!" [25] און מען הייבט זיך אָן צו וויגן זיך אויף אַן אָרט פון איין פוס אויפן אַנדערן: „ראַז־דוואַ! ראַז־דוואַ!" און דער „זאַפּיעוואַלאַ" [26] אין סאַמע מיטן הייבט אָן אויף אַ פאַרצויגענעם קולכל צו לאָזן טענער. לויט אַ צייכן מוזן אַלע אונטערכאַפּן און מיטזינגען. צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט נישט — מוזסטו אָפּן האַלטן דאָס מויל און העלפן דעם „כאָר".

אָפּט פלעג איך אָפּן האַלטן דאָס מויל און נישט זינגען: ס׳פלעגן מיך עקלען די באַנאַלע סאָלדאַטישע לידער. אָבער דער אונטער־אָפיציר האָט געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און פלעגט פּשוט אונטעררוקן אַן אויער, צי מ׳הערט עפּעס פון מיר אַ טאָן...

— אָרי נאַ ווסיו גלאָטקו! [27] — פלעגט ער מיר אַרײַנשרײַען.

פלעגט נישט העלפן און כ׳פלעג שוין מוזן מיטזינגען. דאָס דאָזיקע וויגעניש אויף אַן אָרט און דאָס זינגעניש פלעגט דויערן אַ שעה צײַט

25 טרעט אויף אַן אָרט.
26 פאָרזינגער.
27 ריטשע אויפן גאַנצן שלינגער דײַנעם!

לערך. די לופט פלעגט פשוט פאַרהילכט ווערן פון די מגושמדיקע קולות.

צווישן די פיל באַנאַלע סאָלדאַטישע „פיעסניעס" פלעגן זיך אָבער אויך דורכוואַרפן שיינע האַרציקע אוקראַיִנישע מאָטיוון וועגן דניעפּר און די ברייטע אוקראַיִנישע סטעפּעס. עפּעס אין ליד האָב איך אַפילו דערקענט — ס'איז געווען פון שעווטשענקאָס „קאָבזאַר" (אין ראַטע זענען געווען אַ סך אוקראַיִנער). דעמאָלט פלעג איך שוין נישט „שווינדלען" און פלעג מיט־זינגען זייער גערן.

כ'פלעג באַמערקן, אַז ביַים זינגען פלעגן אַ סך אַריַינפאַלן אין דער אמתער שטימונג. די פאַנטאַזיעס פלעגן זיך צעשפּילן און מ'פלעגט זיך, אַ פּנים, דערזען אויף די היימישע דאָרפישע פעלדער צוזאַמען מיט די בליִענדיקע, לאַכנדיקע מיידן...

נאָך די דאַזיקע „פאָעטישע מינוטן" פלעגט מען זיך „סטראָיען" צו „פּאָווערקאַ" און דער פעלדפעבל פלעגט דערביַי אויף פאַרלייענען די ביולעטינען פון פּאָלק־קאָמאַנדיר מכּוח אַלע מיליטערישע ניַיעסן פון גאַר־ניזאָן, ווער פאַר וואָס ס'איז באַשטראָפט געוואָרן, וועלכע ענדערונגען עס זענען פאָרגעקומען אין שטאָב אד"גל.

פון דער „פּאָווערקאַ" פלעגט מען זיך לאָזן צו דער איקאָנע, צום אָוונט־געבעט. דאָ פלעגן אויך מוזן בייַזיַין אַפילו די נישט־פּראַוואָסלאַוונע, וויַיל באַלד נאָכן אָוונט־געבעט פלעגט מען אויך זינגען מיט גראָבע, פיַיער־לעכע טענער: „באָזשע, צאַריאַ כראַני!"

פון דער „איקאָנע" פלעגט מען זיך צעגיין שוין פריַי, לחלוטין פריַי. אָבער דער זייגער איז שוין נאָך 9 און דער גאַנצער קערפּער איז אַזוי מוראדיק צעבראָכן, אַז קוים וואָס די פיס פלעגן זיך צושלעפּן צום געלעגער אויף דער נאַרע. איך פלעג אַ וויַילע בליַיבן זיצן אויף דער נאַרע און קלערן וועגן פאַרגאַנגענעם טאָג ווי וועגן אַן איבערגעקומענער סכּנותדיקער קראַנקהייט...

10 אַ זייגער איז שוין דער עולם געלעגן אויף די נאַרעס, אויסגעלייגט

איינע נעבן די אַנדערע אין ענגשאַפט, ווי געפּרעסטע הערינג. אייגנטלעך איז עס געווען איין לאַנגע נאַרע איבער דער גאַנצער לענג פון וואַנט און די געלעגערס זענען געווען האַרט צוגערוקט איינע צו די אַנדערע מחמת ענגשאַפט, און אַז דער עולם איז געלעגן, האָט עס אויסגעזען ווי איין ריזיק געלעגער, ווי איין איבערגעדעקטע גרויע מאַסע מיט אַ שורה קעפּ ביַי דער וואַנט. איבער די לאַנגע, ריזיקע חדרים פון דער קאַזאַרמע האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווילדע כראַפּעריַי פון אַפענע מיַילער.

ליגנדיק איַינגעפּרעסט אין דער דאָזיקער גדיכטעניש אויף דער נאַרע, האָב איך נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט איבערגעלעבט. ס'איז פּשוט נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. ס'האָט געאיבלט ווי אַ מין טשאַד... די פאַרפעסטעטע לופט איז אַריַינגעדרונגען אין די לונגען און געשטיקט און געוואָרגן... וואָס וויַיטער אין דער נאַכט, אַלץ ערגער איז געוואָרן, אַלץ אומדערטרעגלעכער. איך פלעג אויפריַיסן די אויגן, זיך אַנידערזעצן און קלערן, ווי ראַטעווען זיך, כּדי נישט דערשטיקט צו ווערן. ס'איז געווען, ווי דער רוס זאָגט: „כאַט טאָפּאָר פּאָוויעס"...[28]

נישט איין מאָל האָב איך זיך אין מיטן נאַכט אַראָפּגעכאַפּט פון האַרטן געלעגער, אַרויפגעוואָרפן אויף די אונטערוועש דעם שינעל, אַריַינגעשטעקט די פיס אין די שטיוול (צו מיַינע גרויסע שטיוואַלעס פלעג איך ביַים אָנטאָן גאָרנישט דאַרפן צורירן מיט קיין האַנט...) און אַרויסגעגאַנגען אַ ביסל אויפן קאַזאַרמע־הויף דורכצולופטערן די לונגען.

מיַינע דאָזיקע „וויזיטן" אין דער קאַלטער פּראָסטיקער נאַכטלופט האָבן געבראַכט דערצו, אַז איין פרימאָרגן דערפיל איך ווי עס פיבערט מיך און דער קאָפּ טוט מיר וויי.

געלויבט און געאַכפּערט איז דער באַשעפער פון הימל און ערד —

28 כאַטש הענג אויף אַ האַק.

כ׳בין קראַנק געוואָרן! ווי גליקלעך איך בין — כ׳בין באמת קראַנק גע־וואָרן! איך לאַך איצט פון אַלעמען!...

באַלד אין דער פרי האָב איך זיך פאַרשריבן אין „אָקאָלאָדאָק״ [29] און בין אַוועק אַהין מיט אַ קאָמאַנדע חולאים (אַפילו קראַנקערהייט מוז מען גיין „פאָ אוסטאַווו״...).

אין „אָקאָלאָדאָק״ מעסט מיר אַ פעלדשער צוויי מאָל אָפּ די טעמפּעראַ־טור (דאָס ערשטע מאָל האָט ער מיר עפּעס נישט געגלייבט) און אַ נס איז טאַקע געשען — איך האָב היץ! עס פּיקט זיך מסתמא אָן אַנגינע. אין האַלדז ווערט מיר אַלץ ענגער. עס באַטראַכט מיך נאָך דעם דער פעלק־אַרצט און נאָך דעם זעלבן טאָג שיקט מען מיך אָפּ אין מיליטערישן לאַזאַרעט אַריַין, וואָס ליגט אויף די בערג בייַם טייַך טעטערעוו.

29 פעלק־אַמבולאַטאָריום.

6
# אין לאַזאַרעט

איך ליג שוין נישט אויף קיין נאַרע, נאָר אויף אַ זויבער־ווײַסן שפּי־טאָל־געלעגער. איך רו מיר אויס די ביינער. כ׳האָב נאָך קיין מאָל נישט אַזוי ליב געהאַט די מנוחה, ווי איצט. דער געדאַנק וועגן דער קאַזאַרמע האָט מיך איצט, אין סאָלדאַטן־שפּיטאָל, געמאַכט פּשוט שווידערן. ס׳איז מיר איצט געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס מ׳וויל זיך אַרויסדרייען פון „פּאָניען״, פאַר וואָס מ׳טוט זיך אָן כלערליי מומים, פאַר וואָס, למשל, מען מאַכט זיך מיט אַ פוס קירצער, מ׳האַקט זיך אָפּ פינגער פון פוס אָדער פון האַנט, מ׳נעמט זיך אַרויס גאַנצע 14 ציין, וכדומה... כ׳האָב איצט מיט־געפילט די אַלע, וואָס האָבן אַזוי געטאָן, אַבי זיך אַרויסצודרייען פון אונ־טער „פּאָניעס״ שווערע, בלאָטיקע שטיוול — — —

בין איך מיר אַזוי געלעגן און געבענטשט יעדן טאָג פון מײַן קראַנק־הייט.

אָבער ווי לאַנג לויערט דען אַן אַנגינע? — אין אַן אַכט טעג אַרום איז שוין געוועזן נאָך איר.

איך בין אַראָפּ פון בעט און געזומען אַרומקריכן איבער די לאַנגע שפּיטאָל־קאָרידאָרן. סאָלדאַטן האָבן גערעדט וועגן „קאָמיסיעס״ און גע־חלומט וועגן פרײַ ווערן... איין יידל, זע איך, שײַנט פאַר נחת: דאָס האַרץ, בײַ אים, זאָגט ער, קלאַפּט ווי אַ ניימאַשין... אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף

ער דאָ שטיין אויף „קאָמיסיע״ און ער האָפט זיכער באַפרײַט צו ווערן. אַ צווייטער באַרימט זיך מיט זײַנע קראַנקע לונגען, אַ דריטער — מיט אַ נירן־אַנטצינדונג, אַ פערטער — מיט אַ צוווּקס אויפן שטערן... — אַלץ גליקלעכע מזלות!...

איין פעלדשער פון שפּיטאָל — דערציילט מען מיר — האָט אַזעלכע „פּראָשקעס״ צום האַרצן, פון וואָס מען קאָן קריגן אַ „ווײַסן בילעט״... דער דאָזיקער פעלדשער האָט טאַקע נאָך דעם מיט מיר אַליין גערעדט און מיך בשתיקה צוגערעדט צו זײַן „סגולה״. איך האָב אָבער נישט געוואָלט דערפון הערן און געדענקען — גיי הייב זיך אָן מיטן האַרץ! אַנשטאָט אַ „ווײַסן בילעט״, קאָן מען אַ מאָל קריגן ווײַסע... תכריכים... אַגב, בין איך דאָך עפּעס אַן „ערשטער לגאָטניק״ און כ׳וואַרט דאָך סײַ ווי, אַז פריִער־שפּעטער זאָל מען מיך באַפרײַען.

צווישן די יעניקע, וואָס וואַרטן דאָ אויף אַ קאָמיסיע, איז פאַראַן איינער אַ ייִדל, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום שוין אַ חדשים צוויי. דאָס איז אַן עפּי־לעפּטיקער, און מען האַלט אים דאָ, ביז וואַנען ער וועט קריגן דעם אַטאַק... ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען אין דערוואַרטונג טאָג־אײַן, טאָג־אויס. דער דאָזיקער פאַרשוין, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט זיכער באַפרײַט ווערן, פון דעסטוועגן איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פינצטערער, אַ מרה־שחורה־דיקער, אַ שטענדיק פאַרשלאָסענער אין זיך, מיט קיינעם נישט גערעדט און בלויז געוואָרפן נעפּלדיקע, אומהיימלעכע בליקן... ביז איין מאָל, אין מיטן דער נאַכט, כאַפּ איך זיך אויף פון אַ בהלה אין קאָרידאָר.

— דעזשורני! דעזשורני! — הער איך אַ געשריי.

דאָס האָט יענער פאַרשוין לסוף געכאַפּט דעם לאַנג באַגערטן אַטאַק, און צו זײַן גליק איז זײַן שכן נישט געשלאָפן און ער איז עס אַרויסגע־לאָפן מיט אַ געשריי אין קאָרידאָר.

דער דעזשורני־דאָקטאָר איז טאַקע תיכף אַרײַנגעלאָפן אַהין און פעסט־געשטעלט. ווי יענער וואַרפט זיך אין עפּילעפּטישע קאָנוווּלסיעס... ווען מען

באַמערקט עס נישט, וואָלט ער זיך געמוזט וואַלגערן אין שפּיטאָל ביז אַ צוויטן אַטאַק... אַזוי איז ער טאַקע באַלד צו מאָרגנס געגאַנגען אויף „קאָמיסיע" און געקריגן דעם „ווײַסן בילעט".

אים האָט קיינער נישט מקנא געווען...

7

# מאַרוסיאַ

איין טאָג בין איך אַרויס אין שפּיטאָלהויף אַ ביסל צו שפּאַצירן. ס'איז געווען גראָד אַ לינדער שניטאָג און די לופט איז געווען פריש און דופטיק, ווי דער ריח פון פעלדבלימלעך. איך בין אַרומגעקראָכן צווישן פאַרשנייטע ביימער, אַרום ווייַסע פיל־פענצטערדיקע געבייַדעס. דאָ און דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט רעקאָנוואַלעסצענטן, אָדער סתּם סאָלדאַטן ביי אַרבעט: אַנדערע האָבן געשטופּט אַ פעסל וואַסער אויף אַ וועגעלע; אַנדערע האָבן געהאַקט האָלץ, געשלעפּט קלעצער, ברעטער, געמייַסטרעוועט; טייל האָבן געטראָגן גרויסע קעסלען, פון וועלכע עס האָט געזעצט אַ פּאַרע.

פון איין פּאַרטער־געבייַדע דערהער איך אַ זינגען. פרויען־שטימען. כ'גיי צו — ס'איז די שפּיטאָל־וועשערייַ. פון אָן אָפענער טיר האָט געשלאָגן אַ וואַרעמע פּאַרע, ווי פון אַ שוויצבאָד.

איך בין אַרייַן אַהין, סתּם צו כאַפּן אַ קוק.

אַ גאַנצער עולם ווייַבער און פאַררויטיקטע מיידן מיט פאַרקאַשערטע אַרבל האָבן זיך געפּאָרעט בייַם וואַשן און בייַם אויסדרייען וועש. פון זיי טראָגט זיך עס דאָס געזאַנג. דערזעענדיק מיך, האָבן זיי זיך גענומען איבער־ווינקען און נאָך מער פלייַסן זיך מיטן זינגען.

— העלף אַ ביסל דרייען, זעמליאַטשאָק! — רופט זיך אָן צו מיר איינע, אַ יונג שיקסל, גראָד נישט קיין מגושמדיקע, ווי די אַנדערע, בלוט און מילך, ווי אָקערשט פון דאָרף אַרויס.

כ'דערנענטער זיך צו איר און פאַרפיר מיט איר אַ לייַכטן „פלירט",

נעם זי אָן באַלד ביַי דער האַנט, כּלומרשט מעשׂה סאָלדאַט, און זי קאָלערט זיך פון געלעכטער. די איבעריקע זענען, אַ פּנים, געווען אַ ביסל אייפער־זיכטיק צוליב איר „דערפאָלג” און האָבן זי בסדר געריסן צו דער אַרבעט...

— זיי לאָזן מיך קיין וואָרט נישט אויסריידן — קלאָגט זי זיך פאַר מיר און לאַכט דערביַי.

— מאַרוסיאַ! קום דרייען די גאַטקעס, קום! — רופן זיי איר. — אויב דו ווילסט, קאָנסטו זיך באַשטעלן אויף אַ „סווידאַניע” [30].

— לאָזט איר אַ ביסל אָפּרוען... — בעט איך פאַר איר — זי איז נאָך אַ יונג מיידל...

— אַז דו ביסט אַזאַ גוטער, טאָ האָב מיט איר חתונה!... — מישט זיך אַריַין אַן אַלטע וועשין מיט פאַררויטיקטע ידים אין די באַקעס.

ס׳ווערט אַ געלעכטער צווישן וויַיבערשן „פאָלק”.

— אפשר געפעלט איך גאָרנישט דער כּלה... — נעם איך ווידער אָן דאָס יונגע שיקסל ביַי אַ האַנט...

מאַרוסיאַ קיַיכט פון געלעכטער.

— ער געפעלט דיר, מאַרוסיאַ? — פרעגט מען דאָס שיקסל.

— נישקשה, איר געפעלן אַלע... — מישט זיך אַריַין די וועשין מיט די הענט אין די זיַיטן — אַבי אַ פּאָר הויזן!...

— ס׳איז אמת, מאַרוסיאַ?... — ווענד איך זיך צום שיקסל.

— זי פלוידערט די באַבע... — ענטפערט, לאַכנדיק, מאַרוסיאַ.

— האָסט, גאָלובושקאַ אַ צו שיין פּנימל... — האַלט זיך פעסט די „באַבע” — אַזעלכע ווי דו גענעצן נישט...

— מאַרוסיאַ קאָן טאַקע אַלעמען געפעלן ווערן... — האַלט איך אונטער און קוק בעת־מעשׂה דורכדרינגענדיק אויפן פּויערים־מיידל.

פון מיַין בליק האָט זי געקריגן אַלע קאָלירן אין די באַקן. ס׳האָט

30 אַ „ראַנדקע”.

געווייעט פון איר מיט בלײַונג, פרישקייט און דאַרפישקייט. אירע רונדיקע שטײַפע בריסטלעך האָבן געציטערט אונטער איר לײַכט סיצן בלוזקעלע, און אין גאַנצן איז זי געווען ווי אַן אָקערשט רײַף געוואָרענער פאַרביקער עפּל...

— העי, מאַרוסיאַ! — דערהערט זיך ווידער אַ קול — מ׳מוז אויס־ענדיקן די וועש.

— איך גיי באַלד! — ענטפערט זי ברוגז און קוקט אויף מיר אַזוי, ווי ס׳וואָלט איר אַ שאָד געווען דאָס אַוועקגיין פון מיר...

מײַנע האָט נישט קיין ברירה, גייט צו צו אירע נישט־פאַרגינערקעס און נעמט זיך צו די וועש. אָבער פון דער ווײַטנס וואַרפט זי נאָך צו מיר חנדלעך און צעזינגט זיך:

„מאָי מילי וו׳באַל־ניצע״...

דער גאַנצער עולם ווײַבער כאַפּט אונטער דאָס ליד און מאַרוסיעס שטים ווערט פאַרטויבט.

מיר קוקן זיך איבער און לסוף גיי איך אַרויס, אַ פאָך טוענדיק מיט דער האַנט:

— דאָ סווידאַניאַ, מאַרוסיאַ!...

כ׳האָב זיך נאָך לאַנג אַרומגעדרייט אין די בערג, אַרום די שפּיטאָל־געבײַדעס. אין דער בידער האָט זיך געצויגן דער מיט שניי באַשאָטענער פאַרפרוירענער טעטערעוו, וועלכער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער ווײַטע־ניש פון די פעלדער, אונטערן נידעריקן, גרויען ווינטער־הימל. פון אַ צווייטער זײַט האָט זיך געזען אַ שטיק פּאַנאָראַמע פון שטאָט. אַ ים דעכער, ווײַסע דעכער, און פענצטער, פענצטער טונקעלע אָן אַ צאָל...

דאָס דאָזיקע ווינקעלע אין די שפּיטאָלבערג איז געווען זייער ראָמאַנ־טיש, כאָטש נעם און גיי באַשטעל זיך דאָ אַ „ראַנדעוווּ״ מיט מאַרוסיען...

דאָס דיקע געוואַנד פון גרויען שינעל האָט אַלץ געפּרעסט און דער־שטיקט ——

8

## מ׳נעמט זיך צו מיר...

איין פרימאָרגן האָט דער דאָקטער מײַנער מיר אַרײַנגעקוקט אין האַלדז אַרײַן, צו דער „אַנגינע״ מײַנער, געהייסן מיר זאָגן: „ע־ע־ע־ע״ און פאַר־אָרדנט מיך תיכף אויסצושרײַבן פון שפּיטאָל.

געבענדיקט!...

געקומען צוריק אין קאַזאַרמע, האָט מען זיך אויף ס׳נײַ גענומען צו מיר און, דאַכט זיך, מיט מער אימפּעט און „טעמפּעראַמענט״... מײַן לערער, דער קאַצאַפּ פון טולאַ, איז גראָד געווען אין אַ „שלעכטער שטימונג״ צוליב עפּעס אַ שטראָף, וואָס ער האָט געקריגן פון „ראָטני״ פאַר נישט קומען נעכטיקן אין קאַזאַרמע און אָנשיכּורן זיך אין אַ מיטן מיטוואָך... האָט ער די גאַנצע פאַרביטערטקייט אויסגעגאָסן אויף מיר.

— איבער די שפּיטאָלן ווּעסטו זיך אַרומדרייען? — האָט ער זיך אויף מיר געבייזערט — דינען דעם צאַר ווילט זיך דיר נישט, האַ? יאַ טיעביאַ נאַוּטשו!... [31]

כ׳האָב זיך געהאַט גענומען פאַרענטפערן, אַז איך בין דאָך נישט שול־דיק, וואָס כ׳בין קראַנק געוואָרן; אָבער ער האָט מיך תיכף איבערגעריסן:

— מאָלטשאַט, ניע ראַזגאַוואַריוואַט! איך קען אײַך שוין, סיערײַאַקי! לאָדראַ וואַליאַיעש!

31 איך וועל דיך אָנלערנען.

ביי „קאַלקאַ טשוטשעלאַ" און ביי די פּאַראַלעל־„ברוסיעס" האָט ער מיך אָפּגעמוטשעט לענגער ווי אַלע מאָל.

— ווי אַ סטרונע מוזסטו שטיין אויף די הענט! — האָט ער נישט אויפגעהערט צו זאָגן מיר מוסר. — נישקשה, איך וועל דיך שוין אויסלערנען ווי צו זיין אַ סאָלדאַט...

אַ חברה האָט מיך צוגעהאַלטן אויף די „ברוסיעס" און ער, דער „גאָספּאָדין אוטשיטעל", האָט צו רעכט געמאַכט מיין פּאָזע, אויסגעגלייכט אויבן די פיס, אַ ביסל פאָרויס, אַ ביסל צוריק, אַ ביסל רעכטס, אַ ביסל לינקס — אַזוי געלאָזן, מיוושבדיק, ווי איינער, וואָס האָט צייט... ער האָט דווקא געוואָלט מיך צופּאַסן צום „אוסטאַוו", עס זאָל זיין ווי אין פּסוק שטייט... און איך, פון אונטן אַרויף, האָב געקוקט מיט פאַרלאָפענע אויגן אויף פאַרקערטע חוזקדיקע פנימער און געפילט אין מיין איבערגעקערטן האַרץ, אַז אָט־אָט פּלאַצט עס אינעווייניק...

— ראַדי באָגאַ... פּאָלנאָ וואָם... [32] — שטאַמל איך פון אונטן.

— ניעפּראַווילנאָ סטאָיט! ניעפּראַווילנאָ! [33] — האָט געשריִען מיין לערער און מיך אַלץ צו רעכט געמאַכט...

— אומיראַיו!... [34] — האָב איך זיך געבעטן.

— ניטשעוואָ! — לאַכט דער לערער. — מיר האָבן אַן אומזיסטן לאַזאַרעט, אַ בית־עולם... ניטשעוואָ... שטאַרבסטו — באַגראָבן מיר דיך און באַסטאַ!

אַז מען האָט מיך לסוף אָפּגעלאָזט, זענען מיינע אויגן פייכט געווען... איך האָב נישט געוווּסט, צי פון פאַרלאָפענעם בלוט, צי פון טרערן...

נאָך אַזעלכע „לעקציעס" האָב איך שוין ביי זיך נישט געקאָנט פועלן

32 אום גאָטעס ווילן... גענוג שוין איך.
33 ער שטייט נישט ריכטיק! נישט רעגלמעסיק!
34 איך שטאַרב.

פאַרצולייגן מײַן „לערער״ אַ פּאַפּיראָס — ס׳האָט מיך פּשוט געעקלט צו קוקן אין זײַן פּרצוף אַרײַן. און וואָס מער איך האָב אים איגנאָרירט, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך מיט מיר אינטערעסירט — בעת די איבונגען און אַפילו נאָך די איבונגען.

איין מאָל אין אָוונט, ס׳איז שוין געווען נאָכן אָוונט־געבעט, בשעת אַלע האָבן זיך גענומען אויסלייגן אויף דער נאַרע, איז ער פאַרבײַגעגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט נעבן מיר. איך בין שוין געווען אַן אויסגעטאָנענער און האָב זיך געפאַרעט מיטן צו רעכט מאַכן מײַן געלעגער און געווען שוין אַפילו אויף דער נאַרע.

— ווען גייסטו ווידער אין שפּיטאָל ? — פאַרטשעפּעט ער מיך.

— ווען איך וועל קראַנק ווערן ! — ענטפער איך און פאָרע זיך ווײַטער בײַ מײַן געלעגער.

— ווי רעדסטו עפּעס מיט אַ נאַטשאַלניק ! — ווערט ער פּלוצלינג צעקאָכט און בײַט דעם טאָן. — ווסטאַט !...[35]

כ׳האָב אים אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. איך בין שוין אין די אונטער־וועש און יענער קאָמאַנדעוועט גאָר : „ווסטאַט !...״ ס׳האָט מיך שרעקלעך געבערענט זײַן היניטישקייט און איך האָב אים גאַנץ פּשוט געבעטן, אַז לכל־הפּחות איצט, בײַ נאַכט, זאָל ער מיך צו רו לאָזן.

אַזאַ „חטא״ האָט אים נאָך מער אַרויסגעבראַכט פון די כּלים.

— מאָלטשאַט, ניע ראַזגאָוואַריוואַי ![36] — האָט ער געדונערט מיט אַ ווילדן קול : — ווי רעדסטו עפּעס מיט אַן עלטסטן ? אין דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן וועל איך דיך פאַרשיקן ! אין סיביר וועסטו מיר גיין ! אויף קאַטאָרגע פאַרפוילט ווערן ! אַ שׂונא פון צאַר ביסטו, בונטאָווטשיק איינער !...

---

35 אויפשטיין !

36 געשוויגן זאָל זײַן, נישט רייד !

און נאָך אַזעלכע פערלדיקע רייד. איך האָב אויף אים בעת־מעשׂה געקוקט ווי אויף איינעם, וואָס איז גערירט געוואָרן פון זינען און האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון אַ שמייכל...

דער דאָזיקער שמייכל האָט אים אַרייַנגעבראַכט אין אַן אמתער רציחה. זייַנע גרויע וואָסערדיקע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט און זענען געוואָרן איין שטיק בייזקייט.

— ווסטאַט!! — צעדונערט ער זיך נאָך העכער.

איך בין געווען אין פאַרלעגנהייט און נישט געוווּסט, וואָס איך זאָל טאָן אין אַזאַ רגע מיטן דאָזיקן רשע און מטורף.

— ווסטאַט, סמירנאָ!!!...

האָב איך זיך אַנידערגעשטעלט אויף דער נאַרע אין ווייַסן און געבליבן שטיין ווי אַ גולם...

— רוקי פאָ שוואַם![37] — קאָמאַנדעוועט ער ווייַטער.

איך טו עס...

ער האָט געגעבן נאָך עטלעכע קאָמאַנדעס און לסוף מיר באַפוילן אַראָפּצולאָזן זיך אויף די אייַנגעבויגענע פיס, שטייענדיק אויף די שפּיץ פינגער — „גוסינים שאַגאָם״[38] הייסט עס אין קאַזאַרמע.

— רוקי ופּיעריאָד![39] — קאָמאַנדעוועט ער ווייַטער.

צי איך אויס די הענט פאָרויס און וואַקל זיך.

— ניע שעוועליס![40]

איך בין אַזוי געשטאַנען אין דער פּאָזע און געוואַרט, מיט וואָס די עקזעקוציע וועט זיך ענדיקן. די קני האָבן וואָס אַ מינוט ווייַטער אַלץ מער

37 די הענט בייַ דער זייַט!
38 גענדזנטריט.
39 די הענט פאָרויס!
40 ריר זיך נישט.

ווי געטאָן און געשניטן. מײַן „לערער" איז געשטאַנען אַנטקעגן מיט אַ מינע פון טריומף און האַרט ווי אַ תלין. די דאָזיקע שפּיל מיט מיר האָט אים, אַ פּנים, פאַרשאַפט אַ גוואַלדיקע הנאה. קוקט ער, קוקט — און הייבט אָן אויף ס׳נײַ איבערצוחזרן זײַן מוסר, אַז איך פּאָלג נישט די באַפעלן פון „נאַטשאַלסטוואָ", אַז איך לאָז זיך אויס פון צאַר, אַז ער וועט צושטעלן אַ ראַפּאָרט וועגן מיר, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער.

די פּאָזע מײַנע האָט מיר גענומען שטאַרק דערקוטשען. ס׳איז מיר פּשוט געוואָרן אומדערטרעגלעך אַזוי צו שטיין. די וויטיקן אין די פּיס־געלענקען האָבן זיך מוראדיק פאַרשטאַרקט, אויפן שטערן האָט מיר שוין אַ קאַלטער שווייס אַרויסגעשלאָגן. אָט נאָך אַ ווײַלע און איך פאַרליר די גלײַכגעוויכט. בעת־מעשׂה איז מיר געקומען אַ מחשבה אין קאָפּ אַרײַן, אַ וואָרף צו טאָן זיך אויף אים און כאַפּן אים פאַרן האַלדז, ביז די צונג זאָל אים אַרויסשפּאַרן...

אַזוי וואָלט מען זיכער געדאַרפט טאָן און ס׳וואָלט אויך גאַנץ נאַטיר־לעך און לאָגיש געווען; אָבער איך האָב נאָר געקאָנט קלערן וועגן אַזאַ נקמה־אַקט; מײַן „לערער" אָבער — ווען ער איז אויף מײַן אָרט — ער וואָלט עס שוין יאָ געקאָנט באַווײַזן, אַפילו גאָרנישט קלערנדיק...

לסוף איז אים אַליין נימאס געוואָרן די קאָמעדיע, אָדער עס האָט זיך אים פאַרגלוסט שלאָפן גיין, און ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— לאָזשיס! [41]

און דראָענדיק מיט דער פויסט איז ער אַוועק פון מיר.

איך האָב מיך שנעל אַרונטערגערוקט אונטערן צודעק און פאַר זיך אַליין זיך געשעמט: צו וואָס פאַר אַ מדרגה מ׳קאָן דערנידעריקן דעם מענטשלעכן כּבוד...

מײַן „זעמליאַק", דאָס ייִדל, וועלכער איז געלעגן נעבן מיר און זיך

---

41 לייג זיך.

געהאַט געמאַכט שלאָפנדיק, מורא האָבנדיק, מ׳זאָל זיך צו אים אויך נישט בעמען — האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטערן צודעק און אויסגערופן:

— אַזאַ הינטישע פעל! פאַר וואָס האָסטו אים געשוויגן?

— וואָס האָב איך געקאָנט מאַכן?

— פּלעטן דעם קאָפּ!

— פאַר וואָס האָסטו מיר פריִער נישט געגעבן די עצה? פריִער ביסטו געלעגן ווי אַ פּחדן מיטן צודעק איבערן קאָפּ...

— כ׳בין דאָך געשלאָפן...

— טאָ פון וואַנען ווייסטו וואָס דאָ איז געשען?...

— עפּעס האָב איך יאָ געהערט ווי דורכן חלום...

— יאָ, יאָ, דורכן חלום... ביסט, אַ פּנים, נאָר אַ העלד אין דער היים...

כ׳האָב אַ גאַנצע נאַכט נאָך דעם נישט געקאָנט שלאָפן. איך בין געווען אויפגערעגט און אין גאַנצן צעבראָכן, צעטראָטן ווי אַ וואָרעם... צו וואָס בין איך געקומען אַהער צו די רשעים און סאַדיסטן — אַפילו צײַטווײַליק — בעת באַנען און שיפן האָבן לכתחילה מיך געקאָנט אָוועקפירן אַזוי ווײַט פון דאַנען, אַזוי ווײַט? — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

9

## אין טעג פון רו

ס׳איז זונטיק. אַ טאָג פון רו. איטלעכער פון דער קאַזאַרמע באַשעפ־טיקט זיך מיט זיך אַליין.

אין אַזאַ טאָג בין איך אויסגענוצט געוואָרן צו שרײַבן בריוו. כ׳האָב שוין געהאַט אַ היפּשן עולם „קליענטן״ — גאַנצע און האַלב־„ניעגראַמאָטנע״. צווישן זיי איז אויך געווען... מײַן לערער פון טולאַ. ער האָט כּלומרשט געזאָגט, אַז בײַ אים איז די האַנטשריפט נישט קיין שיינע, אָבער אין דער אמתן האָט ער טאַקע זייער שוואַך געקענט. ער האָט, אמת, געלייענט גע־דרוקטע שריפט, אָבער שרײַבן פלעגט ער מיט גרייזן. אַז ער פלעגט דאַרפן שרײַבן צו זײַנער אַ כּלה — עפּעס אַן אָלגאַ יעפּימאָוונאַ — פלעגט ער זיך שוין ווענדן צו מיר...

ווי אומפאַרשעמט איז ער אָבער געווען, דער לערער מײַנער, אַז אויך הײַנט, אַ פּאָר טעג נאָך יענעם אָוונט, ווען ער האָט מיך אַזוי געפּײַניקט, קומט ער צו צו מיר, ווי קיין מאָל גאָרנישט, און בעט מיך אָנשרײַבן אַ בריוו. בײַ אים — חזרט ער איבער זײַן תּירוץ — איז די האַנטשריפט אַ מיאוסע.

— אַ בריוו? — פרעג איך איבער — אַלץ בעסער ווי אויף די „ברו־סיעס״...

יענער האָט געשוויגן.

אַז כ׳האָב שוין אָנגעשריבן די ערשטע שורה: „דאָראָגאַיאַ אָלגאַ יעפּי־מאָוונאַ!״ — גיט ער מיר אַ קאָמפּלימענט:

— וואָט פּאָטשערק! [42]

— וואָס טויג דער „פּאָטשערק" — זאָג איך אים — אַז דער עיקר איז דאָ דאָס שפּרינגען איבער דער „קאָבילע"...

ער פאַרשטייט נישט מײַן שטאָך און ענטפערט:

— פּראָווילנאָ! פּראָווילנאָ!...

— אַ סאָלדאַט — זאָג איך ווײַטער, שרײַבנדיק — מוז דעם מוח זײַנעם איבערלאָזן אין דער היים, איידער ער פאָרט אין קאַזאַרמע...

מײַן דאָזיקער שטאָך איז אים שוין יאָ אַרײַן אין קאָפּ, אָבער איצט איז ער בײַ מיר אין די הענט און ער רעאַגירט נישט.

אַז דער בריוו איז שוין געווען פאַרטיק, האָט ער מיר אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקע „גרויסמוטיקייט" און געבעטן בײַ מיר „פּאָקוריט"... [43]

דעם זעלבן זונטיק האָב איך אויך געשריבן אַ בריוו פאַר מײַן „זעמליאַק", דעם ייִדל. דער בריוו איז געווען צו זײַנע עלטערן און כ'האָב אָנגעהויבן מיטן סקאַרבאָוון אָנהייב וועגן „ליבן געזונט" וכדומה... נאָך דעם פרעג איך אים, וואָס ער וויל ווײַטער שרײַבן? יענער קלערט אַ ווײַלע און דאַן זאָגט ער מיר, כ'זאָל שרײַבן, אַז די וואָך זענען מיר אַרויס אין פעלד אויף „פּראָגולקאַ" אויף אַ ברענענדיקן פראָסט פון 40 גראַד און ער האָט אָפּגעפרוירןביידע אויערן... צוויי סאָלדאַטן זענען פאַרפרוירן געוואָרן צום טויט...

— סטײַטש?! — שטעל איך אָן אויף אים אַ בליק פון פאַרוווּנדערונג.

— שרײַב, שרײַב! — זאָגט ער האַלב־פאַרשעמט — זאָלן זיי נישט מיינען, אַז מיר שפּילן זיך דאָ... וואָס אַרט דיך, שרײַב...

מילא, שרײַב איך... אַ ברירה האָב איך?

— נו, וואָס ווײַטער? — פרעג איך — וואָס איז נאָך געשען?...

---

42 ס'אַראַ פײַנע האַנטשריפט.

43 צום רויכערן.

— שרײַב — זאָגט ער, גאָרנישט קלערנדיק (אַ פּנים, עס איז שוין געווען אָפּגעקלערט פון פריִער) — שרײַב, אַז שבת איז מען געגאַנגען אויף „סטריעלבאַ״ [44] און איך בין געווען דער ערשטער שיסער און געקריגן פון קאָמאַנדיר פּאָלקאַ אַ מאַנדאַל...

— אַ „מאַנדאַל״?... — פרעג איך איבער, שמייכלענדיק — אַ זילבער־נעם, אָדער אַ גאָלדענעם?...

— שרײַב אַ זילבערנעם זייגער...

— גוט, גוט, שוין אָנגעשריבן. וואָס נאָך, אַ שטייגער, שרײַבן? כ׳קאָן זיך נישט באַהערשן פון לאַכן.

— וואָס אַרט דיך — פאַרענטפערט ער זיך פאַר מיר — אַ דאגה האָסטו... זאָלן זיי דאָרט אַלעמען דערציילן...

— אַדרבה, אַדרבה... קאָנסט נאָך עפּעס שרײַבן, אויב דו ווילסט...

— גענוג אויף הײַנט...

— זאָל זײַן גענוג...

געענדיקט מיט מײַן „זעמליאַק״, קומט צו צו מיר עפּעס אַ פּויער פון ווײַסרוסלאַנד. ער דערלאַנגט מיר אַ כעמישע בלײַפעדער מיט אַ בייגעלע פּאַפּיר, כ׳זאָל שרײַבן אַ בריוו צו זײַן ווײַבל אין דאָרף.

— וואָס ווילסטו — זאָג איך צו אים — כ׳זאָל פאַרשמוצן מ ײַ ן צונג מיט דער בלײַפעדער? שטעק אַרויס ד ײַ ן צונג...

דער פּויער האָט אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע קעלבערנע צונג און איך האָב געטונקט אין דער צונג און געשריבן, געטונקט און געשריבן...

— ווי לאָזסטו עפּעס איבער אַ יונג ווײַבל אין דאָרף? — פרעג איך אים — ווייסט נישט, אַז עס דרייען זיך דאָרט אום יונגע כלאָפּצעס?...

— אַ ברירה האָב איך געהאַט?

— אַז מ׳גייט דינען, האָט מען פריִער נישט חתונה.

44 שיסן.

— כ׳האָב געמוזט... — ענטפערט ער פאַרשעמט.

— פאַר וואָס האָסטו געמוזט?

— ווײַל... ווײַל זי האָט געבוירן אַ קינד... האָבן מיךביידע טאַטעס
— מײַנער און אירער — געצוווּנגען...

— אויב אַזוי, איז מיר שוין קלאָר...

— און טאָמער — פרעג איך ווײַטער — ווערסטו, קומענדיק אין אַ פּאָר יאָר אַרום, געפינען נאָך אַ שפּאָגל נײַ קינד?...

— פּלעט איך איר מיט אַ האַק דעם קאָפּ! — רופט ער אויס, קלאַפּנדיק מיט דער האַנט אויפן ברוסט — יעי באָגו...

אָפּפּטרנדיק די בריוו, הייב איך אָן „געניסן״ פון די פרײַע שעהען. דער עולם קלײַבט זיך גרופּעסווײַז. מ׳רעדט, מען דערציילט. ייִדן „מאַכן שבת פאַר זיך״. כ׳פּרווו צוגיין צו איין רעדל ייִדן, צו אַ צווייטן — ס׳איז אָבער נישט געווען מיט וועמען זיך אַדורכצושמועסן. די אַלטע ייִדישע סאָלדאַטן באַרימען זיך אינעם רעדל פאַר די יונגע, ווי אַזוי זיי נאַרן אָפּ „פּאָניעזן״, ווי אַזוי זיי דרייען זיך אַרויס פון „זאַניאַטיעס״ און ליגן אָפּ גאַנצע טעג אין שטאָט. די דאָזיקע באַרימערײַען דערגייען ביז לעכערלעכקייט. אַזוי, למשל, דערציילט איינער, אַז שטייענדיק יענע וואָך אויף „קאַראַוּל״ אין אַ פּראָסטיקער און ווינטיקער נאַכט הינטערן שטאָט בײַ די פּולווער־סקלאַדעס, האָט ער נישט געקוקט אויף קיין גליקן און אַרײַן אפשר אויף אַ שעה צײַט אין „בודקע״...

— אין דר׳ערד האָב איך „פּאָניען!״ — האָט ער נאָך אויסגערופן מעשה העלד.

— אָ־וואָ! אָ־וואָ! טאַקע אַ גיבור!... — רופט אויס מיט איראָניע איינער, פרידמאַן, אויך אַן „אַלטער״ — ווייסט איר, קינדער, ווי אַזוי איך נאַר אָפּ „פּאָניען״? שוין דרײַ וואָכן ווי כ׳בײַט נישט קיין העמד... „פּאָניען״ אויף צו להכעיס... אין דער ערד האָב איך אים!...

דער עולם שיסט אויס אין אַ געלעכטער. פרידמאַן דערציילט ווײַטער,

אַז אַלס „נאָוואָבראַניעץ״ פלעגט ער אַלע אָוונט ביי די „פּיעסניעס״ אַ מכּה זינגען... בעת אַלע פלעגן הילכן ווי די שיכּורע גוייִם, פלעגט ער גאָר בשעת מעשׂה זאָגן „והוא רחום״...

דער דאָזיקער פרידמאַן — אַ סטאָלער פון דער היים — איז באמת געווען דער לץ פון ראָטע. ער איז געווען פון מיטעלן וווקס, מאָגער און מיט עטוואָס איינגעצויגענע אַקסלען, וואָס די קאַזאַרמע האָט זיי פאַר זיינע צוויי יאָר דינסט נאָך אַלץ נישט באַוויזן אויסצוגלייכן... אַ לאַנגע, שאַרפע נאָז און אַ פּנים פול זומער־שפּרינקעלעך. אויגן העלע, שטענדיק לאַכעדיקע. אַז ער פלעגט נאָר אויסרעדן אַ וואָרט, פלעגט מען שוין לאַכן. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך אַקטיאָרישע שטיק און איז געווען אַ זעלטענער נאָכמאַכער און נאָכקרימער פון יענעמס גיין, יענעמס שטיין און יענעמס שטים. צום בעסטן פלעגט ער נאָכמאַכן דעם „באַטאַליאָני״. דער „באַטאַ־ליאָני״ — אַ מאַיאָר — האָט געהאַט אַ קליין, נידעריק, קאָמיש פיגורל און אַ דיסקאַנטאַ־שטימעלע, און בעת ער פלעגט אַ מאָל פאַרבייגיין דעם „סטראָי״ און דיריגירן מיטן הענטל, פלעגט מען זיך קוים איינהאַלטן פון געלעכטער. פרידמאַן פלעגט אים קאָפּירן אויסגעצייכנט, ווי אַן עכטער אַקטיאָר: אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ נידעריק, פאַרבייגנדיק די קני, פאַררייסט אין דער הייך דעם קאָפּ און מאַכט נאָך פּונקט יענעמס העוויות, פאָכענדיק מיטן הענטל אויף זיך און נאָכקרימענדיק יענעמס שטים: „נאַ מעניאַ, נאַ מעניאַ, נאַ נאַטשאַלניקאַ!...״ ס׳הייסט, אַז אַלע סאָלדאַטן זאָלן אים באַגלייטן מיט די בליקן. און פּלוצלינג לאָזט פרידמאַן אַרויס אַ געשריי איבער דער גאַנצער ראָטע — ממש דעם באַטאַליאָניס געשריי:

— זדראַסטווי, רעביאַטאַ!!!

אַ שטורעם פון געלעכטער פאַרהילכט אַלע ווינקעלעך אין קאַזאַרמע, ווו נאָר עס זיצן זונטיקדיקע רעדלעך סאָלדאַטן.

— בראַוואָ, פרידמאַן!

— מאָלאָדיעץ!

אין די יום־טוב־טעג כאַפּט מען זיך אויך אַרײַן אין דעם סאָלדאַטישן „גראַנד־קאַפע" — אין „טשאַינאַיאַ לאַוואָטשקאַ", וווּ מ׳קען אַראָפּלאָזן אַ פּאָר קופּערנע צענערס אויף „דאַרע קישקע", „סאַלאָ", ווײַס ברויט און פּאַפּיראָסן. אין דער דאָזיקער „לאַוואָטשקאַ" איז זונטיק געפּאַקט. אַ געדיכטער רויכנעפּל פון מאַכאָרקע פּילט אָן דעם גאַנצן רוים. דאָ טרעפן זיך „זעמליאַקעס" פון פאַרשיידענע ראָטעס. מ׳רעדט, מ׳פרעגט זיך אויס ווי הייך ס׳איז אין דער אַנדערער ראָטע דער „טורניק", ווי לאַנג ס׳איז די „קאָבילע" וכדומה... מ׳ווערט געוווּר, אַז אומעטום איז איין וועלט; אומעטום האָט „פּאָניע" דעם זעלבן ריח... אין דעם דאָזיקן געוועלבל שליסט מען אויך באַקאַנטשאַפט און מען שפּירט נישט אַ ווײַלע די שווערע, דריקנדיקע לופט פון דער קאַזאַרמע...

אַ ביסל שפּעטער, אַז מ׳האָט שוין גוט געקאָנט די „תורה" פון אָפּגעבן „טשעשטש" און שטעלן זיך „מאָלאָדצאָוואַטאָ" „אין פראָנט" פאַר אַ גענעראַל, האָט מען געקאָנט זונטיק גיין מיט אַ קאָמאַנדע אין שטאָט אַרײַן. געגאַנגען איז מען צום באַזאַר אין צענטער שטאָט. דאָרט פלעגט מען אונדז אָפּלאָזן אויף אַ 2־3 שעה און איטלעכער פלעגט קאָנען גיין וווּהין זײַן האַרץ גלוסט. אָבער, מישטיינס געזאָגט, צו וועמען?... אַ פרעמדע שטאָט און דערצו נאָך אין קאַזיאָנע בגדים. מענטשן ציווילע — האָב איך באַמערקט — איגנאָרירן דאָ סאָלדאַטן, קוקן אויף זיי פון אויבן אַראָפּ און האָבן מיט זיי קיין מגע־ומשא נישט. און כאָטש אין דער דאָזיקער באַציִונג זענען אין תּוך שולדיק מײַנע קאַזאַרמע־חברים (ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי לייגט מען זיך...), נישט איך — פון דעסטוועגן האָב איך אויך געמוזט לײַדן צוליב אַלעמען, און כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט חלומען אַפילו וועגן שליסן מיט עמעצן אין שטאָט באַקאַנטשאַפט. פלעג איך זיך דרייען, בלאָנקען אין גאַס און אַרײַנכאַפּן זיך לסוף אין אַ „טשאַינע", וווּ מען פלעגט נאָר טרעפן „איזוואָזשטשיקעס", טרעגערס און סאָלדאַטן...

פאַר די דאָזיקע יום־טוב־טעג מיט דער ביסל כּלומרשטער פרײַהייט

פלעגט מען פריִער מוזן באַצאָלן מיט „שוואַרצע״ ערב־יום־טובֿס: באַלד נאָכן „אָביעד״ פלעגט מען זיך נעמען מאַכן יום־טובֿדיק אין קאַזאַרמע. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס וואַשן די פּאָדלאָגעס. פאַרשטייט זיך, אַז טאָן פלעגן עס נאָר די יונגע, שעהען נאָך שעהען פלעגט מען ליגן אויף אַלע פיר און שײַערן און רײַבן דעם שמוץ, וואָס איז אין משך פון אַ גאַנצער וואָך אײַנגעגעסן געוואָרן אין די ברעטער. רײַב און רײַב. די פּאָדלאָגעס זענען וויאַרסטן לאַנג און מען מוז אַלץ מאַכן געל, ווי שפּאָגל נײַ...

די אַלטע סאָלדאַטן פלעגן זיך אַדורכגיין און מאַכן חוזק:

— טרי! טרי![45]

— טרי! טרי!... מיר האָבן אַ מאָל אויך אַזוי געריבן...

די דאָזיקע אַרבעט פלעגט דויערן ביזן אָוונט און ערשט דעמאָלט פלעגט מען קאָנען אויסגלײַכן דעם רוקן פון לאַנגן „שוויצן״ אויף אַלע פיר... די פּראַוואָסלאַוונע פלעגן אַוועקגיין מיט אַ קאָמאַנדע אין צערקווע אַרײַן און די איבעריקע — ווער אין „טשאַינאַיאַ לאַוואָטשקאַ״, ווער אין די ווינקעלעך אין באַזונדערע רעדלעך.

אין אַזאַ אָוונט האָב איך איין מאָל געפּרוווט אַרויסנעמען פון קעסטל לערמאָנטאָוון... דער „ווזוואָדני״ האָט עס באַמערקט און איז גלײַך צוגע־קומען, זען וואָס פאַר אַ בוך איך האַלט עס. כ׳האָב אים אַ ווײַז געטאָן דעם שער־בלאַט. אָבער פאַר אים איז עס נאָך געווען ווייניק.

— איך מוז אַדורכקוקן פריִער, צי מ׳מעג אַזאַ בוך האַלטן — דער־קלערט ער מיר און נעמט עס צו פון מיר.

כ׳האָב געלאַכט אין געדאַנק: „אָרעמער לערמאָנטאָוו! דער ,ווזוואָדני׳ האָט צו דיר קיין צוטרוי נישט און גייט זיך ערשט באַקענען מיט דיר...״

— האָסטו נאָך ביכער? — פרעגט מיך שטרענג דער „ווזוואָדני״.

— נאָך איין באַנד — לערמאָנטאָווס, גאָספּאָדין אונטער־אָפיציר!

45 רײַב, רײַב!

— וויַיז אַהער, שנעל!

כ׳נעם אַרויס פון קעסטל און דערלאַנג אים.

— פאַר וואָס האָסטו מיר נישט געמאָלדן, אַז דו האָסט ביכער?

— כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז מ׳דאַרף, גאָספּאָדין אונטער־אָפיציר!

— היַינט ביַי נאַכט וועסטו שטיין דערפאַר אַלס „דניעוואַלני״!

— סלושאַיוס, גאָספּאָדין אונטער־אָפיציר!

די ביכער האָב איך שוין מער נישט אָנגעזען פאַר די אויגן. נישט איך האָב געוואָגט צו פרעגן אים וועגן זיי, צי ער האָט זיי געכשרט, נישט ער האָט מיר דערמאָנט... אָבער אַלס „דניעוואַלני״ בין איך יענעם זונטיק ביַי נאַכט יאָ געשטאַנען... כ׳בין אומגעגאַנגען מיטן „שטיק״ ביַי דער זיַיט צווישן אַ קאַזאַרמע שלאָפנדיקע סאָלדאַטן, געבלאָנקעט הין און צוריק איבער די ריזיקע, מיט סם־המוות אָנגעזאַפּטע חדרים און געטראַכט: „גרויסער לערמאָנטאָוו! האָסט דאָך אַ מאָל אויך געטראָגן אַ רוסישן אָפיצירן־מונדיר — שעמסטו זיך נישט איצטער אין קבר?״ ——

10

## „זכרונות" פון אַ פּאָגראָם־העלד

אַן אַנדער זונטיק.

נישט ווײַט פון מיר זיצט אַ רעדל — נישט קיין ייִדן — און איינער דערציילט עפּעס. כ׳בין געזעסן אויף מײַן קעסטל און געפּוצט די מעשענע קנעפּ פון מײַן שינעל. פּלוצלינג דערהער איך דאָס וואָרט: „זשידי"... ס׳פּאַראינטערעסירט מיך און כ׳הער מיר צו.

איינער אַן „אַלטער" סאָלדאַט, אַ כאָכאָל, טאָקע אַ זשיטאָמירער גופא, אַ הויכער, דראָנגעוואַטער שייגעץ, מיט אַ קורץ פּנימל, קליינע וואַסערדיקע אויגלעך, דערציילט האַלב אין רוסיש, האַלב אין אוקראַאיִניש, אין אַ באַריי־מערישן טאָן, ווי אַזוי מ׳האָט דאָ אַ מאָל געשלאָגן „זשידעס"... איך שטויס מיך אָן, אַז ער רעדט עס וועגן פּאָגראָם אין זשיטאָמיר נאָכן 1905טן יאָר...

— האָב איך גענומען — באַרימט ער זיך — אַזאַ טיטשינע, אַ לאַנגע, סענקעוואַטע, און אויפן שפּיץ האָב איך אַרײַנגעהאַקט אַ שטעכעדיקן טשוואָק... נו, נו, פּרעגט שוין גאָרנישט. כ׳האָב געהאַקט איבער די קעפּ, איבער די קעפּ... ווו נאָר כ׳האָב געטראָפן אַ זשיד — איז וואַליאַי! ראַז אי דוואַ! ראַז אי דוואַ!...

ס׳האָט מיך געהויבן אין דער לופטן און כ׳רוף מיך אָפּ פון דער ווײַטנס:

— ווען אַ קויל טרעפט ד י ך דאַן, וואָלסטו איצט אַזוי נישט גערעדט...

לאַכנדיקע פּנימער פון יענעם רעדל האָבן זיך צו מיר אויסגעדרייט.

בלויז זײַן פּנים, דעם באַרימערס, איז געווען מלא רציחה. זײַנע וואַסער־דיקע אויגלעך האָבן מיך אַדורכגעשפּיזט מיט ווילדקייט.

— אַ זשיד האָט זיך אָפּגערופן! — טוט ער אויף מיר אַ ווײַז אַ פויסט:

— דײַן גליק, וואָס דו ביסט דאָ נישט געווען, וואָלסטו פון מיר געכאַפּט איבערן קאָפּ!

— אפשר וואָלט איך גאָר דיך דערשאָסן ווי אַ הונט? — נעמט מיך אָן אַ חשק מיט אים זיך צו רייצן.

דאָס האָט אים טאַקע אין גאַנצן צעקאָכט דאָס בלוט, און אָנגעצונדן ווי אַ חיה, טוט ער זיך אַ וואָרף אין מײַן זײַט מיט געבײַלטע פויסטן:

— מאַלטשי, זשיד!![46]

— מאַלטשי, כוליגאַן!

כ'בין גרייט געווען צו אַ סקאַנדאַל. פאַרפאַלן: אויב איך מוז זײַן אונטערטעניק מײַנע אַלע עלטסטע, ווער זיי זאָלן נישט זײַן — דאַרף איך דאָך אָבער נישט מורא האָבן פאַר אַ פּשוטן סאָלדאַט אָן אײן בענדל אַפילו. יענער איז שוין טאַקע געווען נעבן מיר און האָט זיך שוין געהאַט פאַר־מאָסטן אַ קלאַפּ צו טאָן; איז אָבער אין מיטן אויסגעוואַקסן אַ זײַטיקער, אַ ליטווינער, וועלכער האָט אונדז ביידן פונאַנדערגעשפּאַרט. מיר אויף צו להכעיס איז דער כאַכאַל אַוועק צום רעדל און גענומען ווײַטער דערציילן נאָך מער פּרטים, ווי אַזוי בלוט האָט זיך געגאָסן, ווי אַזוי זיי האָבן גע־קעמפט מיט אַרבעטער און סטודענטן — (אַ פּנים, „זעלבסטשוץ", בין איך מיר משער) — און ווי אַזוי ס'איז געווען „פריילעך"...

דער ליטווינער איז נאָך דעם צו מיר צוגעגאַנגען און פאַרבונדן מיט מיר אַ שמועס. ווײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז גראָד אַ מענטש מיט אַ צאַרטער, פײַנער נשמה — אַן אמתער אינטעליגענט. אין דער היים — אין

46 שווײַג, זשיד!

קאָוונע — איז ער געווען אַ שריפטפירער אין אַ ביוראָ. דאָ אין קאַזאַרמע פילט ער זיך אויך פרעמד און דערשלאָגן אפשר נישט ווייניקער פון מיר און האָט דאָ מיט קיינעם קיין שום געמיינזאַמעס נישט. שוין אַ יאָר צײַט, ווי ער לעבט דאָ אין גלות... כ'האָב עס טאַקע אַרויסגעלייענט פון זײַנע שוואַרצע, גוטע, פײַכטלעכע אויגן... ער האָט מיר אויך פאַרטרויט, אַז לויט זײַן איבערצײַגונג איז ער אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, און אין דער היים פלעגט ער אַפילו פאָרלייענען פאַר אַ קרײַזל קאַרל מאַרקס' „קאַפּיטאַל", אָבער דאָ אין קאַזאַרמע מוז מען אַלץ דערשטיקן אין זיך און וואַרטן...

דער דאָזיקער ליטווינער — יוספּייטיס איז געווען זײַן נאָמען — איז פאַר מיר געווען אַן אמתער געווינס. פאַר וואָס האָב איך אים גלײַך ביים אָנקומען אַהער נישט באַמערקט? דער גרויער שינעל ציט אָן אויף אַלעמען איין מאַסקע און — — „אַלע יוונים האָבן איין פּנים"... דערפאַר אָבער פון איצט אָן, ווען נאָר מיר פלעגן האָבן אַ פרײַע רגע, פלעגן מיר זיצן ערגעץ צוזאַמען אין אַ ווינקל פון קאַזאַרמע און אויסגיסן די הערצער איינער פאַרן אַנדערן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען זייער באַהאַוונט אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. צום מערסטן האָט ער געהאַט אַ שוואַכקייט צו באָדלערן און שטענדיק פלעגט ער מיר ציטירן גאַנצע פערזן פון זכרון.

יוספּייטיס האָט צווישן די יונגע „נאָוואָבראַנצעס" פון מײַן יאָר דער־טאַפּט אַן אינטערעסאַנטן טיפּ, אַ באַפּטיסט, מיט וועמען ער האָט מיך אויך באַקענט. דער דאָזיקער באַפּטיסט איז געווען אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער, מיט אַ גרויסן שטערן און געדיכטע שוואַרצע ברעמען איבער גרויסע טונקעלע אויגן; אייביק אַ שמייכלענדיקער און גוטמוטיקער, בטבע אַן ערלע־כע, פרומע נשמה. שטענדיק פלעגט ער רעדן מיט ציטאַטן פון די אַפּאָסטאָלן און אַפילו מיט פּסוקים פון תהילים... וועגן די יסורים און עינויים פון קאַזאַרמע פלעגט ער זיך אָפּרופן מיט ביטול און גלײַכגילטיקייט.

— די קאַזאַרמע — האָט ער מיט זײַן שטענדיקן שמייכל געטענהט — איז אַ טײַער אָרט פון לײַטערונג... די נשמה קאָן דאָ ווערן אַזוי ריין, ווי

זי איז געקומען אויף דער זינדיקער ערד... זי קאָן דאָ, הייסט עס, נאָר גע־
ווינען און נישט פאַרלירן. ווי שטייט אין עוואַנגעליום ?...

און ער ברענגט אַ גאַנצן ציטאַט וועגן דער באַדייַטונג פון יסורים אויף דער ערד... אַזוי בייַ יעדער געלעגנהייט האָט ער געשאָטן מיט ציטאַטן און פּסוקים...

אין ראָטע אָבער האָט מען פון אונדז אַלע דרייַ נישט געהאַלטן: נישט פון מיר, נישט פון יוספייטיסן און נישט פון דעם באַפּטיסט...

11

## די „דינסטמיידן" פון ראַטע

ס'האָט זיך מיר געמאַכט אַ מאָל אַ וואָך, ווען מען האָט מיך פאַרוואָרפן מיט „נאַריאַדן" — אַלע טאָג אַ „כּיבוד": איין טאָג — „דניעוואַלני" ביי נאַכט; דריי טעג, איינע נאָך די אַנדערע — „אָטשערעדנאָי", איין טאָג אונטערן ביקס צו שטיין, און די איבעריקע פּאָר טעג — סתּם אויף פּלעררליי „שוואַרצע" אַרבעטן... כ'בין געוואָרן, לויט די רייד פון מיין נייעם חבר, דעם באַפּטיסט — אין גאַנצן אַ „געלייטערטער"...

מיינע עלטסטע אין ראָטע האָבן מיר כּסדר געשטעלט אַלס פאַרקערטן ביישפּיל טאַקע מיין „זעמליאַק", דעם יידל פּאַיאַס.

— כאָטש אַ זשידיאַנאָק — האָבן זיי געזאָגט וועגן אים — פון דעסט־וועגן אַ מאָלאָדיעץ! ווי ער טאַנצט איבער דער „קאָבילע" — אַ מחיה צו קוקן! ווי ער דרייט זיך איבערן „טורניק"! ווי רייך ער שטעלט זיך אויף די פּאַראַלעל־„ברוסיעס"! פּראַווילני סאָלדאַט!... אָבער דו... ני טשערטאַ! אַ פאַרפאַלענער מענטש!

אַזוי האָבן זיי געטענהט, מיינע „נאַטשאַלסטוואָ", און מיר כּסדר צוגע־וואָרפן „נאַריאַדן". די הענט זענען ביי מיר געוואָרן ווי ביי אַן אמתער קעכין... די הויט צעשפּאָלטן, רויט, מיט איינגעגעסענעם שמוץ אין די הויט־קעמערלעך. טאָג־טעגלעך, צווישן און נאָך די איבונגען — האַק האָלץ, שלעפּ וואַסער, רייניק, שייער, רייב!...

אין אָוונט בין איך באַשטימט געוואָרן אין קיך צו שאָבן פּישלעך און

שיילן קאַרטאָפל... געקומען אין קיך, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן נאָך א סאָלדאַט פון אַן אַנדער ראָטע — אַ ייִדל אין ברילן, וועלכער איז אַזש פון ריגע געקומען אַהער שאָבן פּישלעך און שיילן קאַרטאָפל...

כ'טו אַ קוק — עס וואַרט אַ גאַנצער קויש דראָבנע פּישלעך און אַ זאַק קאַרטאָפל...

— דאָס אַלץ? — פרעג איך דעם „קאַשעוואַר" [47], וועלכער פאַרעט זיך ביים ריזיקן קעסל.

— דאָס אַלץ — ענטפערט יענער. — נישקשה, פאַרן גאַנצן באַטאַליאָן איז עס קוים אויף צו באַלעקן זיך...

עס ווערט מיר זויער און ביטער...

כ'קוק אָן מיין שותף אין די ברילן — יענער האָט אויך אַזאַ זויערע מינע ווי איך...

— נו?... — ווינק איך צו אים.

— נו?... — ווינקט יענער צו מיר.

— מיר הייבן אָן?... — זאָג איך.

— ניקס צו מאַכן, מיין ליבער! — ענטפערט מיר יענער אין דייטש, ווי אַן עכטער ריגער.

פריער האָבן מיר זיך גענומען צום קויש פּישלעך. עפּעס אַזעלכע דראָבנע, קליינטשקע... מיין שותף האָט זיי געפּרוווט נעמען צו דער נאָז...

— כ'קאָן שווערן, אַז זיי זענען שוין זייער לאַנג פון דער הײם...

איך טו אויך אַ שמעק.

— אָ, זיי האָבן שוין אפשר אַ וואָך צייט נישט געמאַכט קיין „שהכל" איבער וואַסער...

די נאַכט רוקט זיך און מיר שאָבן...

מיר שאָבן און שאָבן... מיר זענען שוין אין גאַנצן באַשפּריצט מיט די

---

47 קאַשע־קאָכער.

קלעפּיקע שופן — פון קאָפּ ביז די פיס. מײַן שותּפס פּנים זעט אויס ווי באַשאָטן מיט אַזאַ מין צרעת... און מײַנס אויך אַזוי, מסתּמא...

— זאָגט נאָר — פרעג איך — אין ריגע האָט איר אויך געשאָבן פיש ?...

— פאַרפלוכטער „פאַניע״ ! — רופט ער אויס אין גרויס גרימצאָרן — דאָננערוועטער ! !

נאָך האַלבער נאַכט זענען מיר קוים פאַרטיק געוואָרן מיטן קויש פישלעך און זיך גענומען צום זאַק קאַרטאָפל. דער באַטאַליאָן סאָלדאַטן, פאַר וועמען מיר האָבן איצט געגרייט דעם „אָביעד״, איז שוין לאַנג געלעגן אויף די נאַרעס, און מיר האָבן פאַר אַ טונקעלער שײַן פון אַ נאַפטלעמפּל געשיילט און געשיילט... אמת, בײַ די קאַרטאָפל האָבן מיר אויך „אָפּגענאַרט פאַניען״ (פּונקט ווי עס באַרימען זיך די אַלטע סאָלדאַטן) : מיר האָבן נישט געשיילט, נאָר געהאַקט ווי אין קרויט אַרײַן... מער ווי אַ העלפט איז געגאַנגען מיט די שאָלעכץ... זאָלן די בהמות אויך הנאה האָבן פון זייער לעבן...

שפּעט אין דער נאַכט איז שוין אויף מײַן שותּף אָנגעפאַלן אַ שלאָף און ער האָט גענומען וויגן מיטן קאָפּ... דאָס מעסער מיטן קאַרטאָפל זענען אים פון די הענט אַרויסגעפאַלן...

— העי, טאָוואַרישטש, אַ גוטע נאַכט ! — שרײַ איך אים אַרײַן.

יענער טוט אַ ריס אויף די אויגן און קוקט מיך אָן תּמעוואַטע.

— וואָס האָט זיך אײַך געחלומט ?... — פרעג איך אים אין שפּאַס — איר האָט אַוודאי געזען ריגע... דאָ איז די קיך פון דריטן באַטאַליאָן, פון 17טן אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי פּיעכאָטע־פּאָלק...

— אַי, געדענק איך ! — קרעכצט יענער — הלוואי וואָלט איך עס גאָרנישט דערקענט... דאָננערוועטער !...

ער האָט זיך אויסגעווישט די ברילן און זיך ווידער גענומען צום שיילן.

— ווי איז עס? — פרעג איך — דורך אײַערע ברילן זענען די קאַרטאָפל קלענער אָדער גרעסער?...

— דאָננערוועטער! — רופט אויס מײַן ריגער „דײַטש” — איך האָב געמיינט, אַז אַ דאַנק זיי, אָט די דאָזיקע ברילן, וועל איך באַפרײַט ווערן, צום סוף...

— צום סוף — פאַרענדיק איך — שיילט איר דורך זיי קאַרטאָפל...

מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט אפשר זייגער דרײַ בײַ נאַכט. איך האָב קוים באַוויזן אײַנצושלאָפן אויף מײַן האַרטן געלעגער און שוין — מען וועקט:

— וסטאַ־אַ־ט!!...

די זעלבע וואָך האָט מען מיר צוזאַמען מיט מײַן „זעמליאַק” פּאַיאַס און דעם באַפּטיסט „אַרײַנגעהאַקט” גאָר אַ בכּבודיקע מיסיע: „גאָלד־ראַמען”... דער ענין האָט אונדז זייער שטאַרק נישט געשמעקט, אָבער אַ ברירה האָבן מיר? — „סלוזשבאַ”! — רופט אויס דער געדולדיקער באַפּטיסט.

מיר האָבן זיך באַוואָפנט מיט כּלי־זיין — רידלען און בעזעמער — און אַוועק דאָרט אַהין, אין עק פון קאַזאַרמע־הויף, צו אַ בײַדל אַזאַ אָן פענצטער, ווו אַ גאַנצער באַטאַליאָן קומט טאָג־טעגלעך מיט „וויזיטן”...

— נו — זאָג איך צום באַפּטיסט — איצט וועלן אונדזערע נשמות שוין איין מאָל געלײַטערט ווערן...

ער האָט געשמייכלט מיט זײַן שטענדיק גוטמוטיקן שמייכל און גע־שוויגן. געשוויגן און פלײַסיק „דערפילט זײַנע פליכטן פאַרן פאָטערלאַנד”...

— פאַר וואָס — רעד איך צו אים ווײַטער און וויל אים ברענגען צום געפיל פון פּראָטעסט — פאַר וואָס האָט מען גראָד אויסגעקליבן יידן און אַ באַפּטיסט?...

— זיי זענען בלינדע ווי די ווערעם! — רופט ער זיך אָן — זיי זענען פאַרבלענדט און זען נאָר זיך אַליין... ווי שטייט אין עוואַנגעליום?...

און ווידער אַ ציטאַט — ווי אַן אמתער פריידיקער...

— איך מיין — זאָג איך אין שפּאַס — אַז דאָ איז נישט דער פּלאַץ צו פריידיקן... טפוי! טפוי! — שפּײַ איך פון עקל... — גוואַלד, איך כאַפּ שוין אַ קאַטער!...

— איר זענט גערעכט, מײַן פרײַנד! — כאַפּט זיך יענער. — ניטשעוואָ, מיר וועלן דאָס אויך איבערקומען — טרייסט ער מיך.

— כ'זינדיק גאָרנישט מיט די רייד... אַדרבה... קאַפּוסטע גיט מען, קאַשע גיט מען, „פּאָרציעס" אויף שטעקעלעך גיט מען, אַן אומזיסטע „קאָבילע" צום שפּרינגען גיט מען — דאַרף מען לויבן דעם באַלעבאָס פאַר זײַן גרויסן חסד...

מיר האָבן אַלע געלאַכט. ס'איז אָבער געווען אַ געלעכטער מיט נאָדלען...

— בררררר!

פּאַיאַס ווידער האָט נישט אויפגעהערט צו וואָרטשען און זידלען „פּאָניען" אויפן עכט סאָלדאַטישן שטייגער:

— פאָניע גנב, ימח־שמו! טפוי זאָל ער ווערן!...

— אפשר, פרעג איך אים — וועסטו עס שרײַבן אַהיים?... שרײַב, למשל, אַז דו האָסט געקריגן אַ גאָלדענעם „מאַנדאַל" פאַר... פאַר — נו, פאַר אַ „גאָלדן" שטיקל אַרבעט...

— פאַרברענט זאָל ער ווערן, פאָניע גנב! — האָט זיך פּאַיאַס געביי־זערט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט — פע! פע! ס'אַראַ ריחות! אַ רוח אין זײַן טאַטנס, טאַטנס, טאַטן אַרײַן!...

מיר האָבן אַלע כסדר גערייכערט און געשפּיגן, גערייכערט און גע־שפּיגן...

12
# אין קאַרנאַוואַל

ס׳איז אָנגעקומען „ראָזשדעסטוואָ״.

מיר, יונגע, האָבן זיך ביטער אויסגעפּייַניקט בייַ דער „גענעראַל־אָטשיסטקאָ״ און באַקומען דערפאַר דעם שׂכר פון צוויי טעג פרייַהייט. אָט די יום־טוב־טעג זענען פאַר אונדז געווען ווי אַ קרעטשמע פאַר אַ נע־ונדניק, וואָס מאַכט דורך אַ לאַנגן, לאַנגן וועג...

די קאַזאַרמע איז דעקאָרירט מיט אַ סך צווייַגלעך, לענטעס און ביליקע קינסטלעכע בלומען. דאָרט, וווּ די „איקאָנע״ איז, שטייט אַ „יאָלקע״ אין בונטע קאָלירן. דער פּראַוואָסלאַווער עולם איז געגאַנגען מיט פּאַראַד אין צערקווע.

די ביידע טעג זענען באמת פרייַע. ווער ס׳האָט זיך געוויַילט, ווער ס׳האָט פאַרבראַכט אין „טשאַינאַיאַ לאַוואָטשקאַ״ און ווער ס׳האָט צונויפ־גענומען זייַנע געדאַנקען — אויב ער האָט נאָך געהאַט וועלכע שיריים דערפון... „געהאַט!...״ ווייַל אין דער דאָזיקער פּייַניקונגס־מאַשין פון קאַזאַרמע האָט אַלץ געקאָנט דערשטיקט ווערן אַכזריותדיק... דאָ טאָר מען בכלל נישט קלערן. טאָמער האָב איך איין מאָל געזאָגט מייַן לערער פון טולאַ אַ פראַזע: „יאַ דומאַל״ [48], האָט ער מיר תּיכּף איבערגעשלאָגן:

48 כ׳האָב געקלערט.

— קאַקאָוואַ טשאַרטאַ „דומאַל״! דומאַיוט אינדיסקיע פּיעטוכי, דאַ וואָראַן נאַ סוויניע... [49]

אין די דאָזיקע טעג האָב איך פיל פאַרבראַכט, גאַנצע שעהען, מיט יוספּייטיסן און מיטן באַפּטיסט. מיר האָבן גערעדט און גערעדט און זיך אויסגערעדט פאַר דער גאַנצער צײַט, ווי אמתע פרײַנד.

צום „קאַרנאַוואַל״ האָט מען אײַנגעאָרדנט אַן אמתע שׂימחה אין ראַטע. עס זענען אַפילו געווען אַנוועזנדיק דער „ראַטני״ אוןביידע פּאָרוטשיקעס — די „פּאָלוראָטניע״. דער „ראַטני״ האָט באַזאָרגט פון זײַן ווױנונג אַ גראַמאָפאָן, וועלכער האָט אַ גאַנצן אָוונט נישט אויפגעהערט צו קרייען... מאַרשן, דאָרפישע טענץ און האָפּקעס. דער עולם סאָלדאַטן אין „פּאָרלעך״ האָט געטאַנצט און געשפּרונגען, שיִער וואָס די פּאָדלאָגע איז נישט צעזעצט געוואָרן. אַחוץ דעם גראַמאָפאָן האָט זיך נאָך דעם אויך באַוויזן אַ האַרמאָ־ניק, וועלכער האָט זיך צעגאָסן מיט דער גאַנצער דאָרפישקייט. עס זענען געווען אַ ביסל בגילופינדיקע אויך — לכּבוד דעם „קאַרנאַוואַל״ — און די שׂימחה איז געווען פאַרפול. דער „לץ״ פון ראַטע — פרידמאַן — איז אין מיטן דערשינען אַלס איבערגעטוענער שיכּורער פויער מיט אַ פלעשל אין האַנט. אַ צווייטער סאָלדאַט האָט זיך איבערגעטאָן אין אַ קלייד מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ: דעם שיכּורס ווײַב... פרידמאַן האָט אַוועקגעלייגט אַ גאַנצן מאָנאָלאָג, פון וואָס דער עולם האָט געקייַכט פון געלעכטער. אַפילו די אָפיצירן האָבן אויך באַוויליקט צו שמייכלען...

נאָך דער דאָזיקער „אַטראַקציע״ הער איך אַזאַ שמועס צווישן די אָפיצירן:

דער „ראַטני״ (צו די ביידע פּאָרוטשיקעס): — נו, גאָספּאָדאַ אָפיצערי! נאַם פּאָראַ! [50]

---

49 צו וועלכן רוח „קלערסטו״. עס טראַכטן נאָר אינדישע הענער און אַ קראָ אויף אַ חזיר.

50 פאַר אונדז איז שוין צײַט!

איין פּאַרוטשיק: ווען הייבט זיך אָן אונדזער באַל אין „אָפּיצערסקאָיע סאָבראַניע״?

דער צווייטער פּאַרוטשיק: פּונקט צען אַ זייגער.

דער „ראַטני״: מ׳דאַרף זיך שוין גיין איבערטאָן.

דער ערשטער פּאַרוטשיק: ס׳וועלן זײַן הײַנט אַ סך דאַמען.

דער צווייטער פּאַרוטשיק: טאַטיאַנאַ דעמידאָוונאַ וועט אויך זײַן.

דער ערשטער פּאַרוטשיק: אַננאַ פּיאָדאָראָוונאַ האָט מיר אויך צוגעזאָגט, אַז זי וועט זײַן.

דער צווייטער: טשטאָ ווי גאַוואָריטיע? עטאָ נאַסטאָיאַשטשאַיאַ קראַסאַטקאַ![51]

דער ערשטער: אירע אויגן! איר מײַלעכל!

דער צווייטער: אירע פּיסלעך!

דער ערשטער: קאַקאַיאַ פּרעלעסט![52]

דער צווייטער: טשודעסנאַיאַ![53]

דער „ראַטני״: בע־כע, ס׳אַראַ דאָן־זשואַנען איר זײַט!

דער ערשטער: די יוגנט! די יוגנט רייצט!...

דער צווייטער: ווי קאָן מען עס רעדן גלײַכגילטיק וועגן אַזאַ מלאכל ווי אַננאַ פּיאָדאָראָוונאַ!

דער „ראַטני״: פּראַווילנאָ, פּראַווילנאָ! יאַ וופּאָלניע סאָגלאַסען...[54]

דער ערשטער: נו, און טאַטיאַנאַ דעמידאָוונאַ?... אַך!...

דער „ראַטני״: גאָספּאָדאַ אָפּיצערי! פּאָראַ!...

די אָפּיצירן האָבן „ליקווידירט״ דעם גראַמאָפאָן און זענען אַוועק קלינגענדיק פריילעך מיט די שפּאָרן. כ׳האָב מיט די בליקן באַגלייט זייערע

51 וואָס רעדט איר? ס׳איז דאָך אַן אמתע שיינהייט!
52 ס׳אַראַ פּראַכט!
53 אַ ווונדערלעכע!
54 כ׳בין פולשטענדיק מסכּים.

בראַווע עלעגאַנטע פיגורן און אין מיר האָט זיך צעצונדן אַ גוואַלדיקע בענקשאַפט: זיי גייען עס אויף אַ באַל... מוזיק... שאַמפּאַניער... פרויען... טענץ... אַ צאַרטער האַנטדרוק... אַ שמייכל... אַ ברענענדיקער בליק... אַ שטומער רמז אויף גליק... — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

כ'בין אַרויס אויפן קאַזאַרמע־הויף. אַ שטייפע, פּראַסטיקע נאַכט. פון טונקעלן הימל ווינקען ווי נישט ווו גרויסע שטערן מיט בלויען כּישוף, גלייַך ווי ברילִיאַנטענע רינגען אויף קליינע צאַרטע שניי־ווייַסע פרויען־פינגער — —

הימל! ווען ענדיקט זיך מייַן גיהנום?...

13

## די „דרײַ זײַלן"

מײַנע קאַזאַרמע־לערערס האָבן מיט שטיינערנער גלײַכגילטיקייט פאַר־לאַנגט פון מיר: „אָדער פאַל, קום אום, אָדער זײַ אַ סאָלדאַט!..." און אַלץ האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן די דרײַ פאַרשאָלטענע זאַכן: „קאָבילע", פּאַראַלעל־„ברוסיעס" און טויטן־שפּרונג פון „טורניק"...

פאַרשטייט זיך, אַז אין ראָטע האָבן זיך געפונען נאָך אַזעלכע דרײַ־פיר „שלימזלס", ווי איך — אַ פּאָר ייִדן און אויך דער באַפּטיסט — וועלכע זענען געווען אין די איבעריקע „ווזוואָדן", און אויך זיי האָט מען אָנגעטאָן געברענטע צרות ווי מיר...

איין מאָל איז בײַ דער „קאָבילע" געשטאַנען דער „ראָטני" אַליין. כ'האָב זיך דערמאָנט אָן דער ערשטער מענטשלעכער באַגעגעניש מיט אים אין קאַזאַרמע און האָב געמיינט, אַז ער וועט אַנדערש פאַרשטיין דעם ענין... לסוף — ער קען מיך גאָרנישט!... זעענדיק, אַז כ'בין נישט אַזאַ קונצן־מאַכער בײַ דער „קאָבילע", האָט ער גענומען שיטן מיט „קאָמפּלימענטן" אויפן עכט פּאָנישן שטייגער, מיטן זעלבן סטיל כּמעט וואָס מײַנע לערערס, און מיר באַפוילן צוזאַמען מיט די איבעריקע „שלימזלס" צו לויפן נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל... דערבײַ האָט ער געמאַכט אַזאַ מין „וויץ": פאַר מײַן לויפן האָט ער אַרויסגעצויגן די שווערד און זי אַוועק־געלייגט מיטן שאַרף אַרויף אויפן רוקן פון דער „קאָבילע"... ס'הייסט, אַז אויב איך וועל נישט איבערשפּרינגען און זיך בלויז אַ זעץ טאָן רײַטנדיק, וועל איך האָבן דעם אמתן פּסק... פאַרשטייט זיך, אַז בײַם סאַמע שפּרונג

האָט ער די שווערד פּלינק צוריקגעכאַפּט. אָפּגעשראָקן האָט עס יאָ אַ ביסל: טאָמער פאַרשפּעטיקט ער אויף אַ סעקונדע...

אַז דער „ראָטני" האָט געזען, ווי ס׳קאַפּעט אונדז דער שווייס פון שטערן און מיר פאַלן פשוט פון די פיס, און אַז וואָס ווײַטער איז נישט בעסער נאָר ערגער, ווײַל פון פאַרמאַטערטקייט קאָנען מיר שוין אַפילו ביזן רוקן פון דער „קאָבילע" אויך נישט דערגרייכן, בלויז קוים ביזן הינטן — דעמאָלט האָט ער רוגזהדיק אַ געשריי געטאָן:

— מאַרש! טשערטי פּאָלאָסאַטיִע!...

מײַן „רענאָמע" אין ראָטע איז שוין געווען אַ פאַרשפּילטע... ס׳האָט נישט געהאָלפן, וואָס אין „סלאָוועסנאָסט" בין איך געווען דער ערשטער, וואָס אַפילו בײַם שיסן האָב איך זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאַנצן בריה — כ׳פלעג טרעפן אין „מישען"[55] זייער אַ גרויסן פּראָצענט קוילן — נישט דאָס איז, אַ פּנים, געווען דער עיקר. ס׳האָט נישט געהאַט קיין „עפעקט". דער עיקר זענען טאַקע, מסתמא, געווען די „דרײַ זײַלן": „קאָבילע", פּאַראַ־לעל־„ברוסיעס" און טויטן־שפּרונג...

אַחוץ די „נאַריאַדן" פלעג איך נאָך אויך קריגן סתם כּלערליי משונה־דיקע שטראָפן בעת די איבונגען גופא: גיין, אַ שטייגער, איבער דער קאַזאַר־מע „גוסינים שאַגאָם"... אַ מאָל פלעגט מען אַזוי אַוועקלאָזן איבער דער לאַנגער פּאָדלאָגע אַ גאַנצע קאָמאַנדע פון די יונגע... מ׳פלעגט אַזוי „מאַר־שירן" מיט די הענט אויסגעצויגן פאָרויס, אין דער אומבאַקוועמער גענדזן־פּאָזע, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ שטורמישן געלעכטער...

בעת אין קאַזאַרמע איז געווען צו ענג פלעגט מען באַשטראָפן מיט „נאַ מיעסטיע ביעגאָם מאַרש!" דאָס איז געווען אַ שפּרינגערײַ אויף איין אָרט, פון איין פוס אויפן צווייטן. פלעגסט שפּרינגען, שפּרינגען משוגענער־ווײַז, און דער „גאָספּאָדין אונטשיטיעל" פלעגט גאָר פאַרגעסן צו הייסן אויפהערן...

---

55 צילבערעט.

און נאָך, און נאָך אַזעלכע מיני־שטראָפן.

הייבן אַ האַנט אויף אַ סאָלדאַט האָבן די עלצטע נישט געטאָרט; אָבער אַ שטורך, אַ שטויס, אַ צי פאַרן קאָלנער, אַ טרייסל טאָן דאָס פעקל ביינער, עס זאָל פינצטער ווערן פאַר די אויגן, אַ קוועטש טאָן פאַר דער נאָז (טייל מאָל ביז בלוט...) — די אַלע „נאַרישקייטן" האָט מען געלייזט זייער אָפט.

טאָמער וואָלטסטו געוואָלט פּרוּוון זיך קלאָגן, איז די פּראָצעדור געווען אַן אוממעגלעכע: מ׳מוז די אָנקלאָגע צו ערשט מעלדן דעם ערשטן נאַטשאַל־ניק — דעם לערער, דער לערער גיט עס איבער דעם „אָטדיעלאָני", דער „אָטדיעלאָני" — דעם „ווזוואָדני", דער „ווזוואָדני" — דעם פעלדפעבל, דער פעלדפעבל — דעם „ראָטני", דער „ראָטני" גיט ערשט איבער די אָנקלאָגע אויפן אמתן אַדרעס — דעם קאָמאַנדיר פון פּאָלק... פון אַזאַ וועג קאָן די אָנקלאָגע אַרויסקומען אַ פּונקט פאַרקערטע: פון לערער אויפן סאָלדאַט... איז שוין גלייכער, אַז מען פאַרבייסט די ליפּן און מ׳נעמט אַלץ אָן פאַר ליב...

איין מאָל, מיטאָגצייט, איז צו מיר צוגעקומען דער פעלדפעבל און מיך געפרעגט כּלומרשט אין „גוטן מוט":

— נו, וואָס וועט זיין?

— וואָס זאָל זיין, גאָספּאָדין פּאָדפּראָפּאָרשטשיק?

— ווען וועסטו שוין שפּרינגען איבער דער „קאָבילע" „פּאָ אוסטאַווו"?

— כ׳בין נישט שולדיק, גאָספּאָדין פּאָדפּראָפּאָרשטשיק!

— טשעם זאַנימאַלסיאַ?

— אין אַ רעדאַקציע, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק!

— האָסט פאַרקויפט צייטונגען?...

— ניקאָק ניעט, אַ זשורנאַליסט, גאָספּאָדין פּאָדפּראָפּאָרשטשיק!

— דערפאַר טאָקע ביסטו אַזאַ „מאַכראַ"...[56] דערפאַר טויגסטו נישט...

---

56 שלימזל.

כ׳האָב געשטומט ווי די וואַנט, ביטער געשטומט אונטער די איראָנישע בליקן פונעם פעלדפעבל...

— און דו, פּאַיאַס? — ווענדט ער זיך צו מײַן „זעמליאַק”, וועלכער איז געשטאַנען דערנעבן אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע.

— טשעוואָ איזוואָליטע[57], גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק?

— טשעם טי זאַנימאַלסיאַ?

— איזוואָזטשיקאָם, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק!

— וואָט ווידיש![58] — רופט זיך אָן דער פעלדפעבל צו מיר — ער שפּרינגט טאַקע איבער דער „קאָבילע” „פּאָ אוסטאַוו”. ער איז טאַקע אַ סאָלדאַט... זדראַוו, פּאַיאַס!

— זדראַוויאַ זשעלאַיו, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק!

— מאָלאָדיעץ, פּאַיאַס!...

— ראַד סטאַראַטסיאַ, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק! — האָט פּאַיאַס זיך צעשריִען ווי אַן אָקס פּאַר דער שחיטה...

אין מיטן איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ גרוזין, אַ יונגער סאָלדאַט, וועלכער האָט גערעדט זייער שלעכט רוסיש.

— זדראַוו, קוראַשווילי! — פּאַרטשעפּעט אים דער פּאָדפּראַפּאָר־שטשיק, נאָך אַלץ אַ פּנים אין זײַן „גוטן הומאָר”.

דער גרוזין איז געבליבן שטיין ווי אַ געפּלעפּטער.

— זדראַוו זלאַי, פּ... פּ... פּאַדין פּידפּררררר!... האָט ער אַ קריי געטאָן ווי אַ נישט־דערקוילעטער האָן און בײַם לעצטן וואָרט איז ער שיִער נישט דערוואָרגן געוואָרן...

דער פעלדפעבל צעלאַכט זיך און פרעגט אים ווײַטער:

— ווּ׳ קאָקאָם פּאָלקו סלוזשיש?[59]

57 וואָס פאַרלאַנגט איר?
58 אָט זעסטו שוין!
59 אין וועלכן פּאָלק דינסטו?

דער גרוזין איז דאָ גאָר מטושטש געוואָרן און גענומען שטאַמלען:

— סימנאַצטי... גאָראָדסקי... פּילק... פּילק...

— באַלוואַן! — האָט אים דער פעלדפעבל איבערגעריסן — פּאַיאַס, וו׳ קאַקאָם פּאָלקו סלוזשיש?

פּאַיאַס האָט זיך ווידער געגעבן אַ גלייַך אויס ווי אַ סטרונע, צוקלאַפּנ־דיק האַרט אַ שטיוול צו אַ שטיוול:

— וו׳סעמנאַצטי אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי...

— באַלוואַן! — האָט דער פעלדפעבל אים אויך איבערגעריסן.

און אַ ווינק טוענדיק צו מיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן דאָס זעלבע:

— וו׳קאַקאָם פּאָלקו סלוזשיש?

דאָ בין איך שוין געווען דער „העלד", און פאַמעלעך, מיט זיכערקייט האָב איך גענומען ציִען וואָרט נאָך וואָרט:

— וו׳ סיעמנאַדצאַטאָם פּיעכאָטנאָם אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקאָם וועליקאַוואָ קנאַזיאַ וולאַדימיראַ אַלעקסאַנדראָוויטשאַ פּאָלקו, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָר־שטשיק!

— מאָלאָדיעץ!

— ראַד סטאַראַטסיאַ, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק!

— וויאַלאַ אָטוויעטיל![60] — איז ער נישט געווען צופרידן מיט מייַן צו שוואַכער שטים — אָטסטאַוויט![61]

— ראַד סטאַראַטסיאַ, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאַרשטשיק! — האָב איך שוין געשריִען מיט אַלע כּוחות און אים צופרידנגעשטעלט.

דער פעלדפעבל איז אַוועק אַן אויפגעהייַטערטער, שטאַרק צופרידן, קענטיק, מיט זייַן ראַנג און זייַן דינסט פאַרן פאָטערלאַנד...

— וואָס ער האָט איצט אין קעפּל, זאָל איך עס האָבן אין פּלעשל... — באַמערקט מיר פּאַיאַס — אין זייַן טאַטנס טאַטן אַרייַן, פּאַניע גנב!...

---

60 פויל, אַפּאַטיש געענטפערט!

61 לאָז אָפּ, ס׳הייסט: נאָך אַ מאָל!

14

## אין אַ סדר־נאַכט

און אַזוי ווי צו אַלץ קומט אַ סוף, איז אויך צו אונדזער „גאָוואָבראַנ־סטוואָ״־צײַט געקומען אַן ענד. ס׳איז שוין געווען נאָך דער „שבועה״ פון „טרײַהייט דעם צאַר און פאָטערלאַנד״. מ׳האָט אונדז שוין גענומען רעכע־נען פאַר אַלטע, „אויסגעמענטשלטע״... מ׳האָט אונדז שוין אַפילו געשיקט אין קאַראַוול. — דערצויגענע מענטשן!...

די גרענעץ איז געווען פסח־צײַט. דערפאַר טאַקע האָט מען אונדז, ייִדן, אין די יום־טוב־טעג אָפּגעלאָזט פון סאַמע אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט, און יעדער איינער האָט געקאָנט גיין פראַנק און פרײַ, ווו ער האָט געוואָלט.

ערב־פּסח. איך בלאָנקע אום גאַס־אײַן, גאַס־אויס איבער דער שטאָט, באַקוק אַלץ און אַלעמען. אַפילו אויפן בית־עולם בין איך אויך פאַרקראָכן און באַטראַכט אַלטע כאַראַקטעריסטישע מצבות... אָבער אין ערגעץ אַ פּריוואַט היימיש הויז האָב איך קיין אײַנטריט נישט געהאַט. דער שינעל! דער גרויער שינעל!... מיט וואָסער קינאה האָב איך נאָכגעקוקט איטלעך ציוויל געקליידטן אויף די טראָטואַרן. אַלע ווײַלע פלעג איך דערפילן, אַז כ׳געהער נישט צו זיך: ס׳פלעגן מיר אַנטקעגנקומען אָפיצירן און כ׳פלעג איטלעכן מוזן מאַכן אַ שטײַפע, בראַווע באַוועגונג און אָפּגעבן „טשעשטש״.

פאַר נאַכט איז מיר אײַנגעפאַלן אַרײַנצוגיין אין דער ביבליאָטעק אויף פושקינסקאַיאַ. אין ביבליאָטעק איז געווען יונגוואַרג. אַלע קאַטאַלאָגן זענען פאַרנומען געווען. כ׳בין צוגעגאַנגען צו איינער אַ פרײַלין און באַשטעלט

דעם קאַטאַלאָג. יענע האָט מיר אים תּיכּף דערלאַנגט און אין מײַן זײַט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן בעת־מעשׂה, ווי איינער זאָגט: „נאַ, זײַ מיר נישט קיין מחותּן און וואַרט נישט אויף מיר...‟ האָב איך טאַקע באמת פאַר־לוירן דעם צורת־מענטש?... כ׳האָב געקוקט, געקוקט אין קאַטאַלאָג און די ווערטער האָבן געטאַנצט פאַר מײַנע אויגן ווי קלייניניקע פליגעלעך... זאָל איך בײַ אַזאַ פרעמדקייט נעמען דאָ אַ בוך און זעצן זיך לייענען? כ׳האָב זיך דאָ דערשפּירט איבעריק און נישט אויף אַן אָרט. דער שינעל טיילט אָפּ פון דער וועלט ווי אַ כינעזישע וואַנט...

בין איך אַרויס פון ביבליאָטעק אַ דערשלאָגענער און ווידער גענומען בלאָנדזשען איבער די גאַסן אין הינטישער עלנטקייט...

טרעף איך מײַנע קאַזאַרמע־„זעמליאַקעס‟. זיי דערציילן מיר, אַז דעם „סדר‟ וועט מען פּראַווען אין עפּעס אַ קהלשער קיך: אַ מתּנה פון די היגע ייִדן פאַר די ייִדישע סאָלדאַטן פון גאַרניזאָן.

מ׳האָט מיך אָוועקגעשלעפּט אין שול אַרײַן. געהערט דאָרט אַ יום־טובדיקן „מעריב‟, צווישן אַן עולם פרעמדע דאַווענדיקע ייִדן, און פון דאָרט זענען מיר אַלע אַוועק צום „סדר‟.

די קהלשע קיך האָט אויסגעזען ווי אַ „באַראַק‟. לאַנגע טישן מיט פּראָסטע לײַלעכער באַדעקט — אַ פּנים, פון עטלעכע באַלעבאָסטעס אויס־געבאָרגט... אין בלעכענע פושקעס מיט זאַמד האָבן געשטעקט ברענענדיקע ליכט, וואָס קיין מאַמע האָט נישט געבענטשט... און דערפאַר טאַקע האָבן זייערע פלעמעלעך נישט פאַרמאָגט קיין יום־טובדיקע נשמה־יתירה, און זיי האָבן זיך טונקל־וואָכעדיק געוויגט איבער די לאַנגע אומגעלומפּערטע קהלשע טישן...

דער עולם — אַ פאַר הונדערט פאַרשוין — האָט זיך אויסגעזעצט צום „סדר‟. ס׳איז געוואָרן אַ גערייד, אַ הודזשערײַ, כּמעט נישט בעסער ווי דאָרט, אין דער „סטאָלאָווע‟ פון באַטאַליאָן... בלויז געציילטע האָבן געזאָגט די „הגדה‟. דאָס רובֿ האָט געוואַרט אויף די „קניידלעך‟ — אויף אַ ביסל ייִדיש, היימיש עסן...

די סאַרוועדס — אַ ייִדל אין אַ יאַרמלקע און צוויי ווײַבער־„פּאַטראָ־נעסעס" אין ווײַסע פאַרטעכער — האָבן גענומען דערלאַנגען צו די טישן. ס'האָבן פאַרשמעקט די יום־טובדיקע ריחות און די שפּאַנונג בײַם עולם איז נאָך גרעסער געוואָרן. אין דער לופט האָט זיך צעטראָגן אַ דזשאַמ־דזשערײַ פון אַ מאַסע מײַלער, אַ קלינגערײַ פון לעפל און טעלערס — אַז אַ פּאַרע האָט אַזש געזעצט... דער עולם — ווי אין די „זיבן יאָר הונגער" — האָט אַלץ „פאַרברענט"... אַפילו פונעם „מרוֹר" איז קיין געדעכעניש נישט געבליבן...

נאָכן „סדר" רופט זיך אָן צו מיר איינער, אַן „אַלטער", פון מײַן ראָטע:

— קום!

— וווהין?

— אין אַ באַקאַנטע שטוב.

— צו וועמען?

— פאַרשטייט זיך, אַז נישט צו קיין בחורים, נאָר צו מיידלעך...

— וואָס פאַר אַ מיידלעך?

— מיידלעך אין קליידלעך... — לאַכט יענער, און אַ ציי טוענדיק מיך פאַרן שינעל, זאָגט ער נאָך אַ מאָל:

— קום, זײַ נישט קיין יאָלד. אײַלסט זיך דען אין קאַזאַרמע נאָך דער געשמאַקער לופט?...

בין איך געגאַנגען: מילא, לאָמיר אָנקוקן אַ פּריוואַטע שטוב אַ מאָל אין אַ „נאָווינע". געגאַנגען זענען מיר זאַלבע דריט: איך און צוויי „אַלטע".

מיר זענען אַרײַנגעקומען אין אַ פּאַרטער־וווינונג פון צוויי צימערן מיט אַ קיך. דאָס פאָדערשטע צימער איז זייער גרויס און אין אים שטייט אַ גרויסער טיש, אַ בופעט מיט פלעשער טונקעלע און העלע משקאות. — אַ מין שענקל.

אין שטוב זענען געווען צוויי מיידלעך. איך זאָג: „מיידלעך", כאָטש ביידע זענען שוין געווען מיט לאַנגע יאָרן צוריק ראוי צו זײַן מאַמעס פון מיידלעך... אַחוץ דעם זענען ביידע געווען מיאוס ווי די נאַכט, איינע מיאוסער

פון דער אַנדערער... עפּעס אַזעלכע פּראָסטע, ווולגאַרע פּנימער. איינע האָט געהאַט אַ לאַנגע שאַרפע נאָז מיט קרעצלעך אויפן שפּיץ — ווי ביי אַן אמתער מכשפה פון קינדער־מעשהלעך... די צווייטע ווידער האָט „געגלאַנצט" מיט אירע ציין — גרויסע, סטאַרטשענדיקע, דערצו נאָך קרומע, ציין, ווי ביי אַ „בהמה גסה"...

ביי אונדזער אַריינקומען האָבן אונדז דיביידע בתולות אויפגענומען גאָר גערן און צופרידן. אַ סימן, ביי איינער איז די נאָז זייער באַוועגלעך געוועזן און ביי דער צווייטער האָבן די ציין אין זייער גאַנצער אָפנקייט נחתדיק געלאַכט...

— בודטע זנאַקאָמי! — שטעלט מען מיך פאָר פאַר זיי.

די „בתולות" שטרעקן מיר אויס האַרעפּאַשנע, שוואַרץ־נעגלדיקע הענט.

אין האַנט האָב איך דערשפּירט אַ שרץ־ווייכקייט... בררררר!...

מיינע פּאַרטנערן האָבן זיך גענומען פאַרהאַלטן שוין צו „היימיש" מיט די „דאַמען"...

— אַסטאַוויטיע, אַסטאַוויטיע... — האָט די מיט דער מכשפה־נאָז זיס־חנעוודיק זיך געבעטן. אָבער די סאָלדאַטן — ווי אַלטע, געניטע „דיאַדקעס" האָבן געטאָן דאָס זייעריקע: גערעדט מער מיט די הענט ווי מיט דער צונג...

לסוף איז איינער פון מיינע פּאַרטנערן גאָר פאַרשוווּנדן געוואָרן טאַקע מיט דער מכשפה־נאָז אין דעם אַנדערן חדר און איז פון דאָרט גאָר צוריק נישט אַרויס...

די בתולה מיט די פערדישע ציין איז אַרויס אויף אַ ווײַלע אין קיך.

— וואָס זענען עס פאַר אַ פּירות?... — פרעג איך אין דער שטיל מיין פּאַרטנער.

יענער דערציילט מיר, אַז דאָס זענען צוויי שוועסטער. קיין טאַטע־מאַמע נישטאָ. מ׳קריגט דאָ אַ שנאַפּס, אַ צובייסעכץ און אַז מ׳לעבט מיט זיי גוט — איז נאָך „עפּעס" אויך...

— צו וואָס אָבער אַזעלכע פּאַסקודנע מיאוסקייטן?... — פרעג איך אים בסוד.

יענער פלאַצט אויס אין אַ גראָבן געלעכטער.

— ניטשעוואָ! — זאָגט ער — אַז אַ סאָלדאַט פאַרדייַעט קאַפּוסטע מיט ווערעם, מוז ער שוין אַלץ קאָנען פאַרדייען...

אַז די בתולה מיט די פערדישע ציין איז צוריק אַרייַנגעקומען פון קיך, האָט מיך דורכגענומען אַ גוואַלדיקער עקל און ס׳האָט זיך מיר פאַרגלוסט שפּייַען...

מער האָב איך שוין נישט געקאָנט בלייַבן אין סאָלדאַטישן „קאַפּע־שאַנטאַן". כ׳האָב זיך אויפגעהויבן צום געזעגענען.

— וואָס אייַלסטו זיך? — וויל מיך אָפּהאַלטן מייַן פּאַרטנער. — וואַרט, מיר וועלן מאַכן אַ פּסחדיקן שנעפּסל...

— מיר האָבן אמתע „פּסחוּווקע"... נייַנציקער... — זאָגט די בתולה.

— איך דאַנק, איך דאַנק... איך טרינק נישט...

— אַ שיינער סאָלדאַט! — לאַכט מייַן פּאַרטנער.

— מסתמא, נאָך אַ נאָוואָבראַניעץ? — פרעגט די בתולה — איר קענט אים נישט אויסלערנען? — ווענדט זי זיך צו מייַן פּאַרטנער.

— ער טויג צו גאָרנישט! שוין נאָך דער „שבועה" און — קאָן נאָך קיין שנאַפּס נישט מאַכן...

— איך טויג טאַקע נישט... אַ שלעכטער סאָלדאַט... דערפאַר וועט איר שוין טרינקען פאַר מיר אויך...

— מאַלאַדאַי סאָלדאַטיק! — ווינקט זיך די בתולה איבער מיטן אַלטן אויסגעפּרוווטן „דיאַדקע"...

דער „דיאַדקע" נעמט זי פאַר דער האַנט און לייגט אַוועק זייַן יד אויף איר אַקסל:

די העכסטע צייַט, הייסט עס, פאַר מיר אַוועקצוגיין...

איך זאָג אַ „גוטע־נאַכט" און פאַרמאַך די טיר פון יענער זייַט...

— ברררר!...

און ווידער — גאַס־איין, גאַס־אויס...

פון ייִדישע פענצטער האָבן אַרויסגעוווּנקען פֿײַערלעכע פלעמלעך. אין די שטילע גאַסן האָבן אַפילו דורכגעדרונגען ניגונים פון דער „הגדה"...
אומעטום זיצט מען נאָך ביַי ווײַסע היסב־בעטן, אין קרײַז פון נאָנטע, פון היימישע... מ׳דערציילט נאָך וועגן יאָך פון פרעה מלך מצרים... וועגן פיתום און רעַמסס... וועגן די נסים פון יציאת־מצרים...

כ׳דריי מיך אום אַזוי ביז שפעט, זייער שפעט אין דער נאַכט אַריַין.
אַלץ איז מיר דאָ אַזוי פרעמד און ווײַט, אַזוי פרעמד און ווײַט...
ווען וועל איך באַפרײַט ווערן פון מ ײַ ן יאָך, פון מ ײַ נ ע פרעהס?...

15

## דער „ביעגאָם" לכּבוד פרילינג...

אויף דרויסן איז געוואָרן פרילינג. פון דער פרײַ האָט געררייצט מיט בלויקייט און פרייד; אָבער נישט די בלויקייט און נישט די פרייד איז געווען פאַר אונדז, שקלאַפן. ס'איז פּשוט נישט געווען קיין פרײַע רגע, ווען אַרײַנ־צואָטעמען אין זיך אַ ביסל פרילינג. אויפן קאַזאַרמע־פענצטער פלעגט בלויז פאַלן אַ שטראַל, אַ פּאַס ליכט, אָדער בײַ אַ „פּראָגולקאַ" פלעגט מען קוים אַ מאָל אַ צי טאָן אין די לונגען אַ ביסל פרישקייט. אָבער אונטערן בײַטש פון דער דיסציפּלין, בײַם שטרענגן אָפּהיטן צו גיין אין פוס, אָדער בײַ מאַכן פאַרשיידענע איבונגען מיט דער ביקס, האָבן די אויגן ווייניק געזען וואָס אַ ר ו ם טוט זיך...

פאַר אונדז האָבן זיך די „היצן" אָנגעהויבן באַלד אין אַ נאָכפּסחדיקן טאָג, ווען דער פעלדפעבל האָט באַפוילן צו גיין אויף „פּראָגולקאַ" בלויז אין די לײַכטע „גימנאַסטיאָרקעס". ס'איז דאַן גראָד געווען שטאַרק ווינטיק און דער עולם האָט געמורמלט, אַז ס'וועט נאָך קאַלט זײַן.

— ניטשעוואָ — האָבן געטרייסט די אונטער־אָפיצירן — מיר וועלן אײַך אָנוואַרעמען...

און זיי האָבן טאַקע געהאַלטן וואָרט, אונדזערע אונטער־אָפיצירן: ווי נאָר מיר זענען אַרויס אין דרויסן און ס'האָט באמת דורכגענומען אַ שאַרפע קעלט דאָס לײַב, האָבן זיי אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— ביעגאָם!...

אַ „ביעגאָם״ איז עס געווען אָן אַן אויפהער, אָן אַ סוף. אַפילו קיין סעקונדע אויף צו כאַפּן דעם אָטעם האָט מען נישט געגעבן. אַלע ווײַלע האָבן אונטערגעהיצט די שטימען פון די אונטער־אָפיצירן:

— ביעגאָם! ביעגאָם! ביעגאָם!...

אַהין געלאָפן, צוריק געלאָפן, אין ערגעץ זיך נישט אָפּגעשטעלט.

— ביעגאָם! ביעגאָם! ביעגאָם!...

אַנדערע האָבן שוין געהאַט אָפּענע מײַלער. קיין לופט האָט שוין נישט געקלעקט צו אָטעמען. אין די לונגען האָט געשטאָכן...

— ביעגאָם! ביעגאָם! טשערטי פּאַלאָסאַטיִע!...

אַזוי ווי מ׳איז אַרויסגעלאָפן, אַזוי איז מען אַרײַנגעפאַלן אין קאַזאַרמע־הויף.

בײַ אַלעמען זענען די מלבושים געווען נאַס פון שוויס. די הויזן, דאָס העמד, די „גימנאַסטיאָרקע״, דאָס היטל — אַלץ אין שוויס. פון די פּנימער האָבן זיך בײַ אַלעמען ריטשקעלעך געצויגן... פאַר די אויגן זענען פונקען געפלויגן...

— נו, איז אײַך קאַלט געווען?... — האָבן געפרעגט די אונטער־אָפיצירן.

„אַ שיינער פרילינג־שפּאַציר...״ — האָב איך געטראַכט.

און מײַן „זעמליאַק״, פּאַיאַס, האָט געווישט דעם נאַסן פּנים מיטן אַרבל און נישט אויפגעהערט צו וואָרטשען זײַן אַלטן פּסוק:

— פּאָניע גנב, אין זײַן טאַטנס, טאַטנס, טאַטנס טאַטן אַרײַן!...

אײן טאָג האָב איך מער ווי שטענדיק געהאַט אַ געלעגנהייט צוצוקוקן זיך צום פרילינג. כ׳בין באַשטימט געווען אין קאַראַול בײַ אַ מיליטער־מאַגאַזין אין עק שטאָט, אַנטקעגן אַ סאַד. אַרומשפּאַצירנדיק אויפן „פּאָסט״ אַרום מיליטער־מאַגאַזין, האָב איך אומגעשטערט געקאָנט קוקן אויפן הימל,

אויפֿן בליִענדיקן סאָד קעגן איבער, אַרײַנאָטעמען טיף דעם אַראָמאַט פֿון געדיכטע קוסטעס בעז, וואָס בײַם סאָדפּאַרקאַן, אָדער גאָר אונטערשטעלן דאָס פּנים אונטער די קושנדיקע זונשטראַלן. און ווען נאָך צעברענט זיך אַזוי די בענקשאַפֿט נאָך דער פֿרײַהייט, ווען נישט אין אַזאַ רגע?... כ׳מאַך אַ שטיקל חשבון: כּדי צו וויסן, צי מ׳באַפֿרײַט מיך אַלס ערשטער־לגאַטניק, דאַרף איך נאָך וואַרטן אַ וואָך זעקס — ביז וואַנען עס וועט קלאָר ווערן אין די מיליטערישע קאַנצעלאַריעס דער קאָנטינגענט צוגענומענע. אויב ס׳וועט זיך דאַן אַרויסווײַזן, אַז קיין איבעריקע זענען נישטאָ, און איך וועל, הייסט עס, מוזן פֿאַרלירן דעם בלויז — דאַן... צו באַנען און שיפֿן!... איך ברען שוין אין גאַנצן פֿון אומגעדולד. ווי ווערט מען אַנטשלאָפֿן אויף דער גאַנצער צײַט, כּדי זיך שוין אויפֿצוכאַפּן אין יענעם טאָג! ס׳האָט זיך פּשוט געגלוסט פֿון ס׳נײַ צו קריגן דעם פֿאַרלוירענעם צלם־מענטש... נישט צו זײַן עפּעס אַ וואָרעם אונטער אַ גראָבן שטיוול — —

## 16
# אין הויפטוואַכט

איין מאָל באַקען איך זיך מיט די קאַזאַרמע־פּאַרברעכערס.

אין „קאַראַול״ ביים הויפטוואַכט.

כ׳בין געשטאַנען אין אַ שמאָלן קאָרידאָר און אַריינגעקוקט דורך אַ קליין טיר־פענצטערל צו די מיליטערישע אַרעסטאַנטן. געזעסן זענען דאָ דריי פאַרשוין. איינער אַ העל־בלאָנדער דאָרפישער טיפּ מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ, מיט אַ העפּט אויף איין באַק און אַ כסדר שמייכלענדיקער. אויף מיין פראַגע, פאַר וואָס ער זיצט דאָ, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז שוין דריי מאָל אַנטלאָפן. ער איז שוין דאָ אין הויפּטוואַכט אַ „היימישער״ מענטש... איצט וועט ער אַוודאי שוין גיין אין „דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן״. אַזוי מיינט ער.

— פאַר וואָס ביסטו געלאָפן? — פרעג איך אים.

— אין דאָרף איז בעסער... — לאַכט ער.

— און דינען דעם „פאָטערלאַנד״?... — פרעג איך האַלב אין שפּאַס.

— ס׳פעלן נישט קיין טיפּשים אָן מיר אויך... — ענטפערט ער גאָר מעשה לץ...

צום טיר־פענצטערל קומט צו אַ צווייטער אַרעסטאַנט. דער איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ פיינער „גימנאַסטיאָרקע״, אין שמאָלע, געפּאַסטע הויזן, עלעגאַנטע שטיוועלעך — גאָר פּאַצעטיש. דאָס אויסזען זיינס איז געווען אַן עכט סעמיטיש: אַ טונקל,

שמאָל געזיכט, שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און ברעמען. כ׳בין געווען זיכער, אַז ס׳איז אַ ייִד. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, איז געווען אויפֿן אַדרעס פֿון זײַן חבר־אַרעסטאַנט.

— קלעפּטאָמאַניע... — טוט ער מיר אַ זאָג און בגנבה אַ ווינק אויף יענעם פֿאַרשוין.

— אַזוי גאָר? „לאַנגע פֿינגער״?... נו, און פֿאַר וואָס זיצט איר דאָ?

— איך? פֿאַר אַ „סאַמאָוואָלנאַיאַ אַטלוטשקאַ״ [62]. ס׳ווערט נימאס־ומאוס דער קאַזאַרמע־רעזשים, בין איך אַוועק צו אַ קרוב אויף אַ צען טעג — כ׳בין טאַקע אַ היגער — און נאָך דעם אַליין צוריקגעקומען. וואָס וועט מען מיר טאָן? אויפֿהענגען — נישט. מילא, וועל איך זיצן אַ ביסל אין „הויפּט־וואַכט״. גלייבט מיר, דאָ איז נישט ערגער ווי אין ראָטע...

כ׳האָב געלאַכט אין געדאַנק: ווען ער ווייסט וואָס פֿאַר אַ פּלאַן עס ליגט בײַ זײַן שומר אין קאָפּ!...

— איר זײַט אַ ייִד? — פֿרעג איך אים.

— ניין.

— וואָס רעדט איר? — ווער איך פֿאַרוווּנדערט.

— אַ פּראַוואָסלאַוונער — מורמלט ער אַרויס דורך די ציין, גלײַך ווי דער גאַנצער ענין וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.

כ׳זע, ער האַלט עפּעס אַ האַלב־אָפֿענעם העפֿט, געדיכט פֿאַרשריבן.

— וואָס האָט איר דאָ אין העפֿט?

— אַ דערציילונג.

— אַ דערציילונג?!...

— יאָ, וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי?

— גאָרנישט, גאָרנישט...

62 אייגנוויליק אָפּשיידן זיך, אָן דערלויבעניש.

— כ׳האָב עס טאַקע דאָ זיצנדיק אָנגעשריבן. אויב אײַך אינטערעסירט, קאָן איך אײַך איבערלייענען.

— אַדרבה.

ער האָט גענומען לייענען. דער סטיל און פאַרנעם איז געווען ווי פון אַ גימנאַזיסט; אָבער וואָס מיר האָט נאָך מער פאַראינטריגירט איז געווען דאָס, וואָס די דערציילונג איז געווען פון ייִדישן לעבן און די העלדן האָבן אַלע געהאַט עכט ייִדישע נעמען. עפּעס אַ מעשׂה מיט אַ שנײַדער שלמה און זײַן ווײַב שׂרה, און אַ טאָכטער ברכה.

— ווי קומט עס — פרעג איך, ווען יענער האָט געענדיקט — איר, אַ קריסט, זאָלט שרײַבן פון ייִדישן לעבן?

ער האָט גענומען שטאַמלען:

— כ׳ווייס... אַזוי איז עס... ס׳פּאַסירט אין לעבן.

— וואָס הייסט?

— פאַרשטייט איר מיך... כ׳בין אַ פּראַוואָסלאַוונער... אָבער אַלס קינד בין איך געווען אַ ייִד... כ׳האָב געהאַט ייִדישע עלטערן...

— נו?

— איז דער פאָטער אַוועק קיין אַמעריקע... די מוטער געשטאָרבן... בין איך געווען בײַ אַ רײַכן קרוב... אויך אַ געוועזענער ייִד... אַבראַזאָוואַנני טשעלאָוויעק!...[63] טאַקע דאָ אין זשיטאָמיר... האָב איך נישט געקאָנט אַרײַנקומען אין מלוכה־גימנאַזיע... האָט מען מיך געשמדט...

— אין וועלכן קלאַס זײַט איר אַרײַן?...

— אין 7טן.

— זײַט איר דאָך שוין נישט געווען קיין קינד?...

— נו, דאַ. ביוואַיעט ווּ׳זשיזני...[64] — פאַרענטפערט ער זיך פאַר מיר.

63 אַ געבילדעטער מענטש!

64 נו, יאָ... עס טרעפט אין לעבן...

דער יונגער־מאַן מיטן סעמיטישן אויסזען האָט מיך אין גאַנצן אַנטוישט. פריִער באַחנט און סימפּאַטיש אין מײַנע אויגן, איז ער איצט מיט אַ מאָל אַראָפּגעפּאַלן ווי אַ געפּלאַצטער באַלאָן פון דער לופטן...

כ׳האָב צו אים מער נישט גערעדט. כ׳האָב זיך עקסטרע געוואָנדן צום דריטן, וועלכער איז געלעגן אויף דער נאַרע:

— אַ ווי, זעמליאַק?...

צו דער טיר איז צוגעקומען — זיכער אַ ייִדל... אַ בלאַס, אויסגעמאָגערט, צעקנייטשט, נישט געראַזירט פּנים.

— אַן עבֿרי? — פרעגט מיך יענער.

— יאָ, יאָ, אַ ייִד.

מיר צערעדן זיך אין מאַמע־לשון, און כ׳ווער געוויר אַזאַ אומגעלומפּערטן שטות:

אין די קאַזאַרמעס גייען אום פון אייביק אָן פאַרשיידענע וויצן און פּאַראָדיעס אויף „סלאָוועסנאָסט״. אויף דער פראַגע: „טשטאָ טאַקאָיע זנאַ־מיאַ?״ פלעגן די לצים ענטפערן — אַנשטאָט „פּאָלקאָוואַיאַ סוויאַטיניאַ״[65] — פּאָלקאָוואַיאַ סקאָטינאַ״...[66] האָט זיך דאָס דאָזיקע ייִדל — טאַקע דער דריטער אַרעסטאַנט — איין מאָל ביי „סלאָוועסנאָסט״ טועה געווען, מחמת דער וויץ האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח; דערצו איז ער נאָך מיט דער רוסישער שפּראַך אויך נישט געווען אַזוי היימיש, און אויף דער פראַגע פון לערער: „טשטאָ טאַקאָיע זנאַמיאַ?״ האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט: „פּאָלקאָוואַיאַ סקאָטינאַ״... איז געוואָרן אַ טומל, אַ ליאַרעם, ס׳איז תּיכּף אַוועק אַ ראַפּאָרט צו העכערע „נאַטשאַלסטוואָ״ און איצט וואַרט ער עס דאָ אין „הויפּטוואַכט״ אויפן פּראָצעס.

— ס׳איז שוין פון מיר געוואָרן אַ תּל — קלאָגט ער זיך פאַר מיר —

65 פּאָלק־הייליקייט.
66 פּאָלק־בהמה.

כ׳עס נישט, כ׳טרינק נישט, כ׳שלאָף נישט. קיין „המוציא מיט האָניק״ וועט מען מיר נישט געבן. ס׳שמעקט זיכער מיט „דיסציפּלינאַרני באַטאַליאָן״. וואָס זאָגט איר, האַ?

כ׳קוק אָן זײַנע פּײַכטע אויגן, זײַן אויסגעטריקנט פּנים, זע זײַן מרה־שחורה — און כ׳האָב פֿאַר אים קיין טרייסט נישט, פֿאַרן געפּערלעכן „פֿאַר־ברעכער״...

— אין קאַזאַרמע מעגן זיך וויצלען אַנדערע: אַ שטייגער, די לערערס בײַ די איבונגען... זיי מעגן אין שפּאַס כאַטש מאַכן מענטשן פֿאַר קאַליקעס; אָבער נישט די מענטשן זאָלן וויצלען זיך איבער דער קאַזאַרמע...

אַזוי דערקלערט איך אים, דעם „וויצלער״... און יענער האָט זיך ממש די האָר פֿון קאָפּ געריסן:

— ווו איז געווען דאַן מײַן קאָפּ? פֿאַר וואָס בין איך נישט שטום געוואָרן? פֿאַר וואָס איז דער לערער נישט שטום געוואָרן, איידער ער האָט מיר גאָר געשטעלט די פֿראַגע?...

17

# אויף „דאַטשע" אין... לאַגער

אין דער ערשטער העלפט פון מײַ איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו „פּעקלען זיך" אין לאַגער.

ס'איז געוואָרן אַ באַוועגונג, אַ גאַנצער טאַראַראַם. דער לאַגער האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט און האָט פאַרנומען אַ ריזיקן שטח — פאַרן גאַנצן גאַרניזאָן: אַ קאָרפּוס. מיר האָבן געאַרבעט ווי די מוראַשקעס: געגראָבן, געמײַסטערעוועט, געשלעפּט ברעטער, קלעצער, אויסגעשניטן אויף עפּעס אַ פעלד פּירקאַנטיקע „דיאָרנעס"[67] צום באַפּוצן און באַשײַנען און לסוף פאַרצויגן די גרויע לײַוונטן, די „פּאַלאַטקעס" — אונדזערע זומער־ווױנונגען... אינעווייניק, אין די „פּאַלאַטקעס" איז אַלץ געווען לויטן קאַזאַר־מע־נוסח: נאַרעס, שעניקעס, האַרט צונויפגעפּרעסטע אײנע צו די אַנדערע, אַזוי אַז בײַ נאַכט איז מען אויך דאָ געלעגן צונויפגעקוועטשט און אַרײַנ־געכראָפּעט אײנע די אַנדערע אין פּנים אַרײַן... אמת, די לופט איז דאָ געווען לײַכטער, פרישער, אָבער אַ סך מאָל שוין צו פריש: אין די קילע נעכט פלעגט מען כאַפּן אַן אמתן ציטער, און אַז עס פלעגט גיין אַ שטאַר־קער רעגן, פלעגט ער שוין אויסגעפינען שפּאַרעס, און דורך די שפּאַרעס — אויף די שלאָפנדיקע... פון אַזאַ „באָד" פלעגט עס קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן, ווי בײַ קדחת...

---

67 שטיקער גראָזערד.

אין לאַגער האָבן זיך די „זאַניאַטיעס" אַ ביסל געביטן. על־פּי רובֿ פלעגט מען זיך פאַרנעמען מיט פעלד־דינסט. מ'פלעגט מאַכן לאַנגע, שווע־רע „פּראָגולקאָס" אויף וויאָרסטן ווײַט, איבער דערפער און כוטאָרן — אייגנטלעך, קורצע מאַנעווערס פון גאַנצן גאַרניזאָן. די דערפער פלעגט מען דורכגיין מיט מוזיק פאָרויס. די מוזיקאַנטן מיט די מעשענע בלאָז־כּלים האָבן געשפּילט בראַווע מאַרשן און דער דאָרפישער עולם — פּויערים און פּויערטעס אין בונטע אוקראַיִנישע קליידער, יונג און אַלט — אַלץ איז אַרויס פון די כאַטעס כאַפּן אַ בליק. קליינע שקצימלעך און שיקסלעך מיט לאַנגע, דינע, פלאַקסענע צעפּלעך זענען אונדז נאָכגעלאָפן ביז ווײַט אין פעלד אַרויס מיט שימחה און גדולה...

מיר פלעגן זיך צעשפּרייטן טיילנווײַז איבער פעלדער און וועלדער, קריכן איבער בערג און טײַכלעך. אַז דער טײַך איז געווען פלאַך, פלעגט מען בלויז אַראָפּוואַרפן די שטיוול; טאָמער איז ער אָבער געווען טיפער, פלעגט מען אַראָפּוואַרפן די „שאַראָוואַרעס"[68], פאַרשאַרצן די אייבערשטע טייל מלבושים אַרויף צום קאָפּ צו, די ביקס און אַמוניציע אין די אויפגע־הויבענע הענט — און מאַרש אין וואַסער אַרײַן!... — מ'האָט זיך געשפּילט אין מלחמה: מ'האָט זיך צעטיילט אין צוויי פּײַנטלעכע לאַגערן, איינער איז אָנגעפאַלן, דער צווייטער האָט זיך פאַרטיידיקט, געשאָסן מיט פאַלשע קוילן, אַז אַ רויך איז געגאַנגען... פאַרענדיקן פלעגט עס זיך מיט אַ כּלומרשטן אַטאַק און מיט אַ הוראַ־געשריי.

די דאָזיקע שפּילערײַ פלעגט פאַרנעמען דעם גאַנצן טאָג — אַזוי אַז צוזאַמען מיטן גאַרניזאָן פלעגן אויך מיטפאָרן די פעלדקיכן מיטן „אָביעד" און די סאַניטאַר־בײַדלעך.

אין לאַגער פלעגן זיך ווײַזן די אָפיצירן אָפטער ווי אין קאַזאַרמע. בײַ

68 הויזן.

די קלענערע „פּראָגולקאָס" פלעגן זיי אויך מיטגיין. אייגנטלעך, נישט מיט־גיין, נאָר מיטרייַטן אויף פערד. אויפן פעלד פלעגן זיי דאָס רובֿ שטיין פון דער ווייַטנס, די „גאָספּאָדאַ אָפיצערי", אין די אויסגעפּראַנטעוועטע מונדירן און ווייַסע הענטשקעס, פלעגן לאַכן, ווערטלען זיך, רייכערן, און בלויז פון צייַט צו צייַט יוצא זייַן און איבערנעמען פון די אונטער־אָפיצירן די קאָמאַנדע.

איין מאָל איז ביי אַזאַ מין „פּראָגולקאַ" צוגעריטן צו אונדז דער קאָמאַנ־דיר פון פּאָלק און געהאַלטן פאַר אונדז אַ גאַנצע רעדע וועגן... ביקסאיבונ־גען און ער האָט פאַרענדיקט מיט אַזאַ מין פּאַטאָס:

— זאָלן אייַערע ביקסן־איבונגען זייַן אַזוי ריין ווי הייַנט דער הימל!...

כ'האָב געקייַכט אין געדאַנק: ביקסן — און הימל־ריינקייט!... וואָס אַ קאָמאַנדיר קאָן אייַנפאַלן!...

אַז די „זאַניאַטיעס" זענען פאָרגעקומען אין לאַגער גופא, איז נישט לייַכטער געווען ווי אין קאַזאַרמע. אויך אַהער האָט מען מיטגעשלעפּט די אַלע מכשירים: די „קאָבילע", די פאַראַלעל־„ברוסיעס" מיטן „טורניק". אַדרבה, דאָ זענען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר „געשמאַקע נומערן", ווי, למשל: דאָס שפּרינגען פון אַ ספּעציעלער הויכקייט — אַ שטאָק לערך — אין דער נידער. אמת, אונטן איז אַפילו געווען אָנגעשאָטן זאַמד, נאָר פון דעסטוועגן האָט פון אַזאַ שפּרונג דאָס גאַנצע פעקל ביינער געקאָנט צעזעצט ווערן... טאָמער האָט זיך עמעצער געוואַקלט און איז ביים סאַמע ברעג שטיין גע־בליבן, האָט מען אים געשיקט נאָך אַ מאָל און ביים ברעג איז געשטאַנען דער אונטער־אָפיציר, כדי יענעם אַ שטויס צו טאָן, אויב ער וועט אַליין נישט אַראָפּטאַנצן...

אַחוץ דעם פלעגט מען אויך מוזן קענען אַריבערשפּרינגען איבער אַ שטאָק הויכער וואַנט: אַ פלי־אָן פון דער ווייַטנס, אַ שטאַרקן שטויס־אָן מיטן לינקן פוס אָן דער וואַנט, אַ ציי־זיך אין דער הייך, אַ כאַפּ־אָן זיך

אַן איבערשטן ראַנד און אַ דריי זיך שנעל איבער אויף יענער זײַט. ממש געקראַכן אויף די גלײַכע ווענט... און איטלעכער האָט עס געמוזט מאַכן! דערפאַר האָט שוין עקסטרע געזאָרגט דער גרוזינישער לערער, וועלכער איז געשטאַנען בײַ דער וואַנט" ווי אַ תלין מיט אַ רויטן אויפגערעגטן פּנים און מיט אַ שאַרפן „כליסט" אין דער האַנט. און ווער ס'פּלעגט נישט אַריבערשפּרינגען, פּלעגט כאַפּן, כּלומרשט „אין שפּאַס", אַ שמיץ מיטן „כליסט"... פון דעם דאָזיקן „שפּאַס" פּלעגן בלײַבן רויטע, גליִענדיקע סימנים אויפן לײַב נישט ווייניקער ווי אויף אַ וואָך צײַט... ס'פּלעגט נאָך נישט פאַרגיין אײן סימן, פּלעגט שוין אונטערקומען אַ פרישער...

איין מאָל האָט דער גרוזין געמאַכט מיט מיר אין לאַגער אַן אַנדער „שפּאַס": מ'האָט זיך געהאַלטן גראָד אין „סטראָיען". אַלע נעז פון די שטיוול מוזן ווערן אויסגעגלײַכט אויף איין ליניע, ווי מיט אַ שנירל אויסגעמאָסטן, און דאַן — סמירנאָ! שטיי גלײַך ווי אַ סלופּ, קוק פאָרויס, אָן דער מינדסטער באַוועגונג. „זאַמרי!"[69] — דונערן בעת־מעשה די עלצטע.

אַז כ'בין שוין געשטאַנען אַזוי ווי אַ גולם, קומט צו צו מיר דער גרוזין און געפינט, אַז איך שטיי אפשר אויף צוויי מילימעטער אַרויסגערוקט פון פראָנט.

— אובערי בריוכאָ![70] — טוט ער אַ דונער און גיט מיר דערבײַ כּלאחר־יד אַ שטויס מיט דער האַנט אין דער מעשענער „בליאַכע" פון קאַזיאָנעם לעדערנעם פּאַס (ס'איז דאָך אַ „קאַזיאָנע" „בליאַכע", האָט ער געמעגט שטויסן...).

פון דעם דאָזיקן שטילן, אָבער טיפן שטויס איז מיר פּלוצלינג פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן און כ'האָב זיך אַ וואַקל געטאָן...

— סמירנאָ!! — האָט ער מיר ווילד אַרײַנגעדונערט און מיך דורכגע־

---

69 ווער טויט־שטיל!

70 נעם צו דעם בויך!

דרונגען מיט אַזעלכע חיהשע, בליציקע אויגן, אַז כ׳האָב מיט די לעצטע כּוחות זיך געהאַלטן אויף די פיס און געשטיקט אין זיך דעם וויטאָג. דער וויטאָג פון דאָזיקן „שפּאַס״ האָט שוין געדויערט לענגער ווי די סימנים נאָכן „כליסט״... אָבער גיין קלאָגן זיך? — איז די אוממעגלעכע „פּראָצע־דור״ געשטאַנען ווי אַן אײַזערנע וואַנט...

אין אָוונט פלעגט אין לאַגער זײַן זייער לעבעדיק. פון אַלע ראָטעס טראָגט זיך אַ געזאַנג, אַ שפּילן אויף האַרמאָניקעס. לידער פון איין ראָטע טרעפן זיך מיט לידער פון אַן אַנדער ראָטע. אַ גאַנצער מיש־מאַש פון קולות, קלאַנגען, טענער. פון איין אָרט, למשל, דערגייט אַ פאַרבענקטע מעלאָדיע:

„זאַ אוראַלאָם זאַ ריעקאָי קאָזאַקי גוליאַיוט״...

און פון אַן אַנדער זײַט רײַסט זיך אַרײַן דאָס ווולגאַרע:

„טרי דערעווני, דוואַ סיעלאַ״...

אַזוי איבער דער גאַנצער לענג. דער גאַנצער לאַגער איז אין אָוונט געווען איין צעשרײַענער און צעזונגענער שטח, און דער דאָזיקער ליאַרעם האָט אָנגעפילט די לופט אַרום און אַרום און פאַרטויבט אַפילו דאָס עכאָ פון דער אויסגעשפּרייטער, לעבעדיקער שטאָט, וואָס האָט פון דער ווײַטנס געררייצט מיט אומציילקע פײַערלעך...

אין לאַגער האָט מען אויך געזאָרגט, מיר זאָלן האָבן „פאַרוויַילונג״. איין מאָל האָט מען אונדז געפירט אין צירק אַרײַן ווײַזן אַקראָבאַטיק. ס׳איז געווען אַ ספּעציעלע פאָרשטעלונג אין מיטן טאָג פאַר סאָלדאַטן און קיין ציווילער מענטש אַחוץ דער דינערשאַפט איז דאָרט נישט געווען. דער צירק איז תּיכּף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַזאַרמע...

אַן אַנדערש מאָל האָט מען אין לאַגער גופא אימפּראָוויזירט אַ קינאָ־פאָרשטעלונג אונטערן פרײַען הימל. אויפן עקראַן האָט מען געוויזן בילד־לעך פון מאַטראָסן־לעבן אין סעוואַסטאָפּאָלער פּאָרט. אַחוץ דעם, פאַרטרעטן

פון צאַר און זײַן פאַמיליע, די גאַנצע ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע און אַ ריי היס־טאָרישע העלדן. סוּוואָראָווס בילד איז געבליבן שטיין אויפן עקראַן אַ לאַנגע צײַט און איין אָפיציר איז אויפגעשטאַנען אויף אַ טיש און דערציילט וועגן סוּוואָראָווס נצחונות...

סאָלדאַטן זענען געזעסן פאַרגאַפּט און געקוואָלן פון דער „פאַרוויַי־לונג" — פון דער „גײַסטיקער שפּײַז"...

כ'האָב באַמערקט, אַז אַ סך יונגע פון מײַן יאָר זענען שוין אַרײַן אין דער סאָלדאַטישער פעל, האָבן איבערגענומען די אַלע ראָטע־זיטן, דעם סאָלדאַטישן „זשאַרגאָן", די באַזונדערע מאַניערן, און ס'איז זיי דער ענין מיט דער צײַט גאָר געפעלן געוואָרן, בפרט איצט, ווען מ'איז שוין געוואָרן מעשׂה „אַלטער סאָלדאַט". מיט וואָס פאַר אַ הנאה פלעגט עס אַזאַ איינער אונטערלויפן צום „ראָטני" אָפּגעבן דעם ראַפּאָרט, בעת ער פלעגט אַלס „דניעוואַלני" פאַרטרעטן דעם דעזשורני פון ראָטע. מיט אַן אמתן סאָלדאַ־טישן ווערט פלעגט ער ציִען פאַמעלעך און פײַערלעך די ווערטער:

— וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, וו' דיעוויאַטאָי ראָטיע... אאַז"וו דעם גאַנצן שאַבלאָן־נוסח.

אַ קלייניקייט, דער„ ראָטני" אַליין פלעגט בעתן ראַפּאָרט מוזן שטיין פאַר אים „פּאָד קאָזיראָק"... נאָכן „נאָוואָבראַנסטוואָ"־גיהנום איז עס נישט קיין קליינער לוין...

פאַר נאַכט פלעגן אין דער סביבה פון לאַגער זיך ווײַזן שפּאַצירנדיקע מיידלעך: דאָס האָבן סאָלדאַטן געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט דינסטמיידלעך פון די שכנישע גאַסן און פאַר נאַכט פלעגן זיי זיך אַרויסגנבענען פון לאַגער אויף אַ „סווידאַניע" מיט דער „דאַמע פון האַרצן"...

די קעכינס פלעגן אַגב מיטברענגען גוטע זאַכן פון זייערע קיכן: קיכע־לעך, פּרוכט און אַ מאָל אַפילו מאַכאָרקע אויך... (מאַכאָרקע פלעגט זי שוין אַליין קויפן פון אירע „פּאָנדן"...). דער סאָלדאַט פלעגט מיט זײַן „ליובאָוו־

ניצע״ פאַרפאַלן ווערן ערגעץ אין די פעלדער און צוריק אין „פּאַלאַטקע״ פלעגט ער זיך אַרײַנגנבענען ערשט אין מיטן נאַכט...

אַ מאָל פלעגט אַ סאָלדאַט, אַ דאַנק זײַנע „פעלד־ראָמאַנען״, אַרײַנפאַלן אין לאַזאַרעט און פּטור ווערן אויף לאַנגע וואָכן פון דער ראָטע...

18

## כ׳זע ווידער מאַרוסיאַן

איין מאָל האָב איך געהאַט אַ „באַגעגעניש״:

כ׳קום אַריין פאַר נאַכט אין אַ יידיש געוועלבל אין שכנות פון לאַגער עפּעס קויפן. זע איך עפּעס אַ באַקאַנטלעך געזיכט פון אַ מיידל. כ׳קוק זי אָן און ווער איבערראַשט.

— אַך, מאַרוסיאַ! — רוף איך אויס.

זי שמייכלט און קוקט מיך אָן. זי דערקענט מיך נישט.

— איר דערקענט מיך נישט? — דערמאָן איך איר — איר געדענקט?... ווינטער... אין לאַזאַרעט... אין וועשעריי...

זי האָט זיך צעלאַכט.

— דאַ, דאַ, דאַ, כ׳געדענק שוין. אידיאָמטיע![71] — לייגט זי מיר פאָר.

כ׳בין אַרויס מיט איר פון געוועלבל. כ׳ווער אַ ביסל אינטריגירט.

כ׳קוק זי בעסער אָן און זע, אַז זי האָט זיך אין גאַנצן געענדערט. איר געזיכט איז שוין נישט אַזוי פריש ווי דעמאָלט. אַנשטאָט נאַטירלעכע קאָלירן אין די באַקן דערקען איך — פודער און שמינקע... און אָנגעטאָן גייט זי אויך עפּעס שטאָטישער. ס׳ווערט מיר פאַרדעכטיקט...

— וואָס טוט איר היינט? — פרעג איך זי — אַרבעט איר שוין נישט דאָרט אין לאַזאַרעט?

---

71 קומט.

— פוי! שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן די שמוציקע וועש פון די קראַנקע...

— טאָ וואָס זשע טוט איר איצטער?

זי שמייכלט און שטאַמלט:

— ניטשעוואָ... איך אַרבעט.

— ווו?

— אין אַ פאַבריק.

זי נעמט אַרויס פון איר רידיקיול פאַפּיראָסן מיט שוועבעלעך און פאַררייכערט.

— קוריש?[72] — פרעגט זי מיך פער „דו".

— ספּאַסיבאָ![73]

זי דערלאַנגט מיר אַ פאַפּיראָס און צינדט אָן מיידלש־אומגעשיקט דריי שוועבעלעך ביז איך פאַררייכער.

מײַן „חשד" איז שוין בײַ מיר אויס חשד — עס איז שויןווירקלעכ־קייט... כ'דערקען עס אין אַלע אירע באַוועגונגען, אין די בליקן פון אירע אויגן, אין איר אַרויסרופנדיקן שמייכל, אין איר ביליק־גלאַנציקן האָר־קאַם...

— וווהין, אייגנטלעך, גייען מיר? — פרעג איך, בעת מיר זענען שוין געווען אַ ביסל דערווײַטערט פון לאַגער.

— אידיאָם, מילי, פּאַגוליאַט... דאַלעקאָ... דאַלעקאָ...[74] כאַפּט זי מיך אָן אונטערן אָרעם און בלאָזט מיר מיט אַ כּיוון דעם רויך אין פּנים אַרײַן...

— אַ דיענעזשקי או טעביאַ יעסט?...[75] — טוט זי מיך פּלוצלינג אַ פרעג און דריקט זיך צו צו מיר...

— נאָך וואָס פרעגסטו וועגן געלט?

— כ'וויל, זאָלסט מיר קויפן אַ מתנה...

---

72 רייכערסט?
73 אַ דאַנק.
74 קום, ליבער, שפּאַצירן... ווײַט... ווײַט...
75 און געלט האָסטו?...

כ׳האָב זי שטום אָנגעקוקט. ווי יונג זי איז נאָך — און שוין איז זי צעטראָטן געוואָרן...

פאַרשאָלטענע שטאָט!... ווען זי וואָלט איצטער אַן אַנדערע געווען!... אַזאַ דופטיקער יוני־אָוונט!... אַזאַ בלויער הימל!... — — —

— כ׳מוז זיך שוין אומקערן... — בלײַב איך שטיין אין מיטן פעלד.

— פאַר וואָס? — קוקט זי מיך אָן פאַרחידושט.

— אַזוי... כ׳מוז זײַן אויף „פּאָוויערקאַ" אין ראָטע.

— טרוס! טרוס![76] — שרײַט זי מיר אַרײַן נישט צופרידן.

— איך מוז!

— ווי „סיעריאַק"!...

כ׳זע, זי איז שוין אויסגעבונדן מיטן קאַזאַרמע־זשאַרגאָן...

מיר גייען צוריק. מײַנע פּלענער, קלער איך, זענען איצט אַנדערע; נישט — אַרײַנפאַלן אין לאַזאַרעט, אין יענער ליבער אָפּטיילונג...

נישט ווײַט פון לאַגער גיב איך איר די האַנט:

— דאָ סווידאַניאַ, מאַרוסיאַ!

— דאָ סווידאַניאַ! — האָט זי קוים אַרויסגעמורמלט ברוגז.

איך בין אַוועק אין ראָטע צו „פּאָוויערקאַ" און זי — ווידער אַרום געוועלבל, ווו עס דרייען זיך אַרום סאָלדאַטן...

---

76 פּחדן! פּחדן!

19

# איך גרייט זיך אין וועג...

די יוני־טעג זענען געקראָכן פּאַמעלעך, מיט טריט פון אַ שילדקרויט. קיין גוטע בשורה האָב איך נאָך אַלץ נישט באַקומען. מײַן האָפענונג באַ־פרײַט צו ווערן איז אין גאַנצן צערונען געוואָרן. ס׳איז שוין געווען די העכסטע צײַט...

און ליגנדיק אַ שלאָפלאָזער אויף דער נאַרע מאַך איך ווידער אַ שטיקל חשבון מיט זיך:

העכער אַ האַלב יאָר שוין אויסגעשטראָכן פון לעבן. בלײַבט נאָך איבער אויסצושטרײַכן גאַנצע דריטהאַלבן יאָר! אמת, פאַרלאָזן די היימישע ערד אויף שטענדיק, אָן צוריקקער, איז גענוג פּײַנלעך, אָבער... צו שווער! אַ צו גרויסער און לאַנגער גיהנום...

דאָס געוויסן איז בײַ מיר אויך געווען גאַנץ רויִק... מילא, וועט דאָס גרויסע און ברייטע „פאָטערלאַנד" האָבן מיט איין „באַשיצער" ווייניקער, בפרט, אַז בײַם דאָזיקן „פאָטערלאַנד" בין איך סײַ ווי נישט מער ווי אַ שטיפקינד — — — זאָלן שוין זיצן אין די קאַזאַרמעס „אויף קעסט" די אמתע „זין" פון רוסלאַנד... זאָל מען זיי האָדעווען און דרעסירן אין די מיליאָנען פאַרן הייליקן ציל: — מלחמה... טאָמער וועט זײַן אַ בלוט־פאַרגיסונג, זאָל זײַן ווער עס זאָל י ע נ ע ם שעכטן און עס זאָל אויך זײַן, ווער עס זאָל אַ ל י י ן געשאָכטן ווערן — — —

ניין, מײַן געוויסן איז רויִק. מען מעג מיך אויסשטרײַכן פון דער וועלט... עס זאָל אַ ל י י ן געשאַכטן ווערן — —

מײַן באַשלוס איז געווען אַ פעסטער: איך וואַרט מער נישט...

זונטיק בין איך אַוועק אין שטאָט און אין דעם טייהויז, וווּהין כ׳פלעג שטענדיק אַרײַנקומען, האָב איך זיך פאַרטרויט פאַרן באַלעבאָס מכּוח מײַן פּלאַן. דאָס איז געווען אַ ייִד אַן אֶבֿיון, אַ מטופּל מיט קינדער, און כ׳האָב אים צוגעזאָגט איבערצולאָזן אַלע מײַנע קאַזיאָנע מלבושים... ער האָט אין דער שטיל געבראַכט אַ שנײַדער, בײַ וועמען כ׳האָב באַשטעלט אַ ציווילן אָנצוג מיטן אויסרייד, אַז כ׳ווער כּלומרשט באַפרײַט. אין טייהויז האָט מען מיר באַזאָרגט מיט אַלע איבעריקע נייטיקע זאַכן — און כ׳האָב געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. אין ראָטע האָב איך דערווײַל געטאָן, וואָס כ׳האָב געטאָן. אָבער אין האַרצן האָט מיר שוין געטרייסט מײַן סוֹד...

דערווײַל האָט זיך שוין אַוועקגערוקט אויך דער שבועות. דער זומער איז שוין געווען אין מיטן ברען.

20

# איך פאַל אונטער דער משׂא...

איין מאָל שיקט מען מיך צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע סאָלדאַטן אויף „שוואַרצע" אַרבעט.

אויף ערגעץ אַ פעלד האָט מען געדאַרפט אויסגראָבן אַ טיפע קאַנאַווע. עס האָט געאַרבעט אַ גאַנצע מחנה סאָלדאַטן מיט רידלען און „נאַסילקעס". עלצטע האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די מענטשן און צוגעטריבן: „זשיוואָ! זשיוואָ! זשיוואָ!" זיי האָבן דערמאָנט אָן די „שוטרים" און „נוגשים" פון פּרעה מלך מצרים...

אַז כ'האָב זיך שוין געגוג אָנגעאַרבעט מיטן רידל, האָט מען מיר באַפוילן צו שלעפּן מיט נאָך איינעם „נאַסילקעס" ערד אויף אַ הונדערט מעטער ווײַטער. מײַן פּאַרטנער איז געווען סאָלאָמענקאָ — אַ כאַכאָל פון וואָליק, גרויס ווי עוג מלך הבשן, גראָבע הענט מיט דיקע, אויסגעמאָזאָליעטע פינגער פון ערדאַרבעט. פלעגט אָט דער סאָלאָמענקאָ מיט אַ כיוון אָנלייגן אַזעלכע פולע, געשוואָלענע „נאַסילקעס", אַז כ'פלעג קוים־קוים קאָנען שטעלן אַ טריט פון שווערקייט...

— שיט נישט אַזוי פיל — בעט איך זיך בײַ אים — ס'וועט דיר קיינער נישט אויסכאַפּן...

אָבער יענער שיט און שיט.

— ס׳איז דאָך אוממעגלעך!

— זשיד אײנער! דו עסט נישט די זעלבע קאַפּוסטע וואָס איך?

— באַלוואַן! ביסט דאָך צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי איך!

— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! — טוט ער אַ בריל ווי אַן אָקס און גיט עקסטראַ אַ שאָט אַ רידל ערד, אַזוי אַז ער האָט געטראָפן אויף מיר.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום „עלצטן" און געבעטן, ער זאָל מיר געבן אַן אַנדער פּאַרטנער.

— פּאַר וואָס? — פרעגט ער.

— ווײַל... ווײַל מיר קאָנען נישט אויסקומען...

— וואָס טוט ער דיר?

נאָר אײדער כ׳האָב באַוויזן אים צו דערקלערן, איז צוגעלאָפן סאָלאָ־מענקאָ און גענומען מסרן, אַז כ׳וויל נישט טראָגן די „נאָסילקעס", אַז איך רעד אים פּלומרשט צו, מ׳זאָל אָנשיטן בלויז קאַפּעטשקעלעך...

— האַ? טי זשיד! ביטריש!...

— ניקאַק ניעט, גאָספּאָדין יעפרייטאָר! — וויל איך אים אויפקלערן דעם ענין.

— מאַלטשאַט, ניע ראַזגאָוואַריוואַט! — לאָזט מיך דער „עלצטער" נישט קומען צום וואָרט — לאָדראַ וואַליאַיעש! סטופּאַי!

כ׳האָב פאַרביסן מיט די ליפּן און זיך אומגעקערט צו דער „נאָסילקע". סאָלאָמענקאָ האָט שוין איצטער אָנגעשאָטן נאָך מער ווי פריִער — אַזוי אַז כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט אַ ריר טאָן פון אָרט.

דער יעפרייטאָר איז צוגעלאָפן מיט אַ זידלערײַ.

— ער וויל נישט טראָגן — מעלדעט אים סאָלאָמענקאָ.

— וואָס קלערסטו דיר? — פרעגט מיך דער יעפרייטאָר מיט אַ שטרענגער מינע.

— כ׳קאָן נישט, ס׳איז צו פיל.

— ביסט אַ סאָלדאַט, אָדער נישט?

— טאַק טאַטשנאַ, גאָספּאָדין יעפרייטאָר, אָבער אַזאַ משא קאָן איך נישט שלעפּן.

— ביסט קראַנק, טאַ גיי אין לאַזאַרעט. טאַשטשי, סוקין סין!

— ס׳איז אָבער פאַר מיר אוממעגלעך.

— לאָז, וועל איך פּרוּוון — גייט צו דער יעפרייטאָר צו דער „נאַסילקע״

— טאָמער נישט, טאַ גערענק, זשיד!

ער האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און אַ הייב געטאָן. פון סאָלאָ־מענקאָס זײַט איז געווען די „נאַסילקע״ העכער. דער יעפרייטאָר איז בשעת־מעשה גוט רויט געוואָרן... ער האָט אָבער אַראָפּגעלאָזט די „נאַסילקע״ און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו מיר:

— טאַשטשי, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! דער רוח וועט דיך נישט נעמען!

כ׳האָב זיך געפּרוּווט אָנשטרענגען מיט די לעצטע כּוחות און ווי עס איז אַ הייב־אויף געטאָן. כ׳האָב געשפּירט, אַז אָט־אָט רײַסט זיך עפּעס אָפּ אינעווייניק. אַ טריט אָבער שטעלן האָב איך נישט געקאָנט. די משא האָט מוראדיק געשלעפּט אַראָפּ...

— סטופּאַי! — טוט סאָלאָמענקאָ פון הינטן אַ שטויס די „נאַסילקע״ (איך בין געגאַנגען פאָרויס) און כ׳טו אַ פאַל אום ווי אַ סנאָפּ און די גאַנצע „נאַסילקע״ מיטן באַרג ערד אויף מיר...

אַרום האָט אויסגעבראָכן אַ ווילד געלעכטער.

מ׳האָט אַראָפּגענומען פון מיר די „נאַסילקע״ און כ׳האָב זיך קוים אַרויסבאַקומען פון אונטער דער אָנגעשאָטענער ערד. אין עטלעכע ערטער אויף די פיס האָב איך געשפּירט אַ ברענענדיקן ווייטאָג פון אָפּגעריבענע שטיקער לײַב...

מער האָב איך שוין נישט געאַרבעט. כ׳בין הינקענדיקערהייט אַוועק־געקראָכן אָן אַ זײַט און אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן גראָז. ווייטאָג, באַליי־

דיקונג, פאַרדרוס האָבן זיך צונויפגעמישט אין איינעם און ס׳האָט גע־
ברענט ווי סם... ווי קום איך גאָר אַהער צום דאָזיקן רויען המון?...

כ׳האָב זיך דערמאָנט אָן מײַן  ס ו ד ... שוין... אָט באַלד... ס׳איז דאָך
שוין נישט מער ווי אַ פראַגע פון טעג...

21

# אַ נאַכט פון וואַלסן...

אין די לעצטע טעג פאַרן זונטיק — דעם באַשטימטן טערמין פון מײַן פאַרשווינדן — איז מיר נאָך אויסגעקומען צו גיין אויף קאַראַוּל בײַ אַמוניציע־מאַגאַזינען אין עק לאַגער. ס'איז שוין געווען סוף יוני. טעג זענען געשטאַנען קלאָרע, זוניקע. פון איין זײַט פון די אמוניציע־מאַגאַזינען איז געווען אַן אָפענע, זומערדיקע וועלט. פעלדער און לאָנקעס, בערג און טאָלן — אַלץ אין בונטע גליִענדיקע פאַרבן. אַ לײַכט ווינטל האָט געבראַכט צו טראָגן אַ דינעם אַראָמאַט פון אַקאַציעס. אין ווײַטקייט בײַם האָריזאָנט האָבן זיך דערפֿלעך געטרונקען אין זוניקייט און גרינס. ס'האָט געלאָקט דאָס רחבות, די פרײַקייט... דאָס האַרץ האָט בײַ מיר געקלאַפּט פון אומגעדולד: דאָנערשטיק, פרײַטיק, שבת... דאַן קומט דער געבענטשטער זונטיק, דער געקרוינטער זונטיק...

אַך! אַ לאָז טאָן זיך אויף אַ באַן דורך אַזאַ גרינעם בליִענדיקן רחבות! צוועלף בײַ נאַכט. אויפן זעלבן „פּאָסט".

אַ נאַכט אַ טונקל־בלויע. דער גאַנצער לאַגער שלאָפט שוין. אַ געמיש פון ווײַטע אָפּקלאַנגען און שטילער געפליסטער פון אומזעעוודיקע פייגעלעך טראָגט זיך אין דער לופטן, ווי דורך אַ חלום. די נאַכט האָט אַלץ פאַרדעקט אין דער ווײַטקייט מיט אַ טונקעלן ווייכן שלײַער. מיט קילן אָטעם האָבן געדופטעט אונטער טויען די אײַנגעשלאָפענע אַרומיקע פעלדער.

שאַ, עס דערטראָגן זיך מוזיק־קלאַנגען. כ׳בייג אַן דאָס געהער — אַ וואַלס, אַ סענטימענטאַלער וואַלס. דאָס שפּילט מען אין „אָפּיצערסקאָיע סאָבראַניע״, דאָ נישט ווײַט אין לאַגער. אַ באַל איז דאָרט הײַנט בײַ נאַכט.

טענער בײַטן זיך. אַלע ווײַלע — אַנדערע מעלאָדיעס. פּריילעכע, ראַשע און אויך שטילערע, מעלאַנכאָלישע... און אַלץ וואַלסן. אַ נאַכט פון וואַלסן!

כ׳דריי זיך אויס צו דער ריכטונג, פון וואַנען די מוזיק־קלאַנגען טראָגן זיך, און דערזע אין דער ווײַטנס די העל באַלויכטענע פענצטער פון יענער געבײַדע, און די דאָזיקע פענצטער קוקן אין דער טונקלקייט ווי הפקרדיק צעברענטע אויגן בעת אַן אָרגיע...

און איך פיל ווי דאָרטן, דאָרטן אויפן גלאַטן פּאַרקעט שלענגען זיך די עלעגאַנטע „גאַספּאַדאַ אָפּיצערי״ אין די שניי־ווײַסע הענטשקעס מיט גראַציעזע דאַמען אין פּריילעכן, רוישנדיקן און באַרוישנדיקן וואַלס — —

און איך — אַ „ריאַדאָוואָי״ — שטיי אויפן „פּאָסט״ און האָב די העזה צו קלערן וועגן די דעקאָלטירטע נאַקנס און הענטלעך פון די אָפּיצירישע דאַמען, וואָס איך זע זיי נאָר אין דמיון, אָבער כ׳פיל אַפילו ווי ס׳בריט מיך זייער שמייכל, זייער אָטעם... כ׳שפּיר דעם ריטמישן טאַקט פון זייערע וווּנדערלעכע פיסלעך אויפן פּאַרקעט... אָט־אָ־דאָ שפּיר איך עס, אויף מײַן האַרץ, גלײַך ווי דאָס האַרץ מײַנס גופא וואָלט דער פּאַרקעט געוועזן...

און אַ פערז צעבליצט זיך פּלוצלינג אין זכרון, אַ פערז אַ פּושקינשער:

„אָ, נאָזשקי! נאָזשקי!״ — —

ווײַל אויך ע ר, וועמעס פערז איך דערמאָן זיך, האָט דאָך אויך אַ מאָל אַן אָפּיציר־מונדיר געפּרוּווט טראָגן, און אויך ער, זיכער, פלעגט זיך אין אַזעלכע נעכט אין שניי־ווײַסע הענטשקעס, מיט גראַציעזע דאַמען איבערן שפּיגלדיקן פּאַרקעט שלענגלען...

— — — — — — — — — — — — — — —

לאַנג, לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער ביקס און מײַנע בליקן זענען פֿאַרגליווערט געווען אין איין ריכטונג, אין דער ריכטונג, פֿון וואַנען עס זענען געשוווּמען צו מיר די וואַלסן...

נאָך דרײַ טעג בלויז: דאָנערשטיק, פֿרײַטיק, שבת...

22

# איין מאָל אַ זונטיק...

און ענדלעך — זונטיק! דער „גרויסער" זונטיק!

כ'בין אויפגעשטאַנען פריִער ווי געוויינלעך, זיך לענגער ווי אַלע טאָג אַרומגעוואַשן און אַלץ געמאַכט אין אָרדענונג. כ'האָב דאָן אומבאַמערקט פאַר אַנדערע אַרויסגענומען אַ קליין פעקעלע פון מײַן קעסטל און פאַמעלעך פאַרלאָזט דעם לאַגער. איך האָב, גייענדיק, נישט געוואָלט אַפילו וואַרפן אַ בליק אויף צוריק...

איך האָב אויסגעקליבן דעם זונטיק־טאָג, ווײַל דעמאָלט זענען נישטאָ קיין „זאַניאַטיעס" און מײַן פעלן וועט אַזוי גיך נישט באַמערקט ווערן.

ס'איז געווען זייגער אַכט אין דער פרי. די קליינבאַן פון זשיטאָמיר קיין בערדיטשעוו גייט אָפּ פונקט עלף. זייגער 9 בין איך שוין געווען אין מײַן באַקאַנטן טייהויז. איך בין תּיכּף אַרײַן אין אַן אָפּגעזונדערט חדרל און זיך איבערגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס. פון דאָרט בין איך שוין אַרויס אַ ציווילער...

דער באַלעבאָס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע:

— אָט אַזוי האָט איר טאַקע אַ צורת־אָדם...

איך האָב אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און זיך צעלאַכט: אַן אַנדער מענטש! כאַטש נעם און גיב זיך אַליין אָפּ „גוט־מאָרגן"...

כ'בין פאַר דער צײַט אַ סך געענדערט געוואָרן. ערשטנס, גלאַט גע־

שוירן, צוויטנס, איז דאָס געזיכט געווען שטאַרק אָפּגעבערענט פון די פעלד־איבונגען. דער שטערן איז געווען בלויז אויף דער העלפט אָפּגעבערענט; דער אייבערשטער טייל, ווו די „פוראַשקע" פאַרדעקט, איז געווען ווייס און אין דער העלפט שאַרף אָפּגעגרענעצט מיט אַ רויטלעכן שטריך...

כ'האָב נאָך עקסטרע אָנגעטאָן אַ פּאָר זונפענסנע, כדי לחלוטין צו פאַר־טרייבן איטלעכן חשד, אַרויפגעזעצט אַ פּאַנאַמע אויפן קאָפּ און באַקומען אַן אויסזען פון אַ פראַנט.

אַ באַנבילעט איז מיר באַזאָרגט געוואָרן אין שטוב אַריין, און פונקט האַלב עלף האָב איך זיך וואַרעם צעזעגנט מיטן באַלעבאָס פון טייהויז, אָנגענומען פון אים אַ באַרג מיט ברכות, קיין „שלעכטע רוחות" זאָלן מיך אויפן וועג נישט באַגעגענען — און אַריין אין אַ דראָזשקע.

— וויאָ!

איך פאָר דורך די הויפטגאַסן. אויף די טראָטואַרן דרייען זיך מיליטער־לייט, אָפיצירן, סאָלדאַטן פון מיין פאָלק. כ'קוק אין זייער זייט נישט אַפילו. כ'פאָר פאַרביי אַ ראָג פון מאָסקאָווסקאַיאַ, ווו מיין קאַזאַרמע געפינט זיך.

„אַדיע, אַדיע, קראַסאַווטשיקי, אַרכאַנגעלאָגאָראַדטשיקי!" — —

איך קום אויפן וואָזאַל — אַן ענגשאַפט, אַ געדראַנג. אַ זונטיקדיקער עולם פאָרט עס איצט אַרויס אויף די אַרומיקע דאַטשעס. כ'בין גראָד צופרידן פון גרויסן טאַראַראַם. מען וועט מיך נישט באַמערקן...

אין די וואַגאָנדלעך פון דער קליינבאַן איז אַזאַ שטיקעניש, אַז קוים וואָס איך דערשלאָג זיך צו אַ פענצטער און שטיי אָפּ אַזוי אַ לאַנגע צייט.

מיין מאַרשרוט איז געווען: פאָרן אַהיים, אין דער ליטע; אין דער היים בשתיקה מאַכן אַלע נייטיקע הכנות צו דער אַטלאַנטיק־נסיעה, און דאַן — ווי באַנג ס'זאָל נישט זיין! — פאַרלאָזן די היים, אפשר, שוין אויף אייביק...

אָנגעקומען קיין בערדיטשעוו, ווער איך געוויר, אַז מיין צוג גייט אָפּ

אין אַ שעה פיר אַרום. אויפן וואָקזאַל אָבער וויל איך נישט בלײַבן, פאָר איך מיט דער בערדיטשעווער „קאָנקע" אין צענטער שטאָט אַרײַן.

נישט וועלנדיק זיך וואַרפן אין די אויגן, גיי איך אַרײַן אין ערשטן בעסטן האָטעל. אויף די טרעפּ קומט מיר אַנטקעגן עפּעס אַ שטאַרק אָנגעשמינקטע דאַמע און פרעגט מיך — ווי פון בוידעם אַראָפּגעפאַלן — צי כ'וואָלט נישט געוועזן קיין בעלן מיט איר דאָ אַרײַנצוגיין אין אַ „קאַבינעט"... איך דאַנק איר פאַר דער גרויסער „טובה" און גיי באַלד צוריק אַראָפּ פון די טרעפּ. ווער ווייסט, אויב דאָ זענען פאַראַן אַזעלכע „קאַבינעטן", קאָן דאָך דאָ אַ מאָל געמאָלט זײַן, אויף מײַן מזל, אַן „אָבלאַווע" אויך...

כ'האָב אין גאַס באַמערקט אַ פּשוטע ייִדישע אַכסניה און בין אַרײַן אַהין. כ'האָב געבעטן טיי מיט צובײַסעכץ און געקוקט אויף אַן אַלטן וואַנט־זייגער, ווי לאַנג איך האָב דאָ צו זיצן. די באַלעבאָסטע — מעשה שטן אַ רעדעוודיקע און טשעקאַווע ייִדענע — נעמט מיך אויספרעגן גאַנץ היימיש־לעך, פון וואַנען און וווּהין?... כ'גיב זיך אָן פאַר אַ קאָמי־וואָיאַזשאָר...

— פּרנסה איז כאָטש פאַראַן? — פרעגט זי.

— נישט צו פאַרזינדיקן, מען קומט דורך...

— איר מוזט כסדר זײַן אונטערוועגנס? איר זײַט שטאַרק אָפּגעברענט... ס'טוט מיך אַ שטאָך אינעווייניק...

— אַ ברירה האָט מען... פּרנסה!... — ענטפער איך און כאַפּ זיך פאַכען מיטן הוט איבערן שטערן. — אַ הייסער טאָג הײַנט, מומעשי!

— איר קומט איצט פון זשיטאָמיר? — לאָזט זי מיך ווידער נישט אָפּ...

— יאָ... יאָ... פון זשיטאָמיר... — שטאַמל איך.

— אַזוי, פון זשיטאָמיר? כ'בין טאַקע אַ דאָרטיקע... מיט וועלכע פירמעס האַנדלט איר דאָרטן? כ'קען זשיטאָמיר אויסגעבונדן...

„אַן אומגליק — טראַכט איך — וואָס וויל פון מיר די ייִדענע מיט די נײַן מאָס רייד?"

— כ׳האַנדל... כ׳האַנדל מיט פאַרשיידענע פירמעס... מיט מאַנופאַקטור־פירמעס...

— מיט מאַנופאַקטור? — ווערט זי גאָר פריילעך. — מײַן זון האָט דאָך טאַקע אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. איר האָט דאָך אַוודאי געהערט פון דער פירמע פײַטלזאָן...

— יאָ, געוויס, געוויס, געהערט... אָבער גראָד בין איך איצט געווען פאַרדרייט מיט אַנדערע פירמעס... דאָס צווייטע מאָל, אם־ירצה־השם, וועל איך זיך טאַקע אַרײַנכאַפּן צו דער פירמע פײַטלזאָן... זעט, באַלעבאָסטיטש־קע, איר קאָנט מיר אפשר געבן נאָך אַ גלעזל טיי?... כ׳ברען פון דאָרשט!...

דאָס איז מיר אײַנגעפאַלן זי מטריח צו זײַן מיטן טיי, אַבי זי זאָל שוין איבעררײַסן איר שמועס...

אַרײַנקומענדיק פון קיך מיטן אָנגעגאָסענעם גלאָז, זעצט זי זיך ווידער צו און גייט ווידער אַרויס מיט לשון... אָבער איצט שוין וועגן עפּעס אַנדערש. זי דערציילט מיר מיט אַ שטילערער שטים און מיט צונויפגעצויגענע ליפּע־לעך, אַז באַלד דאַרף דאָ פּאַרקומען אַ „זיווג" פון אַ חתן מיט אַ כּלה... די כּלה איז טאַקע אירער אַ שכנהס אַ מיידל. און אַזוי ווי זי רעדט, עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַרײַן אַ יונגער־מאַן מיט שעמעוודיקע אויגן, מיט אַ קליין קאַפּעליושל אויפן קאָפּ. ער רעדט קוים אַרויס: „אַ גאָט־העלף!"...

— דאָס איז ער טאַקע — טוט זי מיר אַ ווונק.

זי שטייט אויף און גייט אים אַנטקעגן.

— קומט אַרײַן! קומט אַרײַן! — פירט זי אים אַרײַן אין אַ צווייטן חדר. נאָך דעם גייט זי אײַלנדיק אַרויס אויף אַ ווײַל און קומט צוריק שוין נישט אַליין, נאָר מיט דער כּלה — אַ דיק מיידל, אַ פול רויטלעך פּנים, מיט אַ שאַרף אויפן קאָפּ. חתן־כּלה בלײַבן אונטער פיר אויגן אין חדר און די באַלעבאָסטע קומט צו מיר אַרויס אַ שמייכלענדיקע. זי גייט כּמעט אויף די שפּיץ פינגער און פרעגט מיך אין דער שטיל:

— נו, ווי געפעלן זיי אײַך?

— מ י ר  דאַרפֿן זיי דאָך בײדע נישט געפֿעלן ווערן...

— אָבער ווי מיינט איר, ס׳וועט פֿון דעם עפּעס זײַן? פֿאַרשטייט איר... פֿאַניע לעבן... איך בין עס טאַקע די שדכנטע...

— אַזוי גאָר? נו, זאָל זײַן מיט מזל... זאָל דער שידוך עולה־יפה זײַן...

— הלוואַי, הלוואַי! — הייבט זי אויף בײדע הענט אין דער הייך.

— דער חתן מוז זײַן אַ ישיבה־בחור? — פֿרעג איך.

— יאָ, יאָ, איר קענט אים?...

— ניין, כ׳פֿרעג סם אַזוי.

— וואָס שײַך? אַ לערנער, אַ למדן. און זי איז אויך אַ זײַדן קינד! אַ בריה, אַ פּראַצאַוויטע, פֿירט אַליין אַ געוועלב... נישקשה, ער וועט בײַ איר נישט שטאַרבן פֿון הונגער... ס׳וועט אים בײַ איר נישט פֿעלן פֿון פֿויגלמילך... נו, און איר?... — נעמט זי זיך צו מיר — איר זײַט שוין אַ באַווײַבטער?...

כ׳זע, אַז זי גייט מיר שוין אויך רעדן אַ שידוך און כ׳ראַטעווע זיך אַרויס...

— אָ שוין לאַנג... — לײַג איך. — כ׳האָב שוין אַפֿילו צוויי קינדער־לעך...

— מילא — רעזיגנירט זי — געזונט און שטאַרק זאָלן זיי בײַ אײַך זײַן!...

— ניין, כ׳פֿרעג סתם אַזוי.

כ׳טו אַ קוק אויפֿן פֿאַרצײַטיקן וואַנטזייגער און כ׳בענטש אים אין געדאַנק, וואָס זײַנע ווײַזערס הייסן מיר שוין גיין צו דער באַן.

— זײַט געזונט, באַלעבאָסטיטשקע... פֿאַרדינט אַ סך שדכנות־געלט...

— פֿאָרט געזונטערהייט! אַז איר וועט זײַן אין זשיטאָמיר, גייט אַרײַן צו דער פֿירמע פֿײַטלזאָן, למען־השם...

אויפֿן וואָקזאַל בײַ דער קאַסע שטייט אַ זשאַנדאַרם. איך גיי צו דרײַסט נאָך אַ בילעט.

איך שטויס זיך אָן צוריקוועגס אָן זשאַנדאַרם...

— איזוויניאַיוס... [77]

— פּאַזשאַלויסטאַ! [78] — מאַכט ער מיך העפלעך אַ וועג...

כ׳שטײַג אײַן אין וואַגאָן.

אַ פֿײַף פֿון לאָקאָמאָטיוו. ———

איך פֿאָר!...

איצט פֿאָר איך שוין אויף אַן אמת. מיט אַן אמתן צוג. אַ לאַנגע, לאַנגע שטרעקע.

אַ געדריי, אַ געיעג פֿון פֿעלדער און וועלדער, פֿון כאַטקעס און טעלע־גראַף־סלופּעס.

סטאַנציעס, דערפֿלעך, שטעט און שטעטלעך בלײַבן אַהינטער. די רעדער שפּילן אַ ראַשן, פֿריילעכן ניגון:

— טראַ־טאַ, טראַ־טאַ, טראַ־טאַ...

צוריק! צוריק!

כ׳זיץ אין קופּע כּסדר בײַם פֿענצטער. קעגן איבער מיר זיצט עפּעס אַ יונגע דאַמע אין שוואַרצן. אַ בלאַס געזיכט און סובטעלע מאַנירן. ס׳פֿאַר־בידט זיך אַ שמועס. זי רעדט צו מיר גאַנץ אויפֿגעלעבט און — איגנאָרירט מיך בישט... דאָרט, אין יענע גאַסן — אַ שטייגער, אויף מאָסקאָווסקאַיאַ — וואָלט דאָך אַזאַ דאַמע אין מײַן זײַט נישט אַ בליק געטאָן!...

כ׳לעבן, אַ שיגעון געוועזן פֿון מײַן זײַט, אַזוי לאַנג צו וואַרטן. די וועלט איז דאָך אַזוי פֿרײַ, אַזוי ברייט, אַזוי אומענדלעך! און אומעטום איז הימל, און אומעטום זון, און אומעטום לעבן און פֿרייד...

און די רעדער שפּילן אַלץ זייער ראַשיקן, פֿריילעכן ניגון און באַגלייטן מײַנע רעיונות:

---

77 כ׳אַנטשולדיק מיך...
78 ביטע.

— טראַ־טאַ, טראַ־טאַ, טראַ־טאַ...

— — — — — — — — — — — — — — —

ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער אָוונט. די דאַמע אין שוואַרצן איז ערגעץ אויף אַ סטאַנציע אַראָפּגעשטיגן. מיט איר וואַרעמען האַנטדרוק ביים געזעגנען זיך האָט זי מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון לעבן...

כ׳בין געבליבן איינער אַליין אין קופּע. די אָוונט־שעהען האָבן זיך גערוקט. דורך די שויבן פון וואַגאָן האָט אַרייַנגעקוקט אַ שטילע נאַכט. אונטערן טאַקט פון די רעדער האָבן חלומות אייַנגעשפּינט דאָס האַרץ און דעם מוח...

פאַר טאָג איז שוין דער צוג געפלויגן איבער דער פּאָלעסיער ערד.

23

## אין חד־גדיא...

זייגער זעקס באַגינען דאַרף איך אויף איין גרעסערער סטאַנציע איבער־שטײַגן פון צוג צו צוג. דער קאָנדוקטאָר זאָגט מיר באַצײַטנס אָן, כ׳זאָל נישט פאַרשלאָפן.

דער צוג שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ ווײַסן וואָקזאַל.

כ׳גיי אַראָפּ. מ׳ווײַזט מיר אָן אַריבערצוגיין אויף דער צווייטער זײַט פון וואָקזאַל: דאָרט שטייט שוין מײַן צוג — דער צוג קיין ליטע.

כ׳גיי אַרײַן אין וואָקזאַל — אַ פולער עולם זשאַנדאַרמען! כ׳מאַך זיך אָבער נישט באַמערקנדיק און גיי בשלום אַדורך.

אויפן צווייטן פּלאַטפאָרעם אָבער וואַקסט אויס פאַר מיר אַ הויכער, גראָבער זשאַנדאַרם, וועלכער טוט מיך אַ פרעג:

— קודאַ? [79]

כ׳זאָג אים.

— אַ בילעטיק? [80]

כ׳ווײַז אים.

און קוקנדיק אויף מײַן בילעט, טוט ער, מיר־נישט דיר־נישט, אַ פרעג:

---

79 וווהין!

80 און דער בילעט?

— אַ וואָס דאָקומענט?...

כ׳בלײַב געפּלעפּט...

— פּאָזשאַלויסטאַ! — פּאַס איך מיך.

כ׳נעם פּלומרשט זוכן אין בוזעמטאַש, אין דער רעכטער, אין דער לינקער...

— אַך! — רוף איך אויס — פֿאַרגעסן אין האָטעל. אַ סקאַנדאַל!...

דער זשאַנדאַרם — קענטיק אַ דורכגעטריבענער יונג מיט שמייכלענ־דיקע אייגעלעך — מעסט מיך אָפּ מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק פֿון אויבן ביז אַראָפּ און רעדט אַרויס גאַנץ געלאַסן:

— כ׳וועל אײַך נישט אָפּלאָזן...

כ׳האָב געפּרוווט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים צו ווירקן אויף אים. כ׳האָב אים אַפֿילו לסוף אויך אַ ווײַז געטאָן אַ דרײַ־רובלדיקן באַנקנאָט, וואָס מיר איז נאָך אין טאַש געבליבן — ניין און ניין!... אויף מײַן שלימזל, אַ רוסישער זשאַנדאַרם — און נעמט נישט אין „יד" אַרײַן!...

ער האָט נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט מיט זײַן רויִקייט:

— כ׳וועל אײַך נישט אָפּלאָזן...

כ׳בין געוועזן ווי צעמישט און שוין מער נישט געקאָנט מאַסקירן מײַן אומרויִקייט...

— האָט איר נישט קיין געווער אַ מאָל? — האָט ער שוין מיט אַן אַנדער טאָן, געשעפּטלעך, אַ פֿרעג געטאָן און דערבײַ אָן צערעמאָניעס אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין אַלע מײַנע טאַשן, אַ טאַפּ דאָ, דאָרט.

— דוויניעם![81] — האָט ער אַ זאָג געטאָן און מיך געהייסן גיין פֿאָרויס.

כ׳בין אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ צום טויט פֿאַרמישפּטער נאָך זײַן תּלין צו דער עקזעקוציע...

---

81 מיר רירן, מיר גייען.

ער האָט מיך אַרײַנגעפירט אין דער זשאַנדאַרמען־קאַנצעלאַריע בײַם וואָקזאַל.

— זײַט איר נישט אַ מאָל אַ דעזערטיר?... — איז באַלד געווען די ערשטע פראַגע זײַנע.

כ׳שטום ווי די וואַנט.

— שעמט זיך נישט, פאַר מיר דאַרפט איר רעדן ווי פאַר גאָט אַליין... נו?...

איך קווענקל און ווייס נישט ווי הייבט מען אָן...

— כ׳וועל אײַך דאָך סײַ ווי סײַ נישט אָפּלאָזן, טאָ צו וואָס די איבע־ריקע מי? זאָגט, ווער איר זײַט!

— איר האָט געטראָפן... — מורמל איך אַרויס מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, גלײַך ווי אַ פרוי, וואָס איז זיך מתוודה פאַרן מאַן אין איר פאַרראַט...

— אַ דעזערטיר?

— יאָ...

— אָט אַזוי, הערט מען דאָך אַ וואָרט. ביסטו דאָך אַ זעמליאַק! — גייט ער פלוצלינג איבער אויף „דו"... — זאַקורי, זעמליאַטשאָק!...

און ער רוקט מיר ציניש אונטער אַן אָפענעם פּאָרטסיגאַר.

— ניין, אַ דאַנק! — זאָג איך זיך אָפּ פון זײַן „גרויסמוטיקייט".

— פון וועלכן פּאָלק, זעמליאַק?

— פון 17טן אַרכאַנגעלאָגאָראָדסקי...

— אַך, זעמליאַק! — רײַסט ער מיך איבער — פון מײַן פּאָלק! וואָס הערט זיך עפּעס אין זשיטאָמיר? שוין לאַנג דאָרט נישט געווען.

און ער הייבט מיר גאָר אָן אויסצופרעגן וועגן זײַטיקע זאַכן.

— נו — זאָגט ער צו מיר כלומרשט טרייסטנדיק — זײַ רויק. אַ סאָל־דאַט דאַרף נישט מורא האָבן פאַרן „הויפּטוואַכט"... ניטשעוואָ טאַקאָוואָ... מיר וועלן אַקאָרשט איצט אָנשרײַבן אַ גוטן פּראָטאָקאָל. ניעבעזפּאָקאָיסיאַ!...

ער נעמט מיך אַפילו לערנען וואָס צו טענהן אין פּאָלק:

— זאָג נישט, אַז דו ביסט אַנטלאָפן; זאָג, אַז דו ביסט געפאָרן זיך זען מיט דייַן קראַנקער מוטער... פאָניאַל?... ס׳וועט נאָר הייסן „סאַמאָוואָלנאַיאַ אָטלוטשקאַ"... פאָניאַל?... כ׳וועל טאַקע אַזוי שרייַבן אין מייַן פּראָטאָקאָל...

— אַ דאַנק פאַר מיטגעפיל... — מורמל איך.

ער זעצט זיך שרייַבן און איך זיץ אויף אַ באַנק און וואַרט.

— ווי אַזוי איז אייַך אייַנגעפאַלן מיך צו פאַרהאַלטן? — פרעג איך אים — זע איך דען אויס פאַרדעכטיק?

— אויף דייַן מזל איז גראָד געווען אַן „אַבלאַווע". מיר זוכן עפּעס אַ רעכטן „פויגל"...

אין מיטן עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַרייַן אַ זשאַנדאַרם מיט עפּעס אַ ציוויל געקליידטן יונגן־מאַן.

מייַן זשאַנדאַרם מאַכט אַ הפסקה אין שרייַבן, וואַרפט אַ שאַרפן בליק אויפן פרעמדן יונגן־מאַן און טוט אים אַ פרעג:

— ווער זייַט איר?

— אַ מענטש אָן אַ פּאַספּאָרט... — ענטפערט יענער מיט אַ געבראָכע־נער שטים.

— ווו איז אייַער פּאַס? אין האָטעל?... — טוט ער אַ ווינק צו מיר...

— אין פאַבריק... דער אייגנטימער האָט מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן...

— שייַנט מיר — שמייכלט צו מיר מייַן זשאַנדאַרם — אַז ער וועט דיר זייַן אַ חבר...

און ווענדנדיק זיך ווייַטער צו יענעם, רעדט ער געלאַסן אַרויס:

— סקאַזשי, זעמליאַק, קאַקאָוואַ פאַלקאַ?...

דער יונגער־מאַן שטומט ווי די וואַנט.

— און וואָס פאַר אַ פּעקעלע האַלטסטו אונטערן אָרעם?

דער צווייטער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט אים אַהער אַרייַנגעפירט, ציט אַרויס דאָס דאָזיקע פּעקעלע בייַ יענעם פון אונטערן אָרעם, רייַסט פונ־

אַנדער דאָס פּאַפּיר און — ס'וויקלט זיך פונאַנדער אַ „גימנאַסטיאָרקע" מיט שליפּעס...

אַ געלעכטער.

דער יונגער־מאַן שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ — ווי איך פריִער...

— נו, זעמליאַק? פון וועלכן פּאָלק?

יענער, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט לסוף קוים אַרויסגערעדט:

— פון דער אַרטילערישער בריגאַדע... אין קיִעוו...

— וואָט, וואָט, זעמליאַק! אַטליטשנאָ...[82] וואַרט אַ ווײַל, מיר וועלן באַלד שמועסן. זעץ זיך, אַרטילעריע, נעבן דער פּיעכאָטע... — טוט ער אים אַ ווײַז אויף מיר אין דער בעסטער שטימונג.

און דער פריילעכער זשאַנדאַרם האָט גענומען ענדיקן מײַן פּראָטאָקאָל.

מײַן „חבר" האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן מיר אין גאַנצן אַ פּאַרלוירענער. אין די אויגן זענען אים געשטאַנען טרערן, ממש גרויסע, קײַלעכדיקע טרערן, ווי די אַרבעס.

אַז ער איז אַ ביסל צו זיך געקומען, האָט ער אויפגעהויבן אויף מיר די פײַכטע אויגן און געפרעגט אין דער שטיל:

— איר אויך?...

— איך אויך...

— וואָס טוט מען איצט?

— ס'איז ביטער...

— סקווערנאָ!...[83] — האָט מײַן „חבר" אַזש אַ שוידער געטאָן.

אַז ענדזערעביידנס פּראָטאָקאָלן זענען פאַרטיק געוואָרן, האָט מען אונדז צוזאַמען אָפּגעשיקט אין רשות פון דאָרטיקן „וואָינסקי נאַטשאַלניק" אין מיליטערישן אַרעסט.

---

82 אויסגעצייכנט.

83 אַ מיאוסע מעשה!

הינטער די קראַטעס האָב איך ערשט גענומען צונויפנעמען די צע־שרויפטע געדאַנקען... און וואָס איצטער? צוריק אין פּאָלק?... דערצו מיט קאַצן־מוזיק?... בררררר!...

כ׳בין געלאָפן פון וואַנט צו וואַנט ווי משוגע.

מײַן „חבר״ איז אויך אומגעלאָפן הין און צוריק און געשאָטן מיט קללות סתּם אין דער וועלט אַרײַן... פון גרויס צעשטרײַטקייט, פליִענדיק ווי די משוגעים, פלעגן מיר זיך אַלע ווײַלע צעבוקצען איינער אָן אַנדערן...

איך פרעג אים, פאַר וואָס ער האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן — דערציילט ער מיר, אַז זײַנע עלטערן, פּאָליאַקן, האָבן יאָרן לאַנג געוווינט אין קאַלישער גובערניע בײַ דער דײַטשער גרענעץ; איצט האָבן זיי זיך אַריבערגעפּעקלט אויף יענער זײַט, אין דײַטשלאַנד — איז וואָס זשע דאַרף ער זיך פּײַניקן אין קאַזאַרמע און נאָכן דינען פאָרן צו זיי, אַז ער קאָן עס דאָך איצטער טאָן? סתּם דינען דעם צאַר האָט ער נישט פאַר וואָס: אפשר פאַר די „טובות״, וואָס ער טוט פּוילן?...

— וואָס זשע דאַרף א י ך שוין רעדן?... — פרעג איך אים.

— נו, יאָ, איר דאַרפט דינען דעם צאַר פאַר די פּאָגראָמען... — ענט־פערט ער מיר.

כ׳זע, ער פאַרשטייט אַן עסק, דער פּאָליאַק...

אָפּגעלעגן אַ נאַכט אויף דער פּאָדלאָגע — דאָ איז אַפילו קיין נאַרע אויך נישט געווען — בין איך צוגעטראָטן צו דער זאַך: ווו קריגט מען מיליטער־מלבושים? כ׳בין צוגעגאַנגען צום טיר־פענצטערל און זיך פונאַנ־דערגערעדט מיטן „טשאַסאָוואָי״, וועלכער האָט אונדז געהיט (ווי איך אָט דאָ נישט לאַנג אין „קאַראַול״ בײַם „הויפּטוואַכט״...). כ׳דערצייל אים, אַז מיר איז נייטיק: אַ „גימנאַסטיאָרקע״ מיט שליפעס אָן אַ נומער, אַ „פוראַזשקע״ מיט אַ קאָקאַרדע און אַ פּאָר שטיוול (די הויזן, טונקעלע, קאָנען בלײַבן די ציווילע). דערפאַר וואָלט איך אָוועקגעגעבן מײַנע אַלע ציווילקליידער. כ׳האָב אויפגעוויזן דעם סאָלדאַט, אַז ווען ער וויל זײַן אַ גוטער־ברודער, קאָן ער

דאָ מאַכן אַ גוט „געשעפט"... דער „טשאַסאָוואָי" האָט מסכּים געווען און מיר צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר עס ענדיקן זיך זײַנע צוויי שעה אויפן „פּאָסט", לויפט ער תּיכּף אויפן „טאָלקוטש"[84].

אין עטלעכע שעה אַרום איז מיר שוין געוואָרן אַ ביסל לײַכטער אויפן האַרצן: כ'בין ווידער אין מיליטערישע זאַכן. דאָס ערגסטע וואָלט געווען, ווען מ'ברענגט מיך אין פּאָלק אַלס ציווילן „פּראַנט"... דער „טשאַסאָוואָי" איז ממש געווען גליקלעך: ער וועט שוין איצט האָבן צו רייכערן און רייכערן...

צום „אָביעד" האָט מען פאַר אונדז אַרײַנגעברענגט גאַנץ היפּשע, פּײַנע קאָטלעטן און רײַז מיט מילך...

— וואָס איז דאָס? — פרעג איך דעם סאָלדאַט, נישט פאַרשטייענדיק.

— הײַנט איז אַ חגא־טאָג — ענטפערט ער — מאָרגן וועט איר אַזאַ עסן שוין נישט באַקומען.

— כ'גראַטוליר אײַך מיטן יום־טוב!... — לאָז איך צו מײַן „חבר" — מיר זענען דאָ אַרײַנגעפאַלן אין דער ריכטיקער צײַט...

— באַשערט אונדז אַ גליק...

מיר האָבן געגעסן דעם באמת געשמאַקן „היימישן" מיטאָג און נישט אויפגעהערט ביטער צו וויצלען זיך...

84 מאַרק פון אַלטע בגדים.

24
## אונטערן קלימפּער פון קייטן...

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט מען אונדז איבערגעפירט אין טורמע־הויף, ווו מ׳האָט אונדז פּאַראייניקט מיט אַ גאַנצער גרופּע אַרעסטאַנטן. צווישן די דאָזיקע אַרעסטאַנטן איז געווען איינער אין גרויע תפיסה־קליידער און מיט שווערע קייטן אויף די פיס און הענט. ביי יעדער באַוועגונג זיינער האָט עס געקלימפּערט...

מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט צו 4 אין אַ שורה — צוזאַמען אַ מאַן 30 — און אַ גרויסע אָפּטיילונג סאָלדאַטן פון דער „עטאַפּנאַיאַ קאָמאַנדאַ" האָט אונדז אַרומגערינגלט מיט אַנטבלויזטע שווערדן... די שווערע תפיסה־טויערן האָבן זיך, סקריפּענדיק, געעפנט און מ׳האָט באַפוילן צו רירן.

איבער די פּראָווינציעלע גאַסן איז געוואָרן אַ באַוועגונג. אַלט און יונג, קינד־און־קייט האָט אונדז פון די זייטן נאָכבאַגלייט. דער עיקר האָט גע־צויגן די אויפמערקזאַמקייט דער אַרעסטאַנט אין קייטן. ווי אַן אַנדער אַרעס־טאַנט דערציילט, שיקט מען עס אים אַוועק פאַר אַ מאָרד אויף קאַטאָרגע. כ׳האָב זיך געשעמט ווי אַ גנב און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, כדי נישט צו טרעפן זיך מיט די בליקן פון די נייגעריקע אויף דער גאַס. מיין „חבר" איז געגאַנגען נעבן מיר. כ׳וואַרף אויף אים פון אונטן אַרויף אַ בליק — ער ווישט זיך מיטן נאָזטיכל די אויגן...

— וואָס איז דאָס ?... — פרעג איך אים.

— כ׳בין נאָך אין מײַן לעבן מיט אַזעלכע קאַטאָרזשאַנעס נישט גע־גאַנגען...

— זײַט נישט קיין באבע !...

כ׳קוק זיך פאַמעלעך אַרום — אַלץ פון אונטן אַרויף... און ס׳ווערט מיר קאַלט און וואַרעם: מיר זענען באמת אין אַן אויסטערלישער געזעל־שאַפט. אַן עולם „בראַדיאַגעס״, אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע. דער טיפּ „מענטשן אָן פּאַספּאָרטן״, טונקעלע פּאַרשוינען, גנבים, שווינדלערס, פאַר־דעכטיקע „באַבעס״ אין פּאַטשיילעס מיט באָרוועסע, בלאָטיקע פיס, און בראש פון אונדז אַלעמען, אין דער ערשטער ריי — דער קאַטאָרזשניק אין קייטן. בײַ יעדן טראָט זײַנעם האָט עס אומהיימלעך געקלימפּערט: קלים! קלים! קלים!...

ביזן וואָקזאַל זענען שוין די גאַסן שוואַרץ געווען. אַ נס, וואָס כ׳בין אין מיליטער־קליידער, און אַ נס, וואָס אין אַ ווילד פרעמדער שטאָט...

קוים דערלעבט צו דערזען זיך אין דעם פאַרקראַטעוועטן אַרעסטאַנטן־וואַגאָן...

און ווידער געפאָרן...

די ריכטונג — אַ פאַרקערטע... פון פּאָלעסיע קיין אוקראַיִנע...

אַ טאָג, אַ נאַכט.

אין דער פינצטער קריכט מען איבערן בערדיטשעווער אײַזנבאַן־פּלאַנט. אין מוח טוט חוזקדיק אַ בליץ: פירמע „פּיִיטלזאָן״... גלײַך ווי דער אַשמדאי אַליין וואָלט עס מיר אין די אויערן אַרײַנגעהילכט: „פירמע פּײַטלזאָן...״

אַ גרויער, רעגנדיקער באַגינען.

די קליינבאַן איז צוגעקראָכן מיט אַ שווערן סאָפּען און קרעכצן צום וואָקזאַל פון דער וואָלינער רעזידענץ. — —

— זשיטאָמיר! — —

אַ נס, וואָס ס'איז נאָך געווען צו פּרי און וואָס דער רעגן האָט כּסדר געגאָסן: די גאַסן זענען דעריבער טאַקע געווען ליידיק, אויסגעשטאָרבן.

אונדזער גאַנצע „קאָמאַנדע" איז לכתּחילה געבראַכט געוואָרן אין דער שטאָט־תּפיסה. דאָרט האָט מען אײַנגעקוואַרטירט דעם עולם אַרעסטאַנטן און מיך אַליין האָט מען פון דאָרט אָפּגעשיקט צום „וואָיִנסקין".

25

# די קאַצן־מוזיק אין ראָטע...

זייגער צען אין דער פרי פירט מיך אַ סאָלדאַט אין דער ריכטונג צום לאַגער — אין פּאָלק אַרײַן...

איך גיי און איך שוידער... ברררר... דאָס ערגסטע איז — דער ערשטער ברוך־הבא...

אָט לאָזן זיך שוין אויס די גאַסן פון שטאָט...

עס ווײַזן זיך פון דער ווײַטנס די רייען פון די פּאַלאַטקעס... אָט דאָרט אין מיטן איז די נײַנטע ראָטע...

ברררר! קאַלט!... עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן...

מיר קומען צו צו דער ליניע פון דער נײַנטער ראָטע.

— דעזשורני! — רופט אויס מײַן באַגלייטער.

עס לויפט פון דער זײַט אַ יעפרייטאָר מיט אַ בינטל שליסלען.

דערזעענדיק מיך, בלײַבט ער שטיין אַ פאַרחידושטער, טוט אַ פּאַטש אַ האַנט אָן אַ האַנט און לאַכט זיך ווילד פונאַנדער.

— זדראַוו, קראַסאַוושיק! — שרײַט ער אויס צו מיר לאַכנדיק.

איך ענטפער נישט.

דער דעזשורני פליט אַוועק אָנזאָגן אין ראָטע די „סענסאַציע"...

גראָד, צוליבן רעגן, זענען נישט פאָרגעקומען הײַנט קיין איבונגען און דער גאַנצער עולם איז געזעסן אין די פּאַלאַטקעס בײַ „סלאָוועסנאָסט".

פון אַלע פּאַלאַטקעס האָבן זיך געטומען שיטן סאָלדאַטן מיך „מקבל־פּנים" זיין... ס'איז געוואָרן אַ געשריי, אַ ליאַרעם:

— הוראַ! הוראַ! הוראַ!

— פּאָימאַלי!...[85]

— פּאָימאַלי!...

— ער איז דאָ, דער העכטל!

— אָט איז ער! אָט איז ער!...

צו מיר קומט צו דער פעלדפעבל, קוקט מיך אָן איראָניש, שווייגט אַ ווײַלע און שיסט אויס:

— זדראַוו!

— זדראַוויאַ זשעלאַיו, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק... — ענטפער איך מיט אַ שטילן געבראָכענעם קול און פאַר די אויגן זע איך בעת־מעשׂה טאַנצנדיקע קײַלעכדיקע רעדער, ווי בעת אַ היצקרענק...

— נו? — קוקט ער ווײַטער און שמייכלט. — נישט געלונגען, האַ? איך שטום.

— פאַר וואָס ענטפערסטו נישט, באַלוואַן?... גאַוואַרי![86]

— ניקאַק ניעט, גאָספּאָדין פּאָדפּראַפּאָרשטשיק! — רעד איך קוים אַרויס.

— נו, נו, מיר וועלן זיך איצטער נעמען צו דיר! — טוט ער מיר אַ לייג זײַן פינגער אויף דער סאַמע נאָז. — מיר וועלן דיך שוין אָנלערנען, מערזאַוועץ!

„אָפּגעגריסט" זיך מיטן פעלדפעבל, קומט צו צו מיר מײַן „וזוואָדני", אויך אַ לאַכנדיקער:

— זדראַוו, מאָלאָדיעץ!

85 געכאַפּט.
86 רעד.

— זדראַוויאַ זשעלאַיו, גאָספּאָדין אונטער־אָפּיצירֹ!

— פאַר וואָס אַזוי שטיל? האָסט שוין עטלעכע טעג קיין קאַשע נישט געגעסן?... גראָמטשע![87]

שרײַ איך:

— זדראַוויאַ זשעלאַיו! גאָספּאָדין אונטער־אָפּיצירֹ!...

— כ׳הער נישט... — וויצלט זיך דער „וזוואָדני״ — יעשטשאָ גראָמ־טשע![88]

חזר איך איבער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל און פּאָלג ווי אַ גולם אַלץ, וואָס מ׳הייסט מיך...

נאָך דעם „באַגריסן״ זיך מיט מיר אַלע מײַנע לערערס: דער גרוזין, דער קאַצאַפּ פון טולאַ און אַלע איבעריקע „עלצטע״ מײַנע. יעדער איינער טימ זײַן „קבלת־פּנים״... און פון אַלעמען האָב איך די בעסטע צוזאָגן, די טײַערסטע הבטחות: ווער ס׳וועט מיך אָנלערנען בײַ דער „מאַרשיראָווקע״, ווער — בײַ „קאָלקאַ טשוטשעלאַ״ און ווער — בײַ דער „קאָבילע״, בײַ די „פּאַראַלעל־ברוסיעס״ און בײַ די „סאַלטאָ־מאָרטאַלעס״ פון טורניק...

איך שטיי און דער האָגל חוזקן און וויצן שיטן זיך אויף מיר פון אַלע זײַטן. דער עולם סאָלדאַטן קײַכט פון געלעכטער. יעדער „עלטסטער״ שטעלט מיר פראַגעס און איך מוז זיי אַלעמען ענטפערן. דאָס פּנים פלאַמט שוין אויף מיר און אין האַרצן שפּיר איך גלײַך ווי אַ מחנה שדים וואָלטן זיך צעטאַנצט אין מיר און מאַכן דאָרט שוואַרץ־שבת...

— — — — — — — — — — — — — —

---

87 העכער.
88 נאָך העכער!

## 26
# די שטראָף פון מיליאָנען...

דעם זעלבן טאָג נאָך בין איך שוין געזעסן הינטער די קראַטעס פון הויפּטוואַכט. אויף דער הייסער מינוט איז דאָס פּאַר מיר געווען אַן אמת אָרט פון דערלייזונג...

אין הויפּטוואַכט בין איך אָפּגעזעסן זיבן מעת־לעת און ווידער געגעסן קאַפּוסטע און די קאַלטע „פּאָרציעס" אויף העלצלעך. פאַר דער צײַט האָב איך געהאַט צוויי באַזוכן פון אָפיצירן דורך דאָס טיר־פענצטערל: איינער אַ פּאָרוטשיק איז געקומען אַלס שליח פון דער פּאָלק־קאַנצעלאַריע אויף אַ פאַרהער. כ'האָב אים, פאַרשטייט זיך, געזאָגט די אַלע צוגעגרייטע תירוצים — מײַנע אייגענע און דעם „גרויסמוטיקן" זשאַנדאַרמס... דער צווייטער אָפיציר איז געווען מײַן „ראָטני". ער איז סתּם געקומען אויסמוסרן און אויסזידלען, גלײַך ווי דאָס וואָלט געווען זײַן הייליקסטער חוב... ער האָט אויסגעשאָטן זײַן גאַנצע פּאָרציע זידלווערטער (באָלוואַן, סוקין סין, מער־זאַווען, פּראַכוואָסט, סוואָלאָטש און אַ היפּש ביסל נישט־צענזוראַבלע...) — אויסגעשאָטן און אַוועק...

אויפן זיבעטן טאָג איז געקומען אַ שליח פון מײַן ראָטע מיך אַרויס־צונעמען: די גאַנצע שטראָף, וואָס דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק האָט מיר געגעבן, איז — 20 מעת־לעת אונטערן ביקס, דאָס הייסט, אַז אין משך פון 20 טעג דאַרף איך, נאָך די איבונגען, שטיין יעדן טאָג צו צוויי שעה.

מנאַ, נישט געפּערלעך, אַ חוזק פאַר אַ סאָלדאַט...

דאָס איז אָבער געשען אין ערשטן האַלבן חודש יולי פון יאָר טויזנט נײַן הונדערט פערצן נאָך קריסטוסעס געבורט און מײַן שטראָף איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע — —

די דאָזיקע שטראָף איז, אמת, געווען נישט נאָר פאַר מיר — ס׳איז געווען די שטראָף און די קללה פאַר מיליאָנען:

מ־אָ־ב־י־ל־י־ז־אַ־צ־י־ע!!!

דער אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה!...

און איך בין געווען פון די ערשטע...

וואַרשע, האַרבסט 1927

